# בעשר אצבעותי
# מיט די אייגענע צען פינגער
## א. קריניצי

---

## A. KRINIZI
## MIT DI EIGENE ZEN FINGER



„LETZTE NYESS", TEL-AVIV, 1957
מסודר ונדפס בישראל
דפוס „הכרמל", תל־אביב

איך ווידמע דאָס דאָזיקע בוך דעם אָנדענק פון די אלע, מיט וועלכע איך בין צוזאמען געווען אין דער הייליקער ארבעט און אין הייליקן קאמף, און וואָס האָבן נישט זוכה געווען צו זען די פרוכט פון דער ארבעט און פון קאמף.

**א. ק.**

# אריינפיר

איך האָב באַשלאָסן אַרויסצוברענגען פון רשות היחיד אין רשות הרבים אַריין מיינע זכרונות פון די איבער 50 יאָר, וואָס איך געפין זיך אין לאַנד. איך טו דאָס צוליב צוויי טעמים:

א) אויפן היסטאָרישן שייד־וועג אין לעבן פון אונזער פאָלק מעג אויך אַ יחיד רעזומירן זיין לעבנס־וועג אינערהאַלב דעם גרויסן כלל. דורך דעם וועט בלייבן אַ זכר פון פאַקטן, ענינים, דערשיינונגען, ווי אויך צופאַלן, וואָס וועלן אפשר צוליב פאַרשידענע סיבות נישט דערמאָנט ווערן דורך אַנדערע.

ב) פון מאָל צו מאָל הערן זיך פּאָלעמישע שטימען וועגן דעם חלק און צושטייער פון דעם אָדער אַנדערן טייל פון ישוב אין דעם באַפרייאונגס־קריג. פּאָליטישע באַוועגונגען פירן אַ שטרייט צווישן זיך. די „הגנה" און די אונטערגרונט־באַוועגונג — יעדע איינע פאָדערט פאַר זיך דעם גרעסטן זכות און אויך יחידים־פּערזענלעכקייטן טוען דאָס זעלבע. דעריבער האָב איך זיך געזאָגט: זאָל קומען איינער אַ פּשוטער בירגער, וועלכער האָט נישט קיין „אָפיציעלן וואָרטזאָגער" און נישט קיין פּאַרטייאיש הינטער־לאַנד און דערציילן וועגן דעם חלק פון אַ סתם־ייד אינעם ציוניסטישן און ישוב־ווערק; וועגן זיין אָנטייל אין אויפבוי און אין קאַמף; דעם אָנטייל פון אַ מענטש, וואָס האָט קיינמאָל נישט געפרעגט וועגן קלאַסן־ אָדער פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט פונעם קעמפער און בויער, האָבנדיק דעם גלויבן און באַוווסטזיין, אַז יעדע טאַט, וואָס איז באַזויכט פון אהבת־ישראל, אהבת־ארץ־ישראל און פון אָפּהיטן דעם כבוד פון ישראל — איז אַ גוטע טאַט.

איך בין אַ סטאָלער. מיט מיינע צען פינגער האָב איך אָנגעהויבן און מיט אייזן־מאַשינען זען איך פאַר די דאָזיקע מלאכה ביז היינט. איך האָב אָבער אויך געהאַט אויף אַן אַנדער אופן צו טאָן מיט האָלץ און אייזן. איך האָב ליב דעם לעבעדיקן בוים און האָב אים געפלעגט, אָפּגעגעבן זיך מיט אים; איך האָב ליב דאָס אייזן, וואָס באַשיצט דאָס לעבן און זיך מטפּל־געווען מיט אים. אויך וועגן דעם וועט דערציילט ווערן אין די קומענדיקע זכרונות־קאַפּיטלעך.

און צום שלוס פון דער קורצער הקדמה — אייניקע ווערטער צו די יידישע לייענער.

עס איז פאַר מיר אַ באַזונדערע פרייד צו זען מיינע זכרונות־קאַפּיטלעך

אין יידיש — אין דער איבערזעצונג פון מיין פריינד אליעזר רובינשטיין — די שפּראַך, אין וועלכער איך האָב זיך דערצויגן אין מיין היים־שטאָט, גראָדנע; די שפּראַך פון מיליאָנען יידן אין פּוילן און ליטע, וואָס זענען, ליידער, שוין מער נישטאָ; די שפּראַך, וואָס איז מיר נאָענט און טייער, און איך האָב זי נישט פאַרגעסן ביזן היינטיקן טאָג, במשך פון די איבער 50 יאָר פון מיין זיין אין לאַנד.

די זכרונות־בלעטלעך אין יידיש וועלן געבן די נייע עולים אַ מעג־לעכקייט צו באַקענען זיך מיט אַ קאַפּיטל געשיכטע פון נייעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל; פון קאַמף, ראַנגלענישן און — טאָט. זיי וועלן זיך באַ־קענען מיט די ערשטע טריט פון אַ „נייעם עולה" מיט 50 יאָר צוריק און מיט דעם גרויסן כוח פון ליבשאַפט צום לאַנד און גלויבן אין מאָרגן, וואָס האָט אים געשטאַרקט אין שווערע טעג.

די דאָזיקע ליבשאַפט צום לאַנד און גלויבן אין דער צוקונפט פונעם גרויסן ווערק, וואָס ווערט דאָ געשאַפן פאַרן גאַנצן יידישע פאָלק, דאַרפן זיין דער קוואַל, פון וועלכן עס זאָלן שעפן זייער כוח די געקומענע אין לאַנד נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה, און די אַלע וואָס וועלן נאָך קומען, כדי צוזאַמען מיט אונז בויען די היים פון יידישן פאָלק.

אויב די דאָזיקע זכרונות־בלעטלעך וועלן עפּעס וואָס ביישטייערן צו דעם — וועט דאָס זיין מיין באַלוינונג.

**אברהם קריניצי**

רמת־גן, תשי״ז.

# ווארצלען אין בלוט און אין גייסט

ווייל אַ בוים אין פעלד איז דער מענטש.

און עס טוען גוט די אַלע, וואָס רעדן און שרייבן וועגן אַ יחוס־בוים.

ווייל אַ בוים אין פעלד איז דער מענטש.

און דעריבער זאָלן מיר אויפדעקן די וואָרצלען פונעם בוים, און נישט בלויז דערפאַר, ווייל עס איז גוט דעם מענטשן אומצוקערן זיך, אין האַרץ און אין געדאַנק, צו זיינע וואָרצלען, און נישט בלויז, ווייל ער איז דאַנק־באַר די, וואָס פון זייערע וואָרצלען האָט ער געזויגן, נאָר אויך דערפאַר, ווייל עס דוכט זיך אים, אַז עס איז פאַראַן אַן אַלגעמיינער ענין אינעם אַרויס־ברענגען יענע געשטאַלטן, וואָס זענען שוין מער נישטאָ — נישט זיי און נישט אַזעלכע ווי זיי זענען געווען, כאָטש זייער פיל, פיל מער ווי עס דוכט זיך, זענען די גוטע פּירות, וואָס זענען געבליבן פון זיי און פון וועלכע מיר געניסן ביזן היינטיקן טאָג.

און פיר זענען זיי, וואָס איך וועל זיי דערמאָנען און וואָס האָבן געלייגט זייער חותם אויף מיין לעבן און פאָרמירונג פון מיין געדאַנק.

מיין באָבע — הדסה קריניצי;

מיין רבי — הרב יאָדלער;

מיין פאַך־און אַרבעטס־רבי — ר׳ אריה סאָבאָל, אָדער ווי מען האָט אים גערופן, ר׳ אריה דער משוגענער.

און מיין זיידע — דער סטאָלאַר ר׳ יהודה אַבראַמאָוויטש.

די באָבע מיינע — ווי זי וואָלט מיר נאָך היינט געשטאַנען פאַר מיינע אויגן: אַ קליינע, טראָגט ברילן, אין וועלכע עס פעלט תמיד איין גלעזל, הילט זיך איין אין אַ טוך מיט גרויסע בלומען און דאָס איז אַ טוך, וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך פון ירושלים. און זי האָט אויך געבראַכט מיט זיך פון הייליקן לאַנד בענדער, אַ גאַנצער אוצר פון בענדער אין פאַרשי־דענע קאָלירן, און פונקט ווי איך געדענק זי תמיד מיט יענע ברילן אָן איין גלעזל, אַזוי זע איך זי שטענדיק מיט פולע הענט בענדער, ווי זי צעטיילט זיי ווידעראַמאָל און ווידעראַמאָל מתנות פאַר פרויען און קינדער — דער אַ רויטן און דער אַ גריגעם און דער אַ געלן און דער אַ בלויען. די קינדער בינדט זי זיי אַרום די הענטלעך, אָדער אַרום די פיסלעך, אָדער אַרום די העלדזלעך — אַ סגולה קעגן אַן עין־הרע, חס ושלום, ווייל מיט די דאָזיקע בענדער האָט זי דאָך מיט די אייגענע הענט אויסגעמאָסטן דעם קבר פון

דער מוטער רחל און צי איז נאָך פֿאַראַן אין דער וועלט אַ בעסערע סגולה ווי די דאָזיקע בענדער, וואָס האָבן באַרירט די טייערע ערד פֿון רחל אמנו?

און די באָבע הדסה פֿאַרמאָגט אויך אַ פֿאַרגרעסער־גלאָז — פּלאַי־פּלאַים! און דורך דעם גלאָז ווייזט זי אונז נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל דעם כותל המערבי, די מערת המכפּלה, דעם קבר רחל, און אַצינד יפו און אָט איז ירושלים. און אונזערע אויגן זעען און אונזערע אויערן הערן די וווּנדער־געשיכטעס פֿון די דאָזיקע אַלע ערטער און די קליינע (און אפשר גרויסע) הערצלעך הויבן־אָן קלאַפּן שטאַרקער... און אָט דערציילט זי וועגן דעם וועג, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט ביז זי איז געקומען אין הייליקן לאַנד, וועגן דער נסיעה אויפֿן ים, וועגן די קעמלען, וואָס מען רייט אויף זיי אין קאַסטנס צוויי טעג און אַ נאַכט פֿון יפו קיין ירושלים עיר הקודש און כּדי צו דערהאַלטן די גלייכגעוויכט — און דער קליינער באָבע הדסה האָט אַ סך געפֿעלט צו גלייכגעוויכט — לייגט מען אַריין שטיינער אין די קאַסטנס כּדי „אויסצוגלייכן"ביידע זייטן. און זי דערציילט נאָך וועגן די יידן אין הייליקן לאַנד און וועגן אַראַבישע יידן און וועגן טערקישע יידן און וועגן טערקן ממש. און די יידן בויען דאָרט אַ גרויסע שול, וואָס הייסט „חורבת יהודה החסיד", אָבער די יידן האָבן שוין אָנגעהויבן אַרויסגיין אויסער דער חומה און זיי שטעלן שוין אויף אַ נייע שטאָט און רופֿן זי „מאה שערים" און זי האָט זיך אויך מיטבאַטייליקט און מנדב געווען פֿאַרן בויען די נייע שול אין דער נייער שכונה אין דער הייליקער שטאָט. און עס זענען אויך פֿאַראַן יידן, וואָס באַאַרבעטן די ערד אַרום ירושלים און זיי האָבן ווייַנ־גערטנער, און טייטלען און מילגרוימען, די מתיקות פֿון הייליקן לאַנד. און די באָקסערס — די באָקסערס פֿון „חמשה עשר" בשבט עסן ציגן. קומען מיר, קינדער, צו דער באָבע הדסה, וואָס איז אינגאַנצן ביי אונז ווי אַ וווּנ־דער־לעגענדע, ווייל זי קומט דאָך פֿון דאָרטן, פֿון ארץ־ישראל, און באַזונ־דערס שטייען מיר צו צו איר אין די שבתים צווישן מנחה און מעריב, אין די דאָזיקע זיסע בין השמשות־שעהן, און מיר בעטן זי זאָל דערציילן און דערציילן און דערציילן, וואָס מיר האָבן שוין נישט איין מאָל געהערט און קיינמאָל נישט אָנגעזעטיקט אונזער נייגער.

עטלעכע יאָר איז די באָבע הדסה געווען אין ארץ־ישראל, ביז זי האָט פֿאַרלוירן דאָס געדולד צו וואַרטן אויפֿן טויט. זי האָט זיך אומגעקערט צו איר משפּחה און דרייצן יאָר איז זי נאָך געווען מיט אונז נאָך איר צוריק־קומען און פּלוצלינג, אין אַ פֿראָסטיקער ווינטער־נאַכט, חנוכה, האָט זי בקי־צור אָבער מיט פּשטות, אַ זאָג־געטאָן, אַז זי קערט זיך אום קיין ירושלים.

ס'האָט נישט געהאָלפֿן דאָס בעטן זיך ביי איר און דאָס צורעדן זי זאָל לפּחות אָפּלייגן די נסיעה אויף זומער. זי איז געפֿאָרן, ס'איז די ווינטער־

צייט פון יאָר און די באָבע הדסה איז שוין אין ווינטער פון אירע יאָרן און זי איז געפאָרן. און זי איז בשלום אָנגעקומען קיין ירושלים און קורץ נאָך דעם, אַפילו נישט קיין חודש, איז זי דאָרט געשטאָרבן און געבראַכט געוואָרן צו־קבורה אויפן הר הזיתים.

הלוואי איך זאָל נאָך זוכה זיין צו גיין אויפן קבר פון דער באָבע הדסה, וואָס אירעביינער זענען אויפן הר הזיתים און איר געשטאַלט — איז מיין נשמה.

*

און איצט זאָל דערשיינען פאַר מיר מיין רבי, ר׳ יאָדלער. נישט מער ווי צוויי יאָר בין איך געווען זיין תלמיד, אין עלטער פון 12—14 יאָר. און דער עיקר לערנען אין זיין „חדר" — יידישע געשיכטע, און דער „חדר" — ביי אים אין שטוב, אַ קליינע און באַשיידענע דירה און זויבער צו באַוווּנדערן. זי איז נאָענט צו דער „חיי אדם"־שול, וווּ ר׳ יאָדלער איז רב, און גיט אַ שעור צוויי מאָל אין טאָג, אין דער פרי און פאַרנאַכט. און די צוהערער פון דעם שעור זענען פשוטע יידן פון שטאָט, באַלעגאָלעס און טרעגער, אַזעלכע, וואָס אויף זיי איז געזאָגט געוואָרן אין דער יום־כיפורדיקער תפילה: „בנפשו יביא לחמו". און דאָס ברויט איז שוואַרץ אַ גאַנצע וואָך, נאָר שבת קומט־אַראָפּ דאָס ליכט אויף אים און איז ווייס. און ר׳ יאָדלער איז די „נשמה יתירה" זייערע. זייערע בליקן הענגען אויף יעדן וואָרט, וואָס גייט אַרויס פון זיין מויל, און איז ביי זיי הייליק און זיי זענען ביי אים „ישראל עם קדושים". און אָט דער דאָזיקער ר׳ יאָדלער, דער רב פון די טרעגער און באַלעגאָלעס, האָט אונז געלערנט תנ״ך און יידישע געשיכטע. און ווי ער האָט ליב געהאַט זיינע יידן פון דער „חיי אדם"־שול, אַזוי האָט ער ליב געהאַט די יידן, ווייטע אין צייט, ווי זיי וואָלטן ממש געלעבט מיט אים און אַזוי האָט ער איינגעפלאַנצט אין אונזערע הערצער אַ ליבע צו זיי, אַז מיר האָבן געלעבט מיט יענע אַלע דורות, מיטגעלעבט דעם צער פון יידן, וואָס פּלאָגן זיך אונטער זייערע באַדריקער און געפרייט זיך ביז טרערן מיט די יידישע גבורים, ווען זיי באַזיגן זייער פיינט.

קיין „אָטמיעטקעס" האָט ר׳ יאָדלער נישט געגעבן זיינע תלמידים. און אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן איז געווען אונזער שכר און ווער שמועסט נאָך אַז איינער האָט די זכיה געהאַט צו פילן אויף זיין קאָפּ אַ גלעט פון זיין גוטער האַנט. און אַ באַשטראָפונג? יאָ, עס זענען געווען באַשטראָפונגען און זיי שווערסטע פון זיי אַלע — דער צער פון דעם דאָזיקן לויטערן האַרץ.

און עס זענען אויסגעוואַקסן תלמידים און זיך צעשפּרייט איבער אַלע עקן וועלט, אָבער דאָס וואָס ר׳ יאָדלער האָט פאַרזייט אין די הערצער איז

נישט אָװעקגעקומען. און צוריקקומענדיק דאָס ערשטע מאָל פֿון ארץ־ישׂראל אין מײַן היים־שטאָט, װי נאָר איך האָב זיך אַרומגעװאַשן פֿון װעג, בין איך אַװעקגעלאָפֿן צו אים, צו ר׳ יאָדלער, טראָגנדיק אין מײַנע הענט די פֿלאַש װײַן פֿון ארץ־ישׂראל, װאָס איך האָב אָנגעגרייט פֿאַר אים. און ער האָט מיך אַװעקגעזעצט לעבן זיך און געגלעט מיך, װי אין יענע יאָרן װען איך בין נאָך געװען אַ קינד, און געזאָגט: „צי װייסטו צו װאָס פֿאַר אַ מדרגה דו האָסט דערגרייכט? דו האָסט געאַרבעט אין ארץ־ישׂראל, אין אונזער הייליקן לאַנד, צי איז נאָך פֿאַראַן עפּעס גרעסער פֿון דעם? און אַז איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין צוריקגעקומען בלויז אויף אַ שטיקל צייט און איך האַלט ביים אומקערן זיך קיין ארץ־ישׂראל, האָבן אויפֿגעפֿינקלט אין זיינע אויגן טרערן פֿון פֿרייד. ער האָט מיר געגעבן אַ ברכה און געזאָגט: „דו װייסט פֿאַרװאָס איך װיין? איך בין גליקלעך, װאָס לפּחות מיינער אַ תּלמיד װעט לעבן אין אונזער לאַנד״.

און אַז איך זע אַרום זיך צענדליקער טויזנטער יידישע קינדער, כּן ירבו, האָב איך נישט ביי מיר אין האַרצן קיין מער װאַרעמע ברכה פֿאַר זיי, װי: הלוואַי זיי זאָלן זוכה זיין צו האָבן אַזעלכע לערער, װאָס ליבשאַפֿט איז דער שורש פֿון זייער נשמה, װי עס איז געװען דער דאָזיקער מורי ורבי ר׳ יאָדלער.

*

און אויב די באָבע הדסה האָט אויפֿגעלעבט פֿאַר מיר דאָס לאַנד, און ר׳ יאָדלער — אונזערע אבות פֿון אונזער װייטן עבר, איז דער דריטער, װעגן װעלכן איך װיל דערציילן, אַ „בעל מופֿת״ פֿון אַן אַנדער שטייגער: ער האָט אויפֿגעלעבט פֿאַר מיר דאָס האַלץ און די האָלץ־מלאכה.

מיין מייסטער ר׳ אריה סאָבאָל.

אין קיין קונסט־אַקאַדעמיע האָט ער נישט געלערנט און איך װייס נישט, צי ער האָט געלערנט אין אַ װעלכער ס׳איז שולע, אָבער די קונסט איז געװען דער תּמצית פֿון זיין לעבן און ער האָט זיך מיט איר אָפּגעגעבן טאָג־און־נאַכט. און אַז ר׳ אריה פֿלעגט אויסשניצן אַ בלום אין האָלץ, האָט זיך דערװעקט אין דיר אַ חשק צוגיין און אַ שמעק־טאָן, װייל די בלום איז ממש געװען װי אַ לעבעדיקע. גאַנצע פּאָעמעס, אויסגעטאָקטע און אויסגעשניצטע אין האָלץ, פֿלעגן אַרויסקומען פֿון אונטער זיינע הענט און פֿון זיין נשמה.

ער איז, פֿאַרשטייט זיך, געװען אַ פֿרומער ייד, אָבער אַז ער איז געװען אַריינגעטאָן אין זיין אַרבעט איז פֿאַרשװוּנדן געװאָרן פֿאַר אים די גאַנצע װעלט און די צייט איז װי אויסגערונען געװאָרן. הימל און ערד זענען פֿאַר־

געסן געוואָרן, ער רייסט נישט איבער זיין אַרבעט, כדי עפּעס צו עסן און נישט כדי צו דאַוונען. צוואַנציק שעה האָט ער אַזוי געקענט זיין פאַרטאָן אין זיין אַרבעט אין אַ צושטאַנד פון עקסטאַז. און איבעריק צו זאָגן, אַז איז די דאָזיקע שעהן טאָר קיין מענטש נישט דערנענטערן זיך צו אים.

און ווי די אַרבעט איז געווען ביי אים דער עיקר, האָט ער קיין סך נישט פאַרשטאַנען דעם ווערט פון געלט און כאָטש זיינע קליענטן זענען די בעסטע אין לאַנד, הויכע לייט און עשירים ביז צום סאַמע צאַרישן הויף, איז ער נישט בתעשר געוואָרן פון די פרוכטן פון זיין קונסט און געלעבט אַן אָרעם לעבן. און פונדעסטוועגן האָט ער געהאַט זיינע אייגענע אוצרות, מיט וועלכע ער האָט שטאָלצירט. — האָלץ, האָלץ פון יעדן מין און סאָרט אין דער וועלט. ער האָט ליב געהאַט זיך מתייחד זיין מיט די שטיקער האָלץ אויפן בוידעם פון זיין שטוב און מיר האָבן געוווּסט, אַז נאָך אַזעלכע שעהן פון התייחדות וועט געבוירן ווערן אַ נייע יצירה, וואָס וועט אַרויסרופן באַ־וווּנדערונג.

און עס איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן צו זיין אַ תלמיד ביי אים. און דאָס מערקווירדיקסטע: ער איז קיינמאָל נישט געווען אין כעס צוליב די פעלערן, וואָס דו האָסט געמאַכט אין דיין אַרבעט, נאָר ער פלעגט נעמען אַ האַק און צעברעכן, האָט עס אַפילו געמעגט זיין אַ מעבל־שטיק פאַרן אַרויסענדיקן. און ער פלעגט זאָגן: איך האָף אַז דאָס צווייטע מעבל־שטיק, וואָס דו וועסט מאַכן אָנשטאָט דעם, וועט זיין בעסער. ווייזט אויס, אַז צוליב דעם האָט מען אים גערופן ר׳ אריה דער משוגענער. אַ מענטש וואָס איז נישט חס אויף קיין אַרבעט און צייט און געלט צוליב אַ קליינעם פעלער! ווען ער וואָלט געלערנט, וואָלט ער געוויס דערגאַנגען צו ווערן עפּעס אַ פּראָפעסאָר פאַר קונסט, נאָר אַזוי־ווי ער האָט נישט געלערנט, איז די קונסט געווען דער גאַנצער איבהאַלט פון זיין לעבן. און כאָטש ער האָט נישט געלערנט, האָט ער אַנדערע געלערנט און וואָס האָט ער געלערנט: פּינקטלעכקייט, שיינקייט, פולקאָמענהייט.

זייט דאַן האָב איך געזען פיל אויסשטעלונגען, אָבער אַזאַ שיינקייט, וואָס איך האָב ביי אים געפונען, האָב איך שוין מער קיינמאָל נישט געזען.

*

איך האָב אָנגעהויבן מיט דער באָבע, איך בין אַריבער צו מיינע רבים און איך וועל פאַרענדיקן מיט מיין זיידן, ר׳ יהודה אַבראַמאָוויטש. איך גע־דענק אים פון ווען ער איז שוין גרוי געווען, זיין באָרד אינגאַנצן ווייס און שיין פאַרקעמט, אָבער ער איז נאָך פעסט געבויט, אַ הויכער און ברייט־פּלייציקער. די קאַפּאָטע זיינע — אַ גרויע ביז מנחה. פון מנחה איז די

קאַפּאָטע אַ שוואַרצע, זיין העמד ווייס־ווייס און אַרום האַלדז אַ שוואַרצער באַנד און די שיך תמיד אָפּגעפּוצטע און בליאַסקענדיקע.

און דאָס אַלץ — פאַרוואָס?

ווייל ביז מנחה־צייט איז מיין זיידע, ר׳ יהודה, געווען אַ סטאָלער און פון מנחה און ווייטער — אַ רב. אמת, קיין „סמיכה" אויף רבנות האָט ער נישט געהאַט, אָבער אויך נישט קיין געהאַלט פון זיין רבנות. און אין וואָס איז באַשטאַנען זיין רבנות? נעבן זיין שטוב איז געווען אַ שול און די מתפּללים זענען געווען „עמך" ממש, בעלי־מלאכות און באַלעגאַלעס און טרעגער אד"גל. און מיין זיידע פלעגט מיט זיי לערנען, און נישט בלויז לערנען, נאָר אויך זיין זייער ראַטגעבער אין אַ גויט.

ער האָט שטאָלצירט מיט זיין מלאכה — סטאָלעריי — וואָס ער האָט איבערגענומען נאָך פון זיין זיידן און נאָך גרעסער איז געווים זיין שטאָלץ, ווען ער קוקט אַראָפּ פון די הימלען צו דער סטאָלעריי־אַרבעט פון זיין אייניקל היינט... און אויב זיין פּרנסה איז נישט תמיד געווען בשפע, האָט ער קיינמאָל נישט געוואָלט נעמען קיין הילף פון מיין פאָטער. פונקט אַזוי ווי ער האָט אויך אויף דער עלטער נישט געוואָלט אויסטאָן זיין גרויע קאַפּאָטע, די אַרבעטס־קאַפּאָטע, אַזוי האָט ער אויך נישט אויפגעהערט לערנען תורה. און ער איז געווען אַ כופר אין דעם וואָס איז ביי אַ סך אָנ־גענומען, אַז מלאכה מאַכט דעם מענטשן פּראָסט און פאַר אַן עם הארץ. געוויס, אויב עמי הארצים פאַרנעמען זיך מיט מלאכה בלייבן זיי דאָס וואָס זיי זענען, אָבער נישט די מלאכה איז די סיבה פון דעם.

און נאָך אַ קאַפּאָטע האָט מיין זיידע, ר׳ יהודה אַבראַמאָוויטש, געהאַט: די שוואַרצע אַטלאַסענע קאַפּאָטע, וואָס איז אויף־שבת.

און אַז עס איז אַנטשטאַנען אין מיין משפּחה דער שטורמישער ויכוח וועגן מיין ווילן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, האָט ער זיך אויך אָנגע־שלאָסן צו די, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז איך זאָל פאָרן, און ער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט קיין ברכה אויפן וועג, נאָר אויך צוגעגעבן ממשות־דיקע זאַכן — אַרבעטס־געצייג, וואָס ער האָט געמאַכט מיט זיינע אייגע־נע הענט.

„איך פאַרמאָג נישט קיין ירושה און נישט קיין געלט מיטצוגעבן דיר, נאָר די דאָזיקע כלים, וואָס איך האָב אַליין געמאַכט, נעם מיט אויף דיין נייעם וועג".

און עס איז ביי מיר נישט געווען קיין טייערערע מתנה, ביז עס איז געקומען די שריפה אין מיין פאַבריק אין רמת־גן און די דאָזיקע כלים זענען אַוועק מיטן פייער.

און דאָס האַרץ האָט שטאַרק געוויינט אויף דעם דאָזיקן אָנדענק־גע־

שאַנק, וואָס עס האָט געמאַכט מיט זיינע אייגענע הענט מיין זיידע, דער סטאָלאַר. וואָס האָט נישט איבערגעריסן זיין אַרבעט און נישט איבערגעריסן דאָס לערנען כמעט ביז צו זיין לעצטער מינוט. צוויי טעג נאָך דעם ווי ער האָט אויפגעהערט צו טאָן די ביידע זאַכן איז ער נפטר געוואָרן.

*

טייערע געשטאַלטן נישט בלויז פאַר מיר. דאָס זענען טייערע געשטאַלטן פון אַ פאָלק־מיט־וואָרצלען, וואָס איז אַמאָל געווען.

# א. מזל חנוכה

איך בין געבוירן געוואָרן אין גראָדנע, כ״ט כסלו, חנוכה, תרמ״ז (1886).

דאָס הויז פון מײַנע עלטערן איז געווען אַ הויז פון יידישן מיטלשטאַנד אין אַלע הינזיכטן: מאַטעריעלן, געזעלשאַפטלעכן און גײַסטיקן. מײַן פאָטער איז געווען אַ בוי־אונטערנעמער ביי דער רעגירונג און דערגאַנגען צו אַ געוויסער שטופע פון פאַרמעגלעכקייט. די בילדונג פון די עלטערן איז געווען אַ מיטלמעסיקע. קיין ציוניסטן זענען זיי נישט געווען, אָבער צו אַסימילאַציע זענען זיי נישט געקומען.

צו 15 יאָר האָב איך פאַרלאָזט דעם „חדר״ און אַוועק לערנען סטאָלערײַ. צוערשט האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד״. דאָס איז געווען דער שטורעם־פעריאָד פון „בונד״, וואָס האָט דאַן געהערשט, ווי די פאַרטיי פון יידישן אַרבעטער.

שפּעטער בין איך צוגעשטאַנען צו דער „פועלי־ציון״־פאַרטיי. בראש פונעם „פועלי־ציון״־סניף ביי אונז אין שטאָט זענען דאַן געשטאַנען לייב יפה, חנה מייזל און נח באָס. ווייזט אויס, אַז איך האָב אַרויסגעוויזן איבערגעגעבנקייט און לייסטונגס־מעגלעכקייט אין דער פאַרטיי־אַרבעט, וויי: נישט געקוקט אויף מײַן יונגן עלטער, בין איך נאָך אַ קורצער צײַט אויסגעוויילט געוואָרן אין אָרטס־קאָמיטעט. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אויך אָנגעפירט מיט די פאַרטיי־אָפּטיילונגען אין דער געגנט ווי סאָקאָלקע, קרינקי (אין דעם סניף איז דאַן געווען אַ מיטגליד ישראל קאָרנגאָלד). צוויי ענינים זענען דאַן געשטאַנען אין צענטער פון פאַרטיי־לעבן: אָרגאַניזירן אַ זעלבסט־שוץ און דער שטרייט מיטן „בונד״ און פּ.פּ.ס. — די פּוילישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי, צו וועלכער עס זענען צוגעשטאַנען פיל יידן. איך בין אַרויסגעטראָטן אין שולן מיט אַגיטאַציע־רעדעס פאַרן ציוניזם און ארץ־ישראל, שילדערנדיק אונזער מצב אין גלות, און קעגנזאַץ צו די אָפּטימיסטישע שילדערונגען פון די בונדישע אַגיטאַטאָרן און די פּ.פּ.ס.־אַסימילאַטאָרן.

אין דער פאַרטיי האָבן זיך דאַן אָנגעצייכנט צוויי ריכטונגען: די „מינסקער״ („מינסקער טאָלק״) און „פּאָלטאַווער״ („פּאָלטאַווער טאָלק״). די ערשטע האָט געהאַט אַ פּראָפעסיאָנעלן כאַראַקטער און די צווייטע איז געווען אַ פּאָליטיש־מאַרקסיסטישע. לייב יפה, אליעזר שוחט און חנה מייזל

האָבן געהערט צו דער „מינסקער" ריכטונג. ישראל שוחט און איך האָבן גענויגט צו דער „פּאַלטאַוועער".

פון דער ערשטער כוואַליע פּאָגראָמען, בעת וועלכער די זעלבסט־שוץ פון „פּועלי־ציון" האָט דערפילט אַ וויכטיקע אויפגאַבע, האָט באַזונדערס געליטן האָמעל. דאָס האָט געדינט אַלס שטויס־קראַפט פאַר דער ערשטער גרופּע פון דער פּאַרטיי עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און פירן דאָרט אַ לעבן פון אַרבעט און קאָמונע — דער ראָמאַנטישער אידעאַל פון מאַרק־סיסטן, ווי מיר. איך האָב אויך באַשלאָסן עולה צו זיין, אָבער מיט מיר איז עס נישט געווען אַזוי פּשוט. איך בין אַלט געווען 18 יאָר — פאַרן מיליטער־דינסט־עלטער. אין דעם איז געווען אַ געוויסע פאַרלייכטערונג, אָבער פון דער צווייטער זייט האָב איך נישט געקאָנט באַקומען קיין פּאַספּאָרט אָן דער דערלויבעניש פון די עלטערן; און זיי, ווי אַ סך יידן אין גלות אין יענע יאָרן — און בפרט, אַז די צייט האָט זיי „צוגעשפּילט" — האָבן נישט געוואָלט געבן מיר די נויטיקע דערלויבעניש, האַלטנדיק, אַז דער גאַנצער ענין האָט נישט קיין ממשות. אַ מענטש הויבט זיך אויף און פאַר־לאָזט אַ מער־ווייניק איינגעפונדעוועט לעבן און לאָזט זיך צום אומבאַקאַנטן. וואָס פאַראַ מין אַוואַנטוריזם! ניין, זיי וועלן נישט צולייגן זייער האַנט צו דעם.

אָבער איך בין שוין דאַן געווען זעלבשטענדיק. איך בין שוין נישט געווען אָפּהענגיק פון מיינע עלטערן אין עקאָנאָמישער הינזיכט און נאָך מער — איך האָב שוין געהאַט אָפּגעשפּאָרט אַ געוויסע סומע אויף די רייזע־הוצאות. די איינציקע שוועריקייט איז געווען דער פּאַספּאָרט. און צוליב אַ שטיקל פּאַפּיר מיט סטעמפּלען וועל איך נישט פאָרן קיין ארץ־ישראל?!...

איך האָב באַשלאָסן אַריבערצוגיין די גרענעץ אָן אַ פּאַספּאָרט. אין צענדליקער יאָרן אַרום האָט מען אַזאַ גיין איבער גרענעצן אָנגערופן מיט ספּעציעלע נעמען: „בריחה", „העפלה". זשאַבאָטינסקי האָט געזונגען אַ לויב־געזאַנג דעם „נאַציאָנאַלן ספּאָרט" פון עולה־זיין קיין ארץ־ישראל אָן פּאַס־פּאָרטן און וויזעס. אין יענע טעג האָבן נאָך די דאָזיקע ווערטער נישט געהאַט אַזעלכע נעמען.

איך האָב געפּרוווט און... דורכגעפאַלן. די גרענעץ־וואַך האָט מיך גע־כאַפּט. פינף וואָכן האָט מען מיך „טראַנספּאָרטירט" פון טורמע צו טורמע. נאָר היות איך בין נאָך נישט געווען אין שטראָף־עלטער, האָט מען צום סוף צוריקגעשיקט מיך, ווי אַ פאַרזינדיקט קינד, אַהיים צו די עלטערן.

— און וואָס וועט זיין ווייטער? — האָט דער טאַטע געפרעגט דעם ווידערשפּעניקן זון.

— איך וועל ווידער גיין.

— און אויב מען וועט צו דיר שיסן אויף דער גרענעץ?

— דו קאָנסט אויסמיידן דעם דאָזיקן פאַרגעניגן. גיב מיר אַ פּאַספּאָרט און איך וועל זיך לאָזן מיטן גלייכן וועג.

דער דאָזיקער „אולטימאַטום" האָט געווירקט. מיט אַ פּאַספּאָרט אין האַנט בין איך אַוועק קיין אָדעס, דער רוסישער טויער צו דרום, קיין ארץ־ישראל. איך האָב געהאַט ביי זיך אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו פון בצלאל יפה, דעם „מורשה" פון די חובבי־ציון אין גראָדנע, צו דרויאַנאָוו, דעם סעקרעטאַר פון אָדעסער קאָמיטעט, וואָס איז דאַן געווען דער צענטער פון ציוניסטישן לעבן אין רוסלאַנד. און ווידער האָט אַ „וואַך" געפּרווט מיך פאַרהאַלטן אויפן וועג קיין ארץ־ישראל, אָבער נישט קיין רוסישע „וואַך", נאָר אַ... יידישע.

אין קאָמיטעט פון די אָדעסער חובבי־ציון איז דאַן געווען אַ נייגונג נישט צו העלפן אין דער עליה קיין ארץ־ישראל. פאַרוואָס? ווייל אין לאַנד איז דאַן פאָרגעקומען ממש אַ „רעוואָלוציע". דער באַראָן עדמונד דע־ראָטשילד, דער „נדיב הידוע", האָט איבערגעגעבן די קאָלאָניעס צו דער יק"א.

איך בין, ווייזט אויס, געווען אַ רעוואָלוציאָנער און האָב נישט מורא געהאַט פאַר אַזעלכע „רעוואָלוציעס". איך בין גלייך אַוועק צו דרויאַנאָוון מיטן רעקאָמענדאַציע־בריוו, אין וועלכן עס איז אויך געווען אַ ביטע צו פאַרלייכטערן מיר דאָס באַקומען די וויזע גלייך פון אָדעס קיין יפו.

דרויאַנאָוו האָט זיין אויפגאַבע דערפילט מיט דער פולסטער פאַראַנט־וואָרטלעכקייט און אָנגעהויבן איבעררעדן מיך, איך זאָל נישט פאָרן, ווייל... דאָס איז אין „קעגנזאַץ צו די אינטערעסן", און ווייל אין ארץ־ישראל איז אַ קריזיס, און ווייל...

איך געדענק שוין נישט די אַלע „ווייל'ס", אָבער איך געדענק וואָס איך האָב געענטפערט:

„איך בין נישט געקומען פירן מיט אייך קיין דיסקוסיע און נישט פרעגן קיין עצות און קיינער טאָר נישט געבן עצות אומגעבעטן. איר ווילט מיר העלפן ביים באַקומען די וויזע — איז גוט, אויב נישט — וועל איך גיין אַליין „טרעפן דעם וועג".

דרויאַנאָוו האָט זיך נישט צוריקגעצויגן און ווידער געפּרווט ווירקן אויף מיר איך זאָל נישט פאָרן. איך האָב פאַרענדיקט דעם שמועס מיט כעס און אַרויס פון צימער. שוין זייענדיק אויף די טרעפּ האָט דרויאַנאָוו, וועלכער איז מיר נאָכגעלאָפן, מיך דעריאָגט און גערופן זיך אומצוקערן, זאָגנדיק (ווייזט אויס, אומאָפיציעל):

„אַלזאָ, איך ראָט דיר דווקא יאָ פֿאָרן קיין ארץ־ישראל, ווייל נאָר פֿאַר אַזעלכע עקשנים ווי דו, איז דאָרט פֿאַראַן פּלאַץ".

ווייזט אויס, אַז איך בין געווען זייער געריר־ט פֿון דעם נצחון, אָדער איך האָב מורא געהאַט, אַז עס וועט זיך באַווייזן פֿאַר מיר אין דער לעצטער מינוט אַ נייע „וואָך", דער עיקר — איך האָב זייער געוואָלט פֿאָרן מיט דער ערשטער שיף, וואָס וועט נאָר זיין. און ווירקלעך — איך בין אַרויף אויף אַ שיף און געלאָזט זיך אין וועג אַריין. אין מיטן ים האָב איך זיך דער־וווסט, אַז די שיף פֿאָרט נישט קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, נאָר קיין... סעוואַס־טאָפּאָל. צוליב דעם דאָזיקן „טעות", וואָס איז געקומען פֿון מיין גרויסער איי־לעניש, האָב איך פֿאַרלוירן צייט, ווייל ערשט אין אַ וואָך אַרום האָב איך געקענט אָפּפֿאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. פֿאַר מיר איז דאָס גלייכצייטיק געוווען אַ באַדייטנדיקער געלט־פֿאַרלוסט. אַ וואָך צייט האָב איך זיך אין די נעכט געוואַלגערט אין קעלערן און טראָץ דעם איז מיר אויסגעגאַנגען דאָס געלט, וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט אויף רייזע־הוצאות. קיין קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל בין איך אָנגעקומען ממש בגפו, אָן אַ פּרוטה.

דאָרט איז מיר געקומען צו הילף נופך (וועלכער איז שפּעטער געווען דער ערשטער יידישער פֿרידנס־ריכטער אונטער דער מאַנדאַט־הערשאַפֿט). צוערשט איז אים איינגעפֿאַלן, אַז איך זאָל טעלעגראַפֿירן צו מיינע עלטערן און בעטן שיקן מיר געלט. איך האָב אָפּגעוואָרפֿן די דאָזיקע גוטע עצה און בלויז געבעטן, ער זאָל מיר שאַפֿן אַרבעט ביי סטאָלעריי. איך האָב גע־אַרבעט צוויי וואָכן ביז איך האָב שוין געהאַט געלט צו קויפֿן אַ בילעט פֿערטע קלאַס אין דער „מיסאזשעריי" ביז יפו און עס איז מיר נאָך געבליבן אין טאַש אַ האַלבע מעדזשידע. איך האָב די האַלבע מטבע געטיילט אויף צווייען. איין העלפֿט — צידה לדרך, און די צווייטע — אַ „גרונט־קאַפּיטאַל" אָנצוהויבן אַ ניי לעבנס־קאַפּיטל אין ארץ־ישראל. אויך דעם דאָזיקן „קאַפּי־טאַל" האָט געדראָט אַ גרויסע סכנה. דאָס אויסשטייגן אין יפוער פּאָרט איז געווען זייער שווער און די מאַטראָזן האָבן פֿאַרלאַנגט אַנדערהאַלבן מעדזשידעס. זיי האָבן מיך געשלעפּט צום רוסישן קאָנסול. אָבער דאָ איז מיר געקומען צו הילף די לאַנגע האַנט פֿונעם מעכטיקן רוסישן צאַר. דער „קאַוואַס", דער קאָנסולאַט־וועכטער, האָט זיך אָנגעהויבן קריגן מיט די צעהיצטע מאַטראָזן און איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַרויס־געדרייט זיך פֿון זיי.

אַזוי בין איך געבוירן געוואָרן צום צווייטן מאָל אויף די ברעגן פֿון פּאָטערלאַנד אין חנוכה תרס"ו, ניינצן יאָר נאָך מיין געבוירן ווערן אין גראָדנע, אין תרמ"ז — אויך אין חנוכה...

# ב. פונדאַמענטן און דעכער

מיטן דיליזשאַנס קיין ראשון־לציון און פון דאָרט צו פוס קיין רחובות, ווייל ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, געפינט זיך דאָרט די „האָמעלער" גרופּע, וואָס האָט עולה־געווען אָרגאַניזירטערהייט נאָכן האָמעלער פּאָגראָם. מען האָט מיך אויפגענומען ביז גאָר האַרציק, ברויט און כאַלוועַ און אַ ראָגאָזשע צום שלאָפן. וואָס קען נאָך זיין בעסער? איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע און אָנגעהויבן אַרבעטן.

אין יענע טעג האָט מען, פאַרשטייט זיך, געדאַרפט אָנהויבן אַלץ פונעם יסוד, אָבער איך האָב דווקא אָנגעהויבן פונעם... דאַך. איך מיין דאָ דעם דאַך פון דער שול אין רחובות — מיין ערשטע אַרבעט. אָפּאַרבעטנדיק פיר וואָכן האָט מיר דער סטאָלאַר באַשטימט אַ טאָג־לוין פון זעכצן „גרויסע פּיאַסטער" — (אַ „גרויסער פּיאַסטער" — 4 מעטאַליקס, בערך 4 פּרוטות) און אַ פלאַש ווייַן. הגם דאָס איז געווען, ווי מיין אַרבעטס־געבער האָט געזאָגט, דער גרעסטער לוין, בין איך פון דעם נישט נתפּעל געוואָרן און ער איז נישט געווען צופרידן פון מיין נישט „איבערנעמען זיך" מיט דעם לוין.

די „קליטה־באַדינגונגען", ווי מען רופט דאָס היינט, זענען געווען גאַנץ איינפאַכע. אין איין צימער האָבן מיר געוווינט אַכצן „קאָמונע"־חברים. „געוווינט" — דאָס איז אַ ביסל איבערגעטריבן. דער עיקר איז דאָך געווען אַ דאַך איבערן קאָפּ אין די נעכט. אַלזאָ, ביינאַכט האָט יעדער איינער אויסגעשפּרייט זיין ראָגאָזשע פון ביידע זייטן צימער און אין מיטן איז געבליבן אַ שמאָלער דורכגאַנג. אַ קישן צוקאָפּנס האָט כמעט יעדער איינער מיטגעבראַכט פון דער מאַמעס שטוב. און צודעקן זיך? מיט וואָס ס'קומט אין דער האַנט. ווייל איז דעם, וואָס פאַרמאָגט אַ דעקע און אויב נישט — איז גוט אויך אַ מלבוש.

פון רחובות בין איך אַריבער קיין ראשון־לציון און אויך דאָרט געאַרבעט ביי אַ סטאָלאַר. אין די שבתים פלעגן מיר גיין, מיר, — די חלוצים־„וותיקים" (אַ „וותיק" פון וואָכן, אָדער חדשים) קיין יפו — מקבל־פּנים זיין די ניי־געקומענע פון דער צווייטער עליה, און איינאָרדענען זיי.

אויב ביי „הימלישע" ענינים, ווי בויען אַ שול, האָב איך אָנגעהויבן פונעם דאַך, האָב איך ביי די ערדישע ענינים, ווי אָרגאַניזירן די אַרבעטער, אָנגעהויבן דווקא פונעם יסוד. דער ערשטער אַרבעטער־פאַרבאַנד איז דורך מיר אויפגעשטעלט געוואָרן אין ראשון־לציון. דער גרעסטער טייל פון זיינע חברים זענען געווען אַרבעטער אין די ווייַנקעלערן, וועמענס מצב איז געווען זייער אַ שווערער. דער דאָזיקער ערשטער קערן פון דער „הסתדרות העובדים" האָט געציילט 27 חברים. קעגן דעם דאָזיקן „רעוואָלוציאָנערן

קלאַס״ איז גלייך אַנטשטאַנען אַ בונד פון קאַפּיטאַליסטן ר״ל. די לייטער פון ווייַנקעלער האָבן פאַרלאַנגט פונעם סטאָלאַר, מיין אַרבעטס־געבער, ער זאָל מיך גלייך אָפּזאָגן פון דער אַרבעט. אויסער דעם איז ממש אויס־גערופן געוואָרן אויף מיר אַ חרם מצד דעם דריטן מעכטיקן בלאָק — די בעלי־בתים. מען האָט מיר נישט פאַרדונגען קיין צימער. אָבער עס האָט זיך געפונען איין „פּאַרעטער״, דאָס איז געווען פּאַפּירמייסטער, וועלכער האָט געהאַט הינטער זיך, נאָך פון חוץ־לאַרץ, אַ טראַדיציע פון אָנשטענדי־קער באַציאונג צו זיינע אַרבעטער. אין לאַנד איז ער געווען פון די בונטאָור־שטשיקעס קעגן דעם באַראָנס באַאַמטנטום, אויף אַזוי ווייט, אַז מען האָט אין ווייַנקעלער נישט געוואָלט אָפּנעמען פון אים זיינע ווייַנטרויבן. אין זיינעם אַ מאַנדלען־מאַגאַזין האָב איך געפונען אַ ווינ־אָרט. און עס איז נישט געווען די שולד פון דעם גוטן בעל־הבית, פּאַפּירמייסטער, נאָר פון די גוטע מאַנדלען, וואָס איך האָב זוכה געווען צו האָבן סובלאָקאַטאָרן: מייז.

איך האָב אָבער אויך זוכה געווען צו האָבן אַ סובלאָקאַטאָר פון אַן אַנדער סאָרט. אין יענע טעג איז געקומען אין לאַנד אַלכסנדר זייד. ווי ער דערציילט (זע דאָס בוך פון ברכה חבס „די צווייטע עליה״), האָט ער גע־הערט וועגן מיר פון מיינע בריוו פון לאַנד, וואָס פלעגן גיין פון האַנט־צו־האַנט צווישן די פּועלי־ציון־חברים. ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין ראשון־לציון אין אַ ווערקשטאַט פון קעסלען. דערוווּסט זיך, אַז איך געפין זיך אין דער קאָלאָניע, איז ער געקומען צו מיר און געוווינט צוזאַ־מען מיט מיר ביז מיין פאַרלאָזן ראשון־לציון.

און ראשון־לציון האָב איך געמוזט פאַרלאָזן. מיין „רעוואָלוציאָנערע״ אַרבעט איז דערגאַנגען צו איר העכסטן פּונקט מיטן אָרגאַניזירן דעם שטרייק פון די ווייַנקעלער־אַרבעטער. עס איז שוין מער נישט געווען קיין שום האָפענונג צו באַקומען אַרבעט אין דער קאָלאָניע. איך בין אַוועק קיין יפו. נישט געקוקט אויף דעם וואָס דאָרט האָב איך געהאַט אַרבעט, האָט מיך אָבער מיין האַרץ „נישט געצויגן״ אַהין.

איך האָב זיך אַריבערגעקליבן קיין פּתח־תקוה און אָנגעשלאָסן זיך אין דער „צווייטער קאָמונע״.

## ג. מיט מיכאל האלפערין

די „קאָמונע״ איז געווען אַ דירה פון פיר צימערן, וואָס האָט גע־דינט ווי אַ מין האָטעל — פאַרשטייט זיך, אַז אומזיסט — פאַר אַרבעטער, דורכרייזנדיקע און עולים חדשים. אויך עסן פלעגט מען דאָרט באַקומען

אין אַ גרויסן צימער פאַר פייערונגען — פייערונגען מער ווי עסן. מען האָט נישט דורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט איינצואָרדענען אַ פייערונג. צווישן די „קאָמונע"־מיטגלידער זענען אויך געווען אליעזר און ישראל שוחט, אָבער אין צענטער פון די שטורמישע דיסקוסיעס אין די אָוונטן און נעכט זענען געשטאַנען צוויי באַזונדערע חברים: איינער, וואָס די באָרד אַרום זיין פנים איז געווען ווי פון אַ לייבן־גזשיווע, דער צווייטער — מיט אַ באָרד ווי ווייכע וואָל: מיכאל האַלפּערין און א. ד. גאָרדאָן. מיכאל האַלפּערין איז געווען איין שטיק פייער. תמיד יונג, תמיד אַ צעפלאַמטער. זיין תורה על רגל אחת איז געווען: דאָס לאַנד וועלן מיר נעמען מיט בלוט און פייער. א. ד. גאָרדאָן, דאַקעגן, האָט געוואָלט זיין אַ מין יידישער טאָלסטאָי. שוין בלויז דאָס וואָרט „בלוט" האָט אויף אים אַנגעוואָרפן אַ פחד. ער האָט געהאַלטן מער פון אחד העמס רוחניות איידער פון קאַמפסגייסט פונעם אַרבעטער מיכאל האַלפּערין. „מיט בלוט קען מען גאָרנישט אויפטאָן", פלעגט ער כסדר איבערחזרן, כמעט מיט געבעט.

איינמאָל האָט פּאַסירט אַ פאַל, ווען איך און דער קאָמונע־חבר ענטין, זענען צוריקגעקומען פון יפו, וווהין מיר זענען געגאַנגען אַביסל פאַרברענגען. מיר זענען אַרויס פון חיים ברוכס האָטעל אַזייגער 9 פרי, כדי צו באַווייזן אָנצוקומען צו דער צייט, ווען מען הויבט אָן די אַרבעט. מיר זענען געגאַנגען דורך די בערגלעך, אויף וועלכע עס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן רמת־גן. פּלוצים, ווי פון דער ערד אַרויס, זענען אַרויסגעקומען קעגן אונז זעקס אַראַבישע רויבער. אַזוי ווי מיר זענען געווען בלויז צוויי, זענען פיר פון זיי געבליבן שטיין פונדערווייטנס און צוויי זענען צוגעקומען צו אונז. איך האָב אין דעם געזען אַ שווערע באַליידיקונג און באַשלאָסן קעגנשטעלן זיך. ענטין איז „כמעט" געווען אַ קאַפּיטאַליסט, זיי האָבן ביי אים צוגענומען די 17 בישליקעס, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך. איך האָב אויפגעהויבן אויף איינעם פון זיי דעם נאַבוט (אַ שטעקן מיט אַ „קאָפּ"), וואָס איך האָב געהאַט מיט זיך און אַראָפּגעלאָזט אים איבער זיין קאָפּ. עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ קורצער און פאַרביסענער קאַמף. אינעם נאַבוט, וואָס יענער רויבער האָט געהאַט אין האַנט, זענען געווען אַריינגעקלאַפּט טשוועקעס. זעענדיק דעם מצב, האָבן זיך דערנענטערט אויך די איבעריקע פיר רויבער. איך האָב באַקומען אַ שווערן קלאַפּ אין דער זייט און געפאַלן אויף די קני. דאַן האָבן די רויבער אויפגעהערט מיך שלאָגן, אין איינקלאַנג מיטן געזעץ פון די מדבר־ריטער, וואָס פאַרווערט שלאָגן אַ פאַלנדיקן מענטש. מילא, איך האָב זיך אונטערגעגעבן, אָבער ווי גרויס איז געווען זייער דערשטוינונג, דערזעענדיק אין מיין קליינטשיק געלט־טעשל גאַנצע... צוויי מעטאַליקס, „ווי שיקט זיך עס, אַז צוליב צוויי מעטאַליקס זאָל אַ מענטש

לאָזן זיך שלאָגן? וואָס אַרט אים, אויב ער וועט לאָזן זוכן אין זיינע טאַשן און מען וועט ביי אים געפינען אַזאַ „מטבע"?

— גיי דערצייל זיי די תורה פון גבורה, וואָס מיכאל האָט אונז גע־לערנט.

אין פיר שעה אַרום בין איך קוים אָנגעקומען קיין פּתח־תקוה און געלעגן צען טעג אויף מיין געלעגער.

מיכאל האַלפּערין האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף אונז. נאָר גע־ציילטע פון אונזערע חברים האָבן געהאַלטן פון א. ד. גאָרדאָנס אידעען, וואָס האָבן ביי פיל אויסגעזען ווי דברים בטלים. ערשט אין יאָרן אַרום האָט זיך פאַרשטאַרקט זיין השפּעה און זיין פּאַציפיזם איז געוואָרן ווי אַ מין תורה. אין קעגנזאַץ צו אליעזר שוחט, למשל, וועלכער האָט געהאַלטן מיט גאָרדאָנען, האָט ישראל שוחט געהאַלטן מיט האַלפּערין, ווייל ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער. מיט אים זענען אויך געווען חיה שרה כאַנקין, יחזקאל כאַנקין און די עולים פון ראָסטאָוו. דערנאָך איז מיכאל האַלפּערין געוואָרן דער פירער פון דער ברוידערדער יוגנט. יעדער איינער, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר מיכאלס אַ מענטש — האָט געמוזט וויסן ווי צו באַנוצן זיך מיט קאַלט און הייס געווער, רייטן אויף פערד, קענען דאָס לאַנד, די אַראַבישע שפּראַך און מנהגים, נישט צוליב דערנענטערונג, ווי מיכאל פלעגט אונז געבן צו פאַרשטיין, נאָר צוליבן כלל „קען דיין פיינט". ער האָט עס געלאָזט פאַלן דעם פאַראַל: יעדער יוגנטלעכער מוז באַזיצן געווער. מיר האָבן פאַרווירקלעכט דעם געבאָט און פאַר די ערשטע פּיאַסטערס, וואָס מיר האָבן אַזוי שווער פאַרדינט, האָט יעדער איינער זיך איינגעשאַפט גע־ווער. און נישט נאָר דאָס — געווער איז געוואָרן ווי אַ מין פאַרזעלבלעכע באַשייגונג. מיר פלעגן זיך פוצן און גרויסהאַלטן זיך מיטן געווער. די צירונג פון אַ יוגנטלעכן איז זיין — געווער. און ווי קען מען עס זיין אָן אַ קינ־זשאַל אין גאַרטל?

מיר זענען געווען ווייניק, אָבער דרייסטע. פיל האָבן אונז באַטראַכט פאַר אַ באַנדע משוגעים. די ברייטע וועלט איז נאָך דאַן געווען אָפן פאַר יידן. רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען האָבן נאָך געלאָקט מיט זייערע אילוזיעס, אָבער מיר האָבן אויסגעקליבן אַ וועג, אויף וועלכן אַלץ האָט אויסגעזען נישט שכלדיק, נישט פּראַקטיש. מיכאל האַלפּערין האָט מען געהאַלטן פאַר־ראש פון די משוגעים. עס איז אַ ספק אויב עמעצער וועט נאָך היינט וואַגן באַשטרייטן דעם דאָזיקן אמת, וועלכן ער האָט פּראָפּאַגירט מיט זיין גאַנצן ברען, און זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן פאַר זייער רעאַל — דער אמת וועגן בלוט און פייער. פונדעסטוועגן איז נאָך היינט גרעסער אין לאַנד די צאָל פון די, וואָס דערמאָנען דעם נאָמען פון א. ד. גאָרדאָן, וועמענס תורה, די

תורה פון פּאַציפיזם, האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פון דער צייט, ווי די צאָל פון די, וואָס דערמאָנען האַלפעריִנס נאָמען. מיכאל האָט מיט אונז געלערנט הלכות „דרך ארץ״ מיט אַראַבער. רעדן מיט זיי אויף זייער „שפּראַך״ מיינט נישט רעדן אַראַביש דווקא; דאָס מיינט הויפּטזעכלעך רעדן מיט זיי מיט תקיפות און מיט אַרגומענטן פון כוח. „אויב דו גייסט אין וועג — פלעגט מיכאל אונז געבן צו פאַרשטיין — און עס קומען דיר אַנטקעגן אַראַבישע באַנדיטן און בעטן ביי דיר אַ סיגאַרעט — אַך־און־וויי איז צו דיר אויב דו דערפילסט זייער פאַרלאַנג. זיי וועלן דיך אויסטאָן נאַקעט״. אַזוי האָט ער אונז געלערנט און מיר האָבן אויפגענומען זיין לערע. גייענדיק אין די אָוונטן צופוס אויפן וועג יפו—פתח־תקוה איז אונז אויסגעקומען אויסצופּרובירן די טעאָריע פון זיין לערע אין דער פּראַקטיק. די באַנדיטן, וואָס האָבן געלויערט אויף די וועגן, האָבן גוט געקענט דעם כוח פון דער פויסט. ווען מיר וואָלטן אָנשטאָט דעם געפּרוווט זיי איבערצייגן מיט די דערהויבענע אידעען פון א. ד. גאָרדאָן, איז אַ גרויסער ספק, צי איך וואָלט נאָך זוכה געווען צו דערציילן וועגן יענע טעג...

אָבער גבורה איז נישט נאָר אַן ענין פון באַשיצן אַ מענטשנס לעבן; גבורה איז אויך אַ כבוד פאַרן מענטש, און שרעק איז פאַר אים אַ חרפה. דער יידישער כבוד איז ביי מיכאלן זייער טייער געווען. אַמאָל האָט ער זיך דערלויבט אויף אַ ביז גאָר געוואַגטן און צוגלייך טעאַטראַלן העלדישקייט־אַקט און דאָס — נאָר פאַר דעם יידישן כבוד.

אַ צירק איז געקומען קיין יפו און אויפגעשטעלט זיינע געצעלטן אין נוה־שאנן, נעבן דער דייטשער בעקעריי. יעדן אָוונט האָט מען מאַסנווייז געשטראָמט אַהין. ראשית, צוליבן פעלן פון אַנדערע פאַרווײַלונגס־פּלעצער — קיין קינאָס און קיין טעאַטערס זענען נאָך דאַן נישט געווען — און צווייטנס, ווייל דאָס איז בכלל געווען דער ערשטער צירק־ספּעקטאַקל אין לאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז דער גרעסטער טייל פון די צירק־באַזוכער זענען געווען אַראַבער, וועלכע זענען געקומען אַהער זען וועלטס־וווּנדער.

יעדן אָוונט האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע סצענע: דער חיות־דרעסירער שטעלט זיך אַוועק אין מיטן פון דער צירק־אַרענע און רופט אויס: ווער פונעם פּובליקום איז גרייט פרייוויליק אַריינצוגיין אין שטייג פון די לייבן?

ס'איז איבעריק צוצוגעבן, אַז אַזאַ מין „פרייוויליקער״ האָט זיך נישט געפונען אויך צווישן די באַרימטסטע דזשעדעס. דער חיות־דרעסירער האָט גוט געקענט זיין פּובליקום און נישט מיד געוואָרן פון איבערחזרן זיין „איינלאַדונג״. דער פאַקט, אַז עס האָט זיך נישט געפונען קיין בעלן אויף

אַ באַזוך ביי די לייבן, האָט דערהויבן אים און זיין גבורה אין די אויגן פונעם פובליקום, בעת ער שפּאַצירט זיך אַרום פריי אין שטייג צווישן די לייבן.

ביז — מיר זענען אַמאָל אַוועק אין צירק מיט מיכאַל האַלפּערין בראָש. דאָס איז געווען מוצאי־שבת און דאָס פובליקום איז דאָסמאָל געווען גרע־סער ווי אין אַנדערע אָוונטן. עס זענען אויך געקומען אַ סך יידן — „אַ סך" אין פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרהעלטעניש צו יענע טעג, ווייל וויפיל יידן זע־נען בכלל געווען אין נייעם ישוב?

ווען דער דרעסירער איז אַרויס אויף דער אַרענע מיט זיין געוויינלעכן אַרויסרוף, האָט זיך מיכאַל פּלוצים אויפגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן: „איך גיי אַריין!". קיין עלעקטריע איז נאָך אין יפו נישט געווען, אָבער דאָס פובליקום איז ווי עלעקטריזירט געוואָרן, הערנדיק מיכאַלס ווערטער. אַ שטאַרקע שפּאַנונג האָט באַהערשט דעם צירק־פובליקום.

מיכאַל האָט זיך רואיק אויפגעהויבן פון פּלאַץ, אַראָפּ אויף דער אַרענע, געעפנט דאָס טירל פון לייבן־שטייג, אַריין אינעווייניק און כדי עס זאָל זיין קלאָר פאַר יעדן איינעם, אַז נישט צוליב זיך איז ער אַריין צווישן די לייבן, נאָר צוליבן יידישן כבוד, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַכטונג און אָנגעהויבן זינגען... „התקוה".

די געשיכטע פון זיין אויסערגעוויינלעכער גבורה און געוואַגטקייט איז זיך שנעל פונאַנדערגעגאַנגען צווישן די אַראַבער און אין יידישן ישוב און געוואָרן — וווּנדער.

איינמאָל איז מיכאַלס „יינגלעך" איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו גיין קיין עבר־הירדן. מיר זענען געגאַנגען מיט אים — פאַרשטייט זיך, אַז צופוס — קיין ירושלים. דער פּלאַן איז געווען אַ פּשוטער: אין עבר־הירדן דאַרף מען נישט קויפן קיין באַדן פאַר געלט — וועלן מיר קומען אַהין און דאָרט זיך באַזעצן. אויפן וועג האָט מיכאַל אַנטדעקט פאַר אונז נייע אַספּעקטן פון זיין פּלאַן: נאָר בחורים וועלן גיין אַהין, אָן מיידלעך. דאָרט וועלן מיר חתונה האָבן מיט בעדואינער מיידלעך, ווייל מען דאַרף אַריינשטראָ־מען פריש בלוט אין די וועגעטירנדיקע אַדערן פונעם פאָלק. דער גלות האָט פון אונז אַ תל־געמאַכט, האָט אין אונז אָפּגעטויט יעדן נאַטירלעכן לעבנס־גייסט, יעדן קאַמפס־גייסט. וועלן מיר אויפשטעלן אין עבר־הירדן אַ נייעם שטאַם, ווי די זאַפּאָראָזשער קאַזאַקן אין רוסלאַנד (אַז מיכאַל פלעגט הערן וועגן אַ גר אָדער וועגן אַ קאַווקאַזער ייִד, וואָס איז געקומען אין לאַנד, פלעגט ער אַזאַ איינעם זוכן מיט ליכט און געפרייט זיך מיט אים. ער האָט געטראָגן אַ גרויסע בענקשאַפט צו אַ נייעם יידישן שטאַם!).

אַ פּלאַן, וואָס ווערט נישט רעאַליזירט, איז זייער לייכט צו באַטראַכטן אַלס נישט פּראַקטיש; עס איז לייכט געווען אויסצולאַכן מיכאַל האַלפּערינס

פלענער. אין ירושלים איז אונז קלאָר געוואָרן, אַז אויך קיין עבר־הירדן טאָר מען נישט קומען אָן געלט און אָן אַ סך געווער. פּאָרלויפיק איז עס נישט געווען מער ווי אַ שיינע פאַנטאַזיע. מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אויף אונזערע פלעצער — צו דער ביטערער ווירקלעכקייט.

און — עס איז באמת געווען אַ ביטערע ווירקלעכקייט. אין פּתח־תקוה האָט געהערשט אַ שטאַרקע אַרבעטסלאָזיקייט. אויף יידישע אַרבעטער איז ממש דערקלערט געוואָרן אַ חרם. דער אויסרייד איז געווען: מיר היטן נישט די טראַדיציע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט געווען דער אמתער אמת. די „צווייטע קאָמונע" האָט זיך אויפגעלייזט.

אַז די פּלאָג פון אַרבעטסלאָזיקייט האָט זיך פאַרשטאַרקט בין איך אַוועקגעפאָרן קיין מצרים. איך האָב אויך געוואָלט פאַרפּולקאָמען זיך אינעם סטאָלאַר־פאַך.

איך בין אַריין אַרבעטן אין אַ פאַבריק, וואָס האָט געהערט צו איטאַליענער. איך בין געווען איין ייד צווישן אַכט הונדערט אַרבעטער פון פּופּצן פעלקער. אַזאַ איז דאָך אונזער גורל: אויב מען וויל אונז נישט העלפן, ווערט אונז נישט העלפן, אויב אַפילו מיר קענען זיבעציק לשונות; אָבער אויב מען דאַרף האָבן אונזער שכל און פעאיקייטן, דאַרפן מיר בכלל נישט קענען קיין שפּראַך. נישט קענענדיק קיין וואָרט איטאַליעניש, די הערשנדיקע שפּראַך אין דער פאַבריק, בין איך שנעל געשטיגן און געוואָרן אַן אַרבעטס־לייטער. אַדאַנק דעם האָב איך געקענט איינאָרדנען אויף אַרבעט הונדערטער יידן, עמיגראַנטן פון רוסלאַנד, וואָס זענען צו יענער צייט אָנגעקומען קיין מצרים.

די באַציאונגען צווישן דער אַלט־איינגעזעסענער יידיש־ספרדישער עדה און די עמיגראַנטן־אשכנזים זענען געווען זייער שלעכטע. נישט געקוקט אויף דעם האָב איך אין דער דאָזיקער אַטמאָספער געגרינדעט אַ „פּועלי־ציון" סניף, צו וועלכן עס האָבן געהערט אשכנזים און ספרדים, וועלכע האָבן צוזאַמען זיך באַטייליקט אין דער סניף־טעטיקייט. די גרופּע האָט זיך באַשעפטיקט מיט פאַרזאָרגן מיט אַרבעט די עמיגראַנטן און העלפן די יעניקע, וואָס זענען געקומען קיין מצרים, בכדי עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

אַוועק אַ יאָר און איך האָב אָנגעהויבן שטאַרק בענקען נאָכן לאַנד און איך האָב באַשלאָסן אומקערן זיך. די פאַבריק־אייגנטימער האָבן זיך באַמיט משפּיע זיין אויף מיר, אַז איך זאָל בלייבן. מען האָט מיר פאָרגעשלאָגן די לייטונג פון דער פאַבריק־פיליע אין סודאַן מיט אַ זייער הויכן געהאַלט ווי פאַר יענער צייט — דרייסיק פונט אַ חודש. צוערשט האָב איך מסכים געווען צו בלייבן נאָך דריי חדשים, אָבער נאָך אַ חודש האָב איך דאָרט נישט געקענט מער איינזיצן און איך בין צוריקגעקומען אין לאַנד.

# ד. אין גלות און ווידער אין היימלאנד

איך בין ווידער אין פתח־תקוה, אָבער קיין אַרבעט ביי מיין פאַך געפין איך נישט. און אָט איז דעמאָלט געוואָרן אַקטועל דאָס בויען אַרטיזאַנישע ברונעמס פון בעטאָן. דאָס זענען געווען די ערשטע יידישע ברונעמס. ביז דאַן פלעגט מען זיך באַנוצן מיט אַראַבישע ברונעמס, געמאַכט פון זאַמד־שטיינער. בעת דער אַרבעט זענען מיר געשטאַנען ביז אין דער העלפט אין וואַסער. היות איך האָב זיך אויסגעצייכנט אין דער אַרבעט, האָב איך זוכה געווען צו באַקומען אַ לוין פון ניין פּיאַסטער טעגלעך, בעת אַנדערע האָבן באַקומען נאָר זיבן פּיאַסטער. נאָך די ברונעמס איז געקומען די „בחר"־אַרבעט (מיט אַ טוריה) ביי זאַבלודאָוויטשן.

איז גוט אַ ברונעם און גוט איז אַ לאָפּאַטע, וואָס גיבן אַ שטיקל ברויט, אָבער קיין באַפרידיקונג האָט מיר די דאָזיקע אַרבעט נישט געגעבן. איך האָב ליב געהאַט סטאָלעריי־אַרבעט, אין וועלכער איך האָב זיך קוואַליפי־צירט, אָבער דווקא אין דער אַרבעט האָט מען זיך דאַן נישט געגוויטיקט. צו יענער צייט זענען די עלטערן געוואָרן צודרינגלעך, אַז איך זאָל צוריק־קומען קיין רוסלאַנד, כדי צו שטעלן זיך צום פּריזיוו.

צו מיין גליק, האָב איך געהאַט ביי מיר אין טאַש דעם רוסישן פּאַס־פּאָרט, נישט געקוקט אויף דעם וואָס לויטן געזעץ האָט ער געדאַרפט ליגן ערגעץ־ווו אין די אַרכיוון פון דער צאָל־אָפּטיילונג. ווייל אַזאַ איז גע־ווען דאָס געזעץ: אַז אַ רוסישער ייד קומט אין לאַנד, טאָר ער זיך דאָ נישט באַזעצן. ער קומט ווי אַן עולה־רגל, אויף אַ „רעליגיעזן באַזוך". דעריבער נעמט מען אָפּ ביי אים דעם פּאַספּאָרט ביים אַראָפּגיין פון דער שיף און מען גיט אים אַרויס אַ „רויט צעטעלע", וואָס איז גילטיק דריי חדשים. נאָך די דריי חדשים דאַרף ער פאַרלאָזן דאָס לאַנד און דאַן באַקומט ער צוריק דעם פּאַספּאָרט. און היות טערקיי, „דער קראַנקער מענטש פון אייראָפּע" איז גע־ווען זיבן־פאַכיק „קראַנק" אין אַזיע, האָט נישט אייננמאָל פּאַסירט, אַז פּאַס־פּאָרטן זענען פאַרלוירן געגאַנגען. ווי באַוווסט איז אַ רוסישער מענטש אָן אַ פּאַספּאָרט קיין מענטש נישט. דעריבער פלעגן יידן אָפּטאָן כלערליי מעשים, כדי אַרויסצובאַקומען פונעם „לאַמבאַרד" זייער דאָקומענט, וואָס „מאַכט" זיי פאַר אַ מענטש. און וואָס הייסט „מעשים" אין דעם דאָזיקן אָטאָ־מאַנישן קעניגרייך ? — פאַרשטייט זיך, אַז — „באַקשיש". פאַר אַ האַלבן פונט האָט מען באַקומען דעם פּאַספּאָרט. און אַזוי ווי דער לייטער פון דער צאָל־אָפּטיילונג איז נישט געווען קיין גרויסער מומחה אין די לאַטיינישע אותיות, און נאָך ווייניקער אין די קירילישע אותיות, פלעגט ער זיך פאַרלאָזן אויפן פּאַספּאָרט־אייגנטימער, אַז ער זאָל אַליין אויסגעפינען זיין דאָקומענט צווישן

שטויסן פּאַספּאָרטן. נאָך דעם איז שוין דער ענין איינפאַך ביז גאָר. פאַר אַ האַלבן פונט גייט מען אַריין אין די פאַרבאָרגנסטע קעמערלעך פונעם מלכות, מען נישטערט אין די פּאַפּירן, מען לייגט אַריין אין טאַש די פּאַספּאָרטן פון פריינט, באַקאַנטע און סתם יידן און האַלטנדיק אין האַנט דעם אייגענעם פּאַספּאָרט, וועלכן מען ווייזט דעם פאַראַנטוואָרטלעכן צאָל־דירעקטאָר, גייט מען אַרויס פון צאָל־אַמט. און דאָס אַלץ — פאַר אַ האַלבן פונט. אין זכות פון דער דאָזיקער אָרדענונג איז אויך ניצול־געוואָרן מיין פּאַספּאָרט און מיט דעם — דער כבוד פונעם רוסישן מענטש.

אין יאָר 1907 בין איך ווידער אַוועק אין גלות.

דעם טאָג, ווען איך בין אָנגעקומען אין הויז פון מיינע עלטערן אין גראָדנע, האָט אין שטאָט געהערשט אַ גרויסע אויפלעבונג. נישט צוליב מיין כבוד וועגן, נאָר לכבוד זשאַבאָטינסקין, וועלכער איז יענעם אָוונט אויפגעטרעטן מיט אַ רעפעראַט אין דעם, לויטן רוסישן פאַרנעם, גרויסן זאַל פון „גאַראָדני דאָם". מיינע חברים פון די „פּועלי ציון" זענען געקומען מיך מקבל־פּנים זיין און מיטגענומען מיך צו דער פאַרזאַמלונג. דער זאַל איז געווען פול איבער די ברעגן. אמת, איך בין דאַן געווען אַ חבר פון „פּועלי ציון" און זשאַבאָטינסקי איז נישט באַטראַכט געוואָרן ווי אַן „אונזע־ריקער", אָבער אין יענער צייט זענען נאָך נישט געווען קיין גרענעצן אינערהאַלב דער ציוניסטישער מחנה, נאָר צווישן ציוניזם און די אַסימילאַטאָרן פון רעכטס און לינקס. איך בין געווען אַזוי שטאַרק באַאיינדרוקט פונעם רעדנער און זיין רעפעראַט, אַז איך בין אַריין אין אַ געשלעג מיט איינעם פון די שטערערס. און אַזוי האָט פּאַסירט: עס איז דאָרט געשטאַנען אַ יונגער בחור, וואָס האָט אין אַ געוויסן מאָמענט אַריינגעשטעקט די פינגער אין מויל און אָנגעהויבן פייפן. זשאַבאָטינסקי האָט אים אַביסל געלאָזט אַזוי פייפן, ביז עס האָט געפּלאַצט זיין געדולד און ער האָט אַ געשריי געטאָן: „ווי אונזערע קאָנטשילי?" (איר האָט שוין געענדיקט?). אָבער דער בחור האָט נישט אויפגעהערט. זיין עיקר־כוונה איז געווען נאָר צו שטערן. אַזוי איז ער געשטאַנען מיט די פינגער אין מויל און געפייפן. דאָס האָט מיך זייער פאַרדראָסן. איך בין צוגעגאַנגען צו אים און געהייסן אים אויפהערן. נאָך דעם ווי מיין וואָרענונג האָט אויך נישט געהאָלפן, האָב איך צוגעגעבן אַ מער־איבערצייגנדיקן „אַרגומענט". איך האָב אים דערלאַנגט מיט דער פויסט אין דער גאָמבע, אַז די פינגער זיינע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין מויל, זענען אַזש רויט געוואָרן פון בלוט. ערשט דאַן האָט ער אויפגעהערט.

דאָס איז געווען די פרעמיערע־„פאָרשטעלונג" פונעם „אַזיאַט" פון ארץ־ישראל, ווי מען האָט מיך גערופן נאָך דער דאָזיקער געשיכטע. איך וויל נישט זיין קיין ליגנער און איך וועל נישט זאָגן, אַז איך האָב אויף דעם חרטה!...

דער פועלי־ציון־סניף האָט זיך במשך פון דער צייט פאַרגרעסערט און אויסגעוואַקסן. איך בין גלייך אַריינגעטרעטן אין דער אַרבעט, דאָס מאָל — הויפּטזעכלעך אַלס אָרגאַניזאַטאָר פון דער זעלבסטשוץ, ווייל ווידער האָבן געבלאָזן ווינטן פון ערב־פּאָגראָמען. ביי דער געלעגנהייט האָב איך זיך אויך באַטייליקט אין אַ צווייטן צוזאַמענטרעף מיט זשאַבאָטינסקין. נאָך דעם פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק איז ער געקומען קיין גראָדנע צו באַקענע־ זיך ווי עס האַלט מיט דער זעלבסטשוץ ביי אונז. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער קרעדיט־באַנק (קאָאָפּעראַטיווע האַנטווערקער־באַנק) — פאַרשטייער פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען און פאַרשטייער פון „בונד" און פּ.פּ.ס. די זעלבסטשוץ האָט אַלעמען פאַראייניקט. בדרך כלל האָט יעדע פּאַרטיי שטרענג געהיטן אירע זעלבסטשוץ־סודות, אָבער דאָס מאָל, אונטערן איינ־ דרוק פון דער פּערזענלעכקייט פונעם גאַסט, — זשאַבאָטינסקי, האָבן זיך געעפנט די הערצער און מוחות. זיין ערנסטע זאָרג און פּראַקטישער צוגאַנג האָבן געשאַפן אַ גינסטיקע אַטמאָספער פאַר אַ פולער צוזאַמענאַרבעט לטובת דער געמיינזאַמער הייליקער זאַך.

ווייזט אויס, אַז דער זכות פון מיין קומען פון ארץ־ישראל און דער זכות פון מיכאל האַלפּעריןס גייסט, מיט וועלכן איך בין געווען דורכגע־ דרונגען, זענען מיר בייגעשטאַנען, ווען עס איז מיר אָנפאַרטרויט געוואָרן די אויפגאַבע צו קאָנצענטרירן די זעלבסטשוץ אין גראָדנע. אמת, איך האָב אויך געמאַכט אַן איינדרוק מיט מיין פעסטן קערפּער־געבוי, אָבער אין דער הינזיכט האָב איך נישט געדאַרפט פאַרלאָזן זיך דווקא אויף מיינע כוחות. די זעלבסטשוץ איז באַשטאַנען פון פאָלקס־מענטשן און האָט אויך געהאַט אין אירע רייען די טרעגערס, באַלעגאָלעס און קצבים. זיי פלעגן אַרומגיין מיט פּיקישע מעסערס אַריינגעשטעקט אין די שטיוול, גרייט יעדע מינוט צו „לאָזן זיי אין גאַנג". מיר האָבן צוויסן געגעבן וועמען מען האָט געדאַרפט: „אויב עס וועט עפּעס־וואָס פּאַסירן, וועט זיך צונויפמישן בלוט מיט בלוט, אָבער אייער בלוט — מער". אויך געלט איז געווען נויטיק פאַר זעלבסטשוץ. עס זענען געווען אין שטאָט רייכע יידן, וועלכע האָבן גע־ שפּענדעט גערנוויליק. און עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געוואָלט אַרויסדרייען פון צוטראָגן זייער ביישטייער. אָבער מיר האָבן אויף זיי אַרויפגעלייגט די געהעריקע סומעס און איינקאַסירט זיי, ווי מיר האָבן פאַרשטאַנען.

## ה. דוד און גלית

נאָך די אַנטפּלעקונגען פון דער באַנייטער יידישער גבורה אין יידישן לאַנד און נאָך דער גרויסער שחיטה אין גלות, איז פאַראַן אַ סכנה, אַז

דער יונגער דור, וואָס קען נישט דעם גלות, זאָל וועגן אים באַקומען אַ פאַלש בילד און זאָל באַטראַכטן די גלות־יידן, אַלע־אַלע און תמיד, ווי שעפסן געפירטע צו דער שחיטה. אין דער אמתן איז דאָס נישט אַזוי. פיל פון די, וואָס האָבן דאָ אין לאַנד געגעבן זייער בלוט און מיט העכסטער גבורה און קדושה, שטאָלץ און אַנטשלאָסנקייט צעשמעטערט זייערע פיינט, זענען דאָך געקומען אַהער פון גלות און פיל, זייער פיל, האָבן דאָך אויך אין גלות געוווסט וואָס עס באַדייט נאַציאָנאַלער שטאָלץ און יידישע גבורה.

אַז איך קום דערציילן דאָס קאַפּיטל פון יידישן נקמה־אַקט אין ביאַליס־טאָק, איז עס דערפאַר, ווייל איך וויל עס זאָל בלייבן אַ זכר פון דער עצם־געשעעניש און גבורה — איך ווייס נישט צי דאָס איז שוין דורך עמיצן דערציילט געוואָרן — און אויך, כדי צו פאַרמיידן, אַז די צוקונפטיקע דורות זאָלן נישט זען דעם טיפּ גלות־ייד אין אַ נישט ריכטיקן ליכט.

אין די פּאָגראָם־כוואַליעס, וואָס האָבן געבושעוועט יענעם יאָר איבערן תחום המושב האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט דער עקלהאַפטער שליים פון די ביאַליסטאָקער עקסצעסן און פּאָגראָמען. די פּאָגראָמשטשיקעס פלעגן אַרויסשלעפּן די יידן פון די צוגן, אַוועקלייגן זיי אויף די טישן פון דער באַן־סטאַציע און דערמאָרדן זיי דורך אַריינקלאַפּן טשוועקעס אין זייערע שלייפן. דער דאָזיקער „איינפאַל" איז געווען די פרוכט פון דער פאַנטאַזיע — און אין פיל פאַלן אויסגעפירט דורך אים זעלבסט — פונעם קאָמענדאַנט פון דער זשאַנדאַרמעריע, פּולקאָווניק גריבאָיעדאָוו. היות, דאָס זענען געווען טעג נישט חלילה פון געוואַלד־הערשאַפט פונעם צאַר, נאָר די האָכצייט־טעג פון דער „דעמאָקראַטיע" אין רוסלאַנד, איז דער ענין געבראַכט געוואָרן צו באַהאַנדלונג אין רוסישן פּאַרלאַמענט — אין דער א. ג. „דומע" (וועגן וועלכער הרב מזא"ה ז"ל פלעגט זאָגן: לא המתים יהללו י"ה ולא כל יורדי דומה"....). דאָ האָט דער ענין געהאַט אַ לייטישע און דעמאָקראַטישע קבורה: עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, וועלכע האָט געדאַרפט „ענערגיש און אָביעקטיוו" אויספאָרשן דעם ענין. וועגן די אויס־פאָרשונגען און מסקנות פון דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע האָט מען ווייניק וואָס געהערט, דאַקעגן איז איבעראַל באַוווסט געוואָרן, אַז פּולקאָווניק גריבאָיעדאָוו האָט אַוואַנסירט אין דער ראַנג און דאַרף אַריבערגעטראָגן ווערן אין דער רוסישער שטאָט סאַראַטאָוו.

מיר האָבן באַשלאָסן צו האַנדלען שנעל, כדי אויסצומיידן גריבאָיעדאָווס ווייטערדיקע אַוואַנסירונגען אין דער ראַנג... ער פלעגט טאַקע זאָגן מיט פרעכקייט, אַז ער האָט גאָרנישט קיין מורא פאַר יידישע באָמבעס, אָבער

אײן זאַך איז זעלבסט־באַרימערישע רייד און אַ צווייטע זאַך איז דער פּחד טאָג און נאַכט איז ער געווען אַרומגערינגלט מיט אַ שטאַרקע וואַך.

פאַרן אַוועקפאָרן קיין סאַראַטאָוו איז ער געקומען קיין גראָדנע געזע־געגען זיך מיט זײַן מוטער. די ייִדישע זעלבסטשוץ אין ביאַליסטאָק האָט דאָס אונדז צווויסן געגעבן און מיר האָבן אויף זיך גענומען זיך „מטפל"־זײַן מיט אים. דער ערשטער פּלאַן, צו פאַרענדיקן מיט אים אין הויז פון זײַן מוטער, איז בטל געוואָרן נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז אין דעם הויז וווינען פיל שכנים, מיט פיל קינדער און אַז זיי קענען אויך געטראָפן ווערן. מיר האָבן געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט צו טרעפן זיך מיט אים אויף אַ פרייען פּלאַץ. און היות די דאָזיקע מערדער זענען אויך געווען שטאַרק גלויביקע אין גאָט, האָבן מיר אים אָפּגעוואַרט אין אַ זונטיק, ווען ער איז אַרויס פון צערקווע. ער איז געגאַנגען נאָכן גאָטעסדינסט קויפן ציגאַרעטן אין אַ דערבייאיקער קראָם און זײַנע לייב־וועכטער האָבן געוואַרט אויף אים אין אַ געוויסן מרחק פון אים.

אָבער איידער איך גיי דערציילן די געשיכטע פונעם אַטענטאַט אויף אים, דאַרף איך עפּעס זאָגן וועגן זײַן אויסזען. פון אונזערע קינדער־יאָרן איז דאָך אײַנגעקריצט אין אונזער פאַרשטעלונג די געשטאַלט פון גלית הפלישתי, דער ריז, וואָס וואַרפט־אָן אַ פּחד שוין בלויז מיט זײַן פאַרנעם. און אָט איז דער דאָזיקער גריבאָיעדאָוו, ווי ער וואָלט אַרויסגעקומען פון אונזער פאַנטאַזיע און דערשינען פאַר אונדז אַ לעבעדיקער, אין דער ווירק־לעכקייט, אויף יענער גאַס נעבן דער צערקווע אין גראָדנע. אין רוסלאַנד האָט מען אַזאַ מגושמדיקן טיפּ גערופן „קאַצאַפּ". אַ הויכער, אַ ברייטפּלייצי־קער, באַפּוצט מיט אַ בלאָנדער באָרד, אָבער נישט צו־לאַנג, אַז זי זאָל פאַר־שטעלן די פיל מעדאַלן אויף דער גאַנצער ברייט פון זײַן ברוסט. קורץ געזאָגט — „אַ לייטיש שטיקל סחורה".

און אַנטקעגן אים — „זיידקע". אויף וועלכן עס איז אַרויפגעלייגט גע־וואָרן די אויפגאַבע „קאַלט צו מאַכן" דעם רוצח. א ייִנגל פון אַ יאָר 17 בערך, אַ סטאָלאַר, (אפשר האָט עס דער זכות פון דעם, וואָס ער איז געווען מייִנער אַ פאַך־קאָלעגע אים בײַגעשטאַנען, אַז איך זאָל געדענקען און זען אים ווי אַ לעבעדיקן בײַן הײַנטיקן טאָג ?) און מען רופט אים זיידקע אויס ליבשאַפט, ווײַל ער איז געווען אַ קליין און אויסגעדאַרט בחורל.

זיידקע האַלט אין זײַן האַנט אַ רעוואָלווער, אַ רוסישן „נאַגאַן", און אַזוי גייט ער צו צו אים גלייך, כמעט אַ קינד קעגן דעם דאָזיקן ריז, און רופט־אויס הויך אויפן קול:

„פאַרטיידיק זיך, אויסוווּרף"!

און ער האָט געשאָסן אין זײַן מיט מעדאַלן באַפּוצטער ברוסט.

דער דיז האָט זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג אויף דער ערד. דער שכל הישר האָט מחייב געווען, אַז זיידקע זאָל אויסנוצן די איבעראַשונג און סומאַטאָכע, וואָס איז אַנטשטאַנען, און זאָל זיך גלייך אָפּטראָגן פונעם פּלאַץ. אָבער זעט נאָר... זעט... וואָס טוט ער דאָרט? וואָס פאַרזוימט ער זיך?

ער בויגט זיך איין, קריכט כמעט אויפן גוסיקן גוף, שטעלט־צו דאָס העגטל פון רעוואָלווער צו דער שלייף פונעם שוין כמעט טויטן רוצח, געגוי אויפן זעלבן אָרט. ווי ער פלעגט אַריינקלאַפּן די טשוועקעס אין די שלייפן פון די יידן, און ער דערלאַנגט אַ זעץ מיט אַזאַ כוח, אַז אַ האַלבער רעוואָלווער כמעט בלייבט שטעקן אינעם קאַצאַפּס קאָפּ, וואָס האָט אין דער זעלבער רגע געגעבן דעם לעצטן לעבנס־צאַפּל....

פאַרשטייט זיך, אַז די גאַנצע צייט האָט זיידקע נישט געטראַכט וועגן די לייב־וועכטער און דער פּאָליציי, וואָס קאָן אַ ליאַדע מינוט אָנקומען. זיידקע האָט נאָר געזען די צעשמעטערטע שאַרבנס פון יידן אויף דער באַן־סטאַנציע. אָבער מיט זיידקען האָט פּאַסירט ממש דאָס זעלבע, וואָס מיט זיין אור־טאַטן דוד. אויך די רוסישע פּלישתים, הערנדיק די שאָסן און זעענדיק זייער גבור אין אַ קאַלוזשע בלוט, זענען אַנטלאָפן, אַזוי אויך די לייב־וועכטער און די פּאָליציי, וואָס איז אָנגעקומען, דערהערנדיק דעם ערשטן שאָס.

אָבער מיט דעם האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט די אויפגאַבע פון דער יידישער זעלבסטשוץ אין גראָדנע. עס איז נאָך אויף אונז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע זיך צו באַטייליקן אין דער לוויה פונעם ביאַליסטאָקער גלית. עס איז געווען אַ מורא, אַז די רוסישע באַגלייטער וועלן וועלן נקמה־נעמען און אָנהויבן אַ פּאָגראָם. צוליב דעם האָט מען אונז געהייסן פּשוט... באַטייליקן זיך אין דער לוויה, כמעט ווי אַן ערן־וואַך, פון ביידע זייטן... און ווייל עס איז נישט פאַראַן קיין חכם ווי אַ בעל־נסיון, איז געווען געבוג פאַר די „חכמים", די באַגלייטער פונעם „קאַצאַפּ", דער רמז, וואָס איז געווען באַהאַלטן אין אונזער עצם־דערשיינען אויף דער לוויה.... זיי זענען זיך רואיק פאַנאַנדערגעגאַנגען, כדי „אָפּצושווענקען" זייער טרויער, זייער צער: און זייער פחד מיט „וואָדקאַ".

און נאָך עפּעס: די רוסן אין גראָדנע האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו גיין אויפן פּלאַץ פון אַטענטאַט און אָפּרייניקן די שטיינער פון דער גרויסער קאַלוזשע בלוט. אפשר צוליב פחד, אפשר צוליב בושה און אפשר צוליבן וועלן אויפהעצן יעדן פאַרבייגייער, וואָס גלויבט אין דער מוטער און זון און „רוח־הקודש" און אין צאַר, דעם גוטן און גנעדיקן צאַר. אדרבא, זאָל מען זען, וואָס די קינדער פונעם פאָלק, וואָס האָט געקרייציקט משיחן, האָבן געטאָן דעם העלד, דעם טייערן און באַליבטן פּאָלקאָווניק...

מילא, וואָס איז דאָ צו מאַכן? מיר האָבן באַקומען אַן אינסטרוקציע, אַז:

מיר, מיטגלידער פון דער גראָדנער זעלבסטשוץ, זאָלן „אָפּרייניקן" דעם פלאַץ. און מיר האָבן געטרעטן אין דאָזיקן בלוט. געטרעטן מיט הנאה, מיט באַפרידיקונג און פרייד. וואָכן לאַנג האָבן מיר נישט געפּוצט אונזערע שיך. צו וועלכע עס האָט זיך צוגעקלעפּט דעם רוצח׳ס בלוט.

און אין גראָדנע זענען קיין פּאָגראָמען נישט געווען.

אין אַ יאָר אַרום בין איך צוריקגעקומען אין לאַנד.

עיקר שכחתי! איך בין דאָך געקומען קיין גראָדנע, כדי צו שטעלן זיך צום פּריזיוו. און איך האָב זיך טאַקע געשטעלט, אָבער עס האָט מיר פּאַסירט אַ נס. עס איז געשען אַ מעשה, אַז איינער אַ ייד האָט „איבערגעקויפט" די „קאָמיסיע", אָבער צוליב אַ וועלכער עס איז ענלעכקייט פון נאָמען, האָט מען על פּי טעות מיך אָנגענומען פאַר יענעם בחור, פאַר וועלכן מען האָט „געשמירט". און צו מיין גרויס פאַרוווּנדערונג און איבעראַשונג פון מיין משפחה בין איך אַהיימגעקומען אַ באַפרייטער.

צוריקקומענדיק אין לאַנד האָב איך מיט זיך געבראַכט נייע זעג־מאַשינען פון אָדעס און אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר־זיך. איך האָב אויפגעשטעלט אַ פאַבריק אין יפו. מיין ערשטע אַרבעט — פאַמעראַנצן־קעסטלעך. צוערשט האָב איך געפּרוווט מאַכן זיי פון אויסלענדיש האָלץ און עס איז מיר נישט געלונגען. איך האָב אָנגעהויבן מיט עוקאַליפּטוס־האָלץ. נאָך אַ גרויסער אינוועסטיציע פון געלט און אַרבעט איז אויך דער דאָזיקער עקספּערימענט דורכגעפאַלן. צו דעם אַלעם איז געקומען דאָס פייער און צוגענומען דאָס זייניקע.

איך האָב ליקווידירט דעם סטאָלעריי־וואַרשטאַט.

## ו. פאגראמען־בלוט און בלוט פון בונד מיטן היימלאנד

אַז מען זאָגט „פּאָגראָמען", מאָלט זיך אויס פאַר די אויגן אַ בילד פון צעיושעטע גוים, וואָס לויפן מיט שטעקנס, מעסערס און געווער אין די הענט, רייסן זיך אַריין אין די יידישע גאַסן, שלאָגן, מאָרדן און ראַבירן. אויב פאַר דעם לייענערס אויגן מאָלט זיך אויס אַזאַ בילד אויך זעענדיק דעם איבערקאָפּ פון דעם דאָזיקן קאַפּיטל, האָט ער אַ טעות, ווייל דער אמת איז, אַז דאָס מאָל רעדט זיך וועגן אַ פאַרקערטער געשיכטע: נישט, ווייל מיר יידן, זענען געוואָרן פּאָגראָמשטשיקעס, ווי די גוים ר"ל, נאָר ווייל דאָס מאָל האָבן מיר זיך גוט איינגעחזרט דאָס וואָרט פון אונזערע חכמים „הבא להרגך השכם להרגו". דעריבער האָבן מיר באַוויזן דאָ, אין יאָר 1908, דאָס וואָס מיר האָבן נישט באַוויזן אין דרייצן יאָר אַרום און אין איין־און־צוואַנציק

יאָר אַרום. מיר האָבן באַוויזן צו פאַרמיידן פּאָגראָמען פון גויים אויף יידן דורך דעם, וואָס מיר האָבן זיך מקדים געווען און דערלאַנגט זיי פריער. מיר האָבן פאַרמיטן פּאָגראָמען אין גלות, אין גראָדנע, — פאַרוואָס זאָל מען נישט פּרוּוון פאַרמיידן זיי אויך אין אונזער היימלאַנד?

די געשיכטע איז געווען אַזאַ:

יפו איז פאַרפלייצט געוואָרן פון אַראַבער, וואָס זענען געקומען פון תימן. זיי זענען געווינט געווען צו באַטראַכטן די יידן ווי מענטשן, וועמענס לעבן און פאַרמעגן זענען הפקר, און וואָס מער מען שלאָגט זיי און מען טוט זיי אָן צרות, אַלץ מער חשובער ווערט מען ביי אַללאַ און זיין נביא מאַכמעד. טאָג־טעגלעך זענען געווען בלוטיקע אָנפאַלן אויף איינצלנע יידן און באַזונדערס פרויען.

מיר האָבן באַשלאָסן אָנצולערנען זיי פאַר דעם. איך האָב אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון צוואַנציק יונגע אַרבעטער און מיר האָבן געהאַלטן אויג אויף יעדן פלאַץ, וואָס איז געווען אויסגעשטעלט אויף אָנפאַלן. עס איז געווען אַ גרונט צו באַהויפּטן, אַז זיי גרייטן „עפּעס" אויף פּורים. מיר זענען געווען גרייט דערצו. די אַראַבער האָבן אָנגעהויבן צונויפזאַמלען זיך נעבן שטיינס פאַבריק און ספּעקטאָרס האָטעל. מיר האָבן זיי איבעראַשט מיט קאַלט געווע" און דערלאַנגט זיי אויף רעכטס און אויף לינקס. מיר האָבן זיך אַריינגעריס; אין געשעפט פון איינעם פון די דאָזיקע אַראַבער און געמאַכט אַ וויסטן תל. עס איז דאָרט גאָרנישט געבליבן. די אַראַבער האָבן צונויפגעזאַמלט אַ הונדערט זייערע אינעם קאַפע־הויז אויפן ראָג נוה־שלום־הרכבת און מיר האָבן זיך געגרייט אַרויסצוקומען פון דאָרט. מיר האָבן דאַן זיך נישט עוסק געווען אין אידעאָלאָגיעס. אַכט בחורים זענען מיר געווען. מיר האָבן זיך אַריינגעריסן אינעם קאַפע־הויז, וואָס איז געווען פול מיט הונדערטער אַראַ־בער, געכאַפּט די שטולן און די בענקלעך און אַזוי שטאַרק דערלאַנגט מיט זיי איבער די קעפּ און קערפּערס, אַז אין איין ווײַלע האָט זיך אויסגעליידיקט דאָס קאַפע־הויז. אַזוי ווי מיר זענען געווען ביים אײַנגאַנג, זענען זיי אַנטלאָפן דורך די פענצטער. און נישט יידן האָבן גערופן צו הילף די טערקישע פּאָ־ליציי, נאָר אַראַבער. אָבער מיר זענען געווען אין סאַמע ברען פון אונזער „אַרבעט", אַזוי אַז אויך די פּאָליציי האָט פון אונז אַריינגעכאַפּט איר חלק און אָפּגעטראָגן זיך. בשעת מעשה האָט איינער אַ בחור, אַ פאָטאָגראַף, געכאַפּט מיין קינזשאַל און מיט אים צעשטאָכן אַן אַראַבער אויף אַ גאָר ערנסטן אופן. דיזענגאָף און חיסין, איינוווינער פון נוה־שלום, האָבן געפּרוּווט אַריינמישן זיך און באַרואיקן אונז, אָבער אָן דערפאָלג. דאַן האָט די פּאָליציי און די טערקישע אַדמיניסטראַציע זיך געווענדעט צום רוסישן קאָנסול, וועל־כער איז געווען אַ שונא־ישראל, און געבעטן פון אים אַ דערלויבעניש צו

באַנוצן זיך מיט מיליטער קעגן די יידן. דאָס איז דאָך געווען אין די טעג פון די „קאַפּיטולאַציעס” און דער לאָקאַלער מאַכט איז געווען פאַרבאָטן צו באַנוצן זיך מיט מיליטער קעגן רוסישע אונטערטאַנען, וואָס זענען געווען אונטערן שוץ פון קאָנסולאַט. אין מיטן נאַכט איז דער קאַימאַקאַם (קרייז־קאָמענדאַנט) געלאָפן צום קאָנסול. אין אַזוי האָבן זיך פאַראייניקט קעגן אונז די דאָזיקע אַלע „מעכטיקע” כוחות און דאָס מיליטער איז אַרויס דעראָבערן פון אונז די יפוער גאַס, פון וואַנען מיר האָבן פאַרטריבן די אַראַבער און די פּאָליציי. דאָס מאָל האָט מען שוין נישט געקענט מער קעמפן קעגן די שונאים מיט שטולן. מיר האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין האָטעל פון חיים־ברוך און אין ספּעקטאָרס האָטעל. דאָס מיליטער האָט אָנגעגריפן ספּעקטאָרס האָטעל מיט אַ שיסעריי. פערצן יידן זענען פאַרווונדעט געוואָרן און אָפּגעפירט געוואָרן אין „שער־ציון”־שפּיטאָל. די איבעריקע, און איך צווישן זיי, זענען אַנטלאָפן קיין פּתח־תקוה.

צווישן די אַראַבער האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז איך בין עס דער, וואָס האָט געשטאָכן דעם אַראַבער. „אבו שער” האָט געשטאָכן! „אבו שער” (דער פאָטער פון די האָר) — אַזוי האָט מען מיך גערופן צווישן די אַראַבער. איך האָב געמוזט זיך אויסבאַהאַלטן.

אויף דער אינטערווענץ פון ייק״א, דיזענגאָף און שמעון רוקח איז באַזייטיקט געוואָרן דער קאַימאַקאַם און אויך דער רוסישער קאָנסול איז איבערגעפירט געוואָרן אויף אַן אַנדער אָרט. נאָך דעם ווי דער ענין האָט זיך איינגעשטילט, האָב איך זיך געקענט אומקערן.

אין צווישנצייט האָט זיך אָנגעהויבן די גרינדונג פון תל־אביב און מען האָט געקענט אַביסל דערווייטערן זיך פון צענטער יפו, ווו עס איז נאָך פאַר מיר געווען געווונטשענער נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן, ווייל מען האָט נאָך דאָרט גערעדט וועגן נקמה־נעמען אין מיר פאַר יענעם אַראַבער.

צו יענער צייט איז מיר אויסגעקומען נאָכאַמאָל צו „באַשעפטיקן” זיך מיט אַראַבער. זיי האָבן געפּרוווט זיך אויסשפּרייטן און באַזעצט זיך אויפן באָדן פון דער גימנאַזיע. ווען מען איז צוגעטרעטן בויען „אחוזת בית”, האָט מען זיי געדאַרפט באַזייטיקן. ווייזט אויס, אַז איך האָב באַוויזן, אַז אין אַזעלכע זאַכן קען מען זיך אויף מיר פאַרלאָזן און מען האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט די דאָזיקע אויפגאַבע.

דאָס צווייטע הויז, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אויף נחלת־בנימין, איז געווען מיין הויז. מיר האָבן שנעל דערנענטערט די גאַס צו תל־אביב צו. איך האָב אויך זיך פאַרנומען מיטן אויפשטעלן דעם „מרכז בעלי מלאכה”, צוזאַמען מיט ווינאָקור, קושניר, שפּיראָ און קאשדאן, אין די יאָרן 1900 — 1910. די שכונה האָבן מיר געקויפט מיט שיינקינס הילף. איך בין אַריין

אין ערשטן ועד הקהלה אין יפו און אַ געוויסע צייט געשטאַנען אין שפּיץ פון „ועד השמירה".

דרך אגב, נאָך אַ קלײנער ענין. נאָך די בלוטיקע געשעענישן אין יפו, האָב איך געבראַכט אין לאַנד מײַן כלה און איך האָב אויפגעשטעלט אַ משפחה. אַז עס איז געבוירן געוואָרן מײַן זון, דער בכור, און מיר האָבן אים אַ נאָמען געגעבן בר־כוכבא, איז דער סנדק געווען מיכאל האַלפּערין. און כדי ער זאָל אויסוואַקסן אַ געזונטער און שטאַרקער זון פון יידישן פאָלק און היטן די „ליניע", האָט מיכאל געהייסן אָנװעקלײגן בעתן ברית אונטער זײַן קאָפּ — אַ קאַווקאַזער קינזשאַל. דער מוהל, אַ ייד פון נוה־שלום, האָט זיך אַביסל געוואונדערט, אָבער ווען ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין פּנים פונעם פאָטער און פון סנדק, האָט ער פאַרשטאַנען און צוגעטרעטן טאָן זײַן מלאכה...

## ז. „האָטעל" חיים־ברוך

חיים־ברוך'ס האָטעל האָב איך שוין פריער דערמאָנט, אָבער עס איז ביי מיר אַ גרויסער ספק, אויב דאָס בילד, וואָס וועט זיך אויסמאָלן פאַר דעם לייענער פון דעם דאָזיקן נאָמען, וועט האָבן כאָטש אַ ברעקל ענלעכקייט צו דעם, ווי דער האָטעל האָט אויסגעזען אין דער ווירקלעכקייט. און זיי האָבן עס פאַרדינט, חיים ברוך און זײַן האָטעל, אַז עס זאָל זיי אויפגעשטעלט ווערן אַ זכר, צוגאַבלעך צו דעם, וואָס איז שוין דאָ און דאָרטן געשריבן געוואָרן וועגן זיי. נישט בלויז דערפאַר, ווייל זיי זענען געווען אַ כאַראַקטע־ריסטישער טייל פונעם גאַנצן לעבנס־שטייגער אין יענע טעג, נאָר אויך אַן־און־פאַר־זיך, צוליב דער אינערלעכער שיינקייט, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, טראָץ זייער אָרעמער אויסערלעכער מראה.

דער דאָזיקער האָטעל האָט אויסערלעך געמאַכט אַ נעבעכדיקן אײַנדרוק. עס איז אַ ספק צי מען קען אין מדינת ישראל געפינען אַזאַ נידעריקע קאַ־טעגאָריע, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן אַזאַ האָטעל. קיין געסט־בוך איז נישט געווען אין „האָטעל", אָבער אַ „שווייצער" — יאָ! און ווער? חיים־ברוך בכבודו ובעצמו. איבערטרעטנדיק די שוועל פון האָטעל, האָט דיך גלייך מקבל־פּנים־געווען חיים־ברוך אַליין און תמיד, ווי לויט אַן אומבאַשטרייטבאַר געזעץ - מיט אַ קינד אין די אָרעמס. ווייל חיים־ברוך איז געווען אַ מטופל מיט פיל קינדער, בלי עין הרע. און אַז עס פלעגט אַרײַנקומען איינער פון זײַנע באַקאַנטע געסט, האָט אים חיים־ברוך „אויפגענומען" בערך אַזוי: „האַלט מיר צו אַ ווײַלע דאָס קינד!". פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט נישט געוואַרט אויף יענעמס ענטפער, נאָר גלייך אַרײַנגעוואָרפן דאָס קינד אין

די אָרעמס פֿונעם אַריינקומענדיקן גאַסט, און אַליין איז ער געלאָפֿן צו אַן אַנדער אַרבעט אין „האָטעל״.

און נאָך אַ „קאָמפֿאָרט״ איז געווען אין דעם „האָטעל״. דו ביזט בכלל נישט געווען געבונדן מיט קיין באַשטימטע עס־שעהן. די מערהייט געסט האָט דאָך נישט געהאַט קיין סטאַבילע אַרבעט און בכלל: וואָס הייסט עס אַזוינס סטאַבילקייט אין יענער צייט? דעריבער איז געווען זייער באַקוועם. אַז צו יעדער שעה, בייטאָג און ביינאַכט, האָסטו ביי חיים־ברוכ׳ן באַקומען אַ מאָלצייט און בעיקר — אַ זופּ. די זופּ איז נישט אַראָפּ פֿון קאָך־אויוון און דו פֿלעגסט באַקומען וויפֿיל דאָס האַרץ האָט נאָר געגלוסט.

אַזויווי מיט דער זופּ, אַזוי אויך מיט אַ נאַכט־געלעגער, וואָס האָט אויך קיינמאָל נישט אויסגעפֿעלט אין „האָטעל״. און גענוי אַזוי ווי קיינער פֿלעגט נישט אַרויסגיין פֿון חיים־ברוכ׳ס האָטעל און זאָגן: איך האָב נישט געפֿונען קיין ביסל געקעכטס, אַזוי האָט קיינער נישט געזאָגט: איך האָב נישט געפֿונען קיין געלעגער ביי חיים־ברוכ׳ן. און אַזויווי אַ מענטש האָט קיינמאָל נישט געזאָגט: „צר לי המקום בירושלים״ (עס איז מיר ענג דער פּלאַץ אין ירושלים), אַזוי האָט קיינער קיינמאָל נישט געזאָגט: עס איז פֿאַר מיר קיין פּלאַץ נישטאָ ביי חיים־ברוכן. וואָס הייסט: עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ? די פּאָדלאָגע איז ברוך־השם גענוג ברייט און אין ווינקל שטייען שטענדיק גרייט „שעניקעס״. חיים־ברוך איז נישט דער מענטש, וואָס וועט נישט לאָזן עמעצן שלעפֿן אַ „שעניק״, כדי אויסצושפּרייטן אים אויף אַ שטיקל פּאָדלאָגע, אויסציִען זיך אויף אים, און כראַפּען אָדער נישט כראַפּען, — יעדער איינער ווי עס ווילט זיך אים, לויט זיין געוווינהייט. אַזאַ איז געווען דער מנהג אין „האָטעל״ זומער־צייט, אָבער אויך ווינטער פֿלעגט חיים־ברוך שטעלן צו דער דיספּאָזיציע פֿון זיינע געסט יעדע זאַך, וואָס קען נאָר זיין נוצלעך. ערשטנס, — קענען דאָך צוויי פּערזאָן שלאָפֿן אין איין בעט, צווייטנס — צו וואָס דאַרף מען טישן ביינאַכט? דער טיש איז ווינטער ווי די פּאָדלאָגע זומער. שפּרייט־אויס אויף אים דעם „שעניק״, לייג זיך אַוועק שלאָפֿן און זאָל דיר זיין צו געזונט. און אין אַ נויט־פֿאַל, אַז עס זענען פֿאַראַן אַ סך געסט, פֿלעגט מען אַראָפּנעמען די אינעווייניקסטע טירן, אַוועקלייגן זיי אויף בענקעלעך — און האָסט פֿאַר זיך אַ בעט. דאָ שטייט אַ טיר, וואָס בעצם ווייסט קיינער נישט צו וואָס מען דאַרף זי האָבן — איז נישט באַשאַפֿן געוואָרן איינער פֿאַרן אַנדערן?!

קיין געסט־בוך איז, ווי געזאָגט, נישט געווען, אָבער אַ חובות־בוך איז יאָ געווען. ווייל חיים־ברוך איז נאָך נישט דער מענטש, וואָס זאָל ביי יעדן איינעם קאָנטראָלירן, צי ער האָט צו באַצאָלן פֿאַר זיין אויפֿהאַלטן זיך אין האָטעל. און אויב חלילה ער האָט נישט, קומט אים נישט קיין מקום־

מנוחה און אַ ביסל געקעכטס? אויף דעם האָט דאָך חיים־ברוך אַ חובות־בוך. דאָס איז געווען אַ גרויס בוך און חיים־ברוך איז נישט מיד געוואָרן צו פֿאַרשרייבן די חובות. אמת, דער גרעסטער טייל פֿון די אין בוך פֿיגורירנדיקע בעלי־חובות באַצאָלן זייערע חובות, ווען זיי האָבן, אָבער עס זענען אויך פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס באַצאָלן נישט. אַזוי אָרום, איז לייכט צו פֿאַרשטיין, אַז רייך ווערן פֿון זיין „האָטעל" האָט חיים־ברוך נישט געקענט, און אויך נישט גענומען עמיצן צו הילף אים פֿירן דעם „האָטעל". ער האָט אַליין געאַרבעט און געלעבט אין דחקות. נישט ער האָט אויסגענוצט זיינע געסט, נאָר זיינע געסט האָבן אויסגענוצט אים און זיין הויז. זיין הויז?

אויך דאָס וואָרט לאָזט זיך נישט זאָגן וועגן דעם הויז. דאָס איז געווען אונזער אַלעמענס הויז, דאָס הויז פֿון אַלע געסט. ווער עס איז נאָר אריינגעקומען אַהער, האָט זיך באַלד געפֿילט ווי ביי זיך אין דער היים. אמת, עס זענען פֿאַראַן משפּחות, וואָס פֿירן זיך לויט אַ באַשטימטער „עטיקעטע" און אינערלעכער דיסציפּלין, אָבער נישט די דאָזיקע „משפּחה", וואָס רופֿט זיך „חיים־ברוך׳ס האָטעל". דאָ הערשט אַבסאָלוטע פֿרייהייט. און אויב דעם פֿידלער דוואָרקין (אַן איינוווינער פֿון רמת־גן) פֿאַרגלוסט זיך פּלוצים אויפֿצושטיין אַזייגער צוויי ביינאַכט, אַוועקשטעלן זיך ביים פֿענצטער און שפּילן אַנטקעגן דער לבנה, שטעלט זיך אַוועק אַנטקעגן אים אַן אַנדער קינסטלער, וואָס די מוזע איז אים באַפֿאַלן, און דאָס איז אַ שפּילער אויף אַ חליל (פֿאַסטוכער־פּייפֿל), און באַגלייט מיט זיין אינסטרומענט דוואָרקינס פֿידל־שפּילן. און קיינער האָט זיך נישט באַקלאָגט און נישט געקומען מיט קיין טענות.

פֿאַרשטייט זיך, אַז חיים־ברוך אַליין האָט אויך נישט געהאַט קיין טענות. וואָס איז שייך? ווער עמיצער באַרויבן די פֿרייהייט פֿון זיינע האָטעל־געסט? אַזוי ווי דער דור — אַזוי זענען זיינע האָטעלן...

# א. מיט א דיליזשאנס קיין ירושלים

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914) זענען מיר געשטאַנען פאַר דער ברירה: פאַרטריבן ווערן פון לאַנד, אָדער אָננעמען די אָטאָמאַנישע בירגערשאַפט, מיט אַלע דערמיט פאַרבונדענע רעכט און פליכטן.

איך האָב אויסגעקליבן די אָטאָמאַנישע בירגערשאַפט. איך האָב דער־פילט מיינע בירגערלעכע פליכטן, אָבער אויך אויסגענוצט מיין דאָזיקן שטאַנד צו העלפן לויט מיינע מעגלעכקייטן די אַלע, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין הילף אין די מלחמה־באַדינגונגען.

ווייל פון די „נעכטיקע טעג" איז נישט געבליבן קיין זכר. נישט מער קיין לעבן פון חיים־ברוכס האָטעל, נישט מער קיין דיסקוסיעס מיט א. ד. גאָרדאָן וועגן פאַציפיזם, נישט מער קיין קאַמף פאַר אַרבעט און „האָראַס", נישט מער קיין אויפנעמען נייע עולים אין יפו'ער פּאָרט — איצט זענען די פּראָבלעמען אַנדערע, טייל מאָל אַ פראַגע פון טויט און לעבן.

איך וויל פרווון אַרויסברענגען עפעס פון יענע טעג, פון דעם, וואָס האָט דאַן פּאַסירט און איך בין געווען אָדער מיטבאַטייליקט, אָדער אַן עדות פון דעם.

גלייך נאָכן מלחמה־אויסברוך איז געקומען אַ כוואַליע פון אַרעסטן. צווישן אַנדערע זענען אַרעסטירט געוואָרן מרדכי בן הלל הכהן, דיזענגאָף, ענתבי. זיי זענען געבראַכט געוואָרן קיין ירושלים, אָבער נישט אין קיין אינטערנירונגס־לאַגער און נישט אין דער צענטראַלער טורמע (דער באַגריף „ווערי אימפּאָרטאַנט פּריזאָנער", — אַ זייער וויכטיקער אַרעסטאַנט — איז געבוירן געוואָרן ערשט אין 30 יאָר אַרום...) זיי זענען „געזעסן" אין קאַמעניצ'ס האָטעל, „אויף אַן ערן־וואָרט", און נאָר אַ פּאָליציאַנט האָט אַרומגעקרייזט פאַר דער טיר. דזשעמאַל פּאַשאַ האָט זיי געדראָט אַז ער וועט זיי פאַרשיקן קיין אַנאַטאָליע. אין אָנבליק פון אַזאַ געפאַר האָט מען די אַרעסטירטע געדאַרפט פאַרזאָרגן מיט געלט. בצלאל יפה האָט זיך געווענדעט צו מיר, איך זאָל פאָרן קיין ירושלים און אַריבערפירן דיזענגאָפן 400 פונט אין גאָלד.

דאָס איז געמאַכט געוואָרן גאָר פשוט. איך האָב מיך אַרומגעבונדן מיט אַן אַראַבישן גאַרטל און אין אים פאַרשטעקט דאָס געלט.

עס זענען געווען רעגן־טעג, עס איז נאָך נישט געווען דער לאַטרון־שאָסיי און דער כביש הגבורה. דער וועג איז געווען מער פּאַסיק פאַר אַ קעמל־קאַראַוואַן און די רייזעס פלעגט מען מאַכן אין דיליזשאַנסן. אַזוי איז מען געפאָרן אין יענע טעג.

נאָך מיטאָג גיי איך צו צו חאַן־ישראל (אַזאַ אַריינפאָר־הויז) אין יפו. פון דאָרט פאָרט אַרויס דער דיליזשאַנס. פון 3 אַזייגער נאָך מיטאָג ביז חצות פאָרט מען ביז באַב־אלוואד. דאָרט רוט מען זיך אָפּ אַביסל אין באַקאַנטן קאַפע־הויז, אָבער נישט צוליבן אָפּרו פאַרהאַלט מען זיך דאָרט. דאָס איז אויך אַ מין וואַך־פּונקט. דאָרט באַצאָלט מען 3 מעטאַליקס, סיי אַז מען טרינקט קאַפע און סיי נישט. דער אייגנטימער פון קאַפע־הויז איז אויך אַ האַלב־אָפיציעלער אויספאָרשער מצד דער מאַכט און דאָס איז זיין „אַר־בעטס־לוין". אַזוי צי אַזוי, איז גוט אַריינצוגיין אַהין אין די רעגן־טעג און באַזונדערס אין די קאַלטע נעכט. נאָך דעם ווי דו האָסט זיך אָנגעוואַרעמט אַביסל, ביסט קאָנטראָלירט געוואָרן אַביסל, און האָסט געגעבן דיין אָפּצאָל, גייסטו ווידער אַריין אין דיליזשאַנס און דו לאָזט זיך ווידער אין וועג אַריין — קיין ירושלים. מען קומט אָן אַהין בערך אַזייגער זעקס פרי.

אַראָפּגייענדיק אין שטאָט האָב איך געזען, אַז די מענטשן באַטראַכטן מיך מיט עפּעס אַ משונהדיקן בליק, אָבער איך האָב נישט געוווּסט די סיבה. אפשר זענען די ירושלימער געוווינט אַזוי צו קוקן אויף יעדן פרעמדן, און אפשר קוקט אַזוי אַ ייד פון אַלטן ישוב אויף אַ „חלוץ", מיט אַ ראַזירט פּנים. וואָס קומט פאַרשוועכן די הייליקייט פון דער שטאָט? און נאָך עפּעס: אויפן גנב ברענט דאָס היטל. איך האָב מורא־געהאַט טאָמער „געפעלט זיי נישט" מיין גאַרטל.

ביים אַריינגאַנג אין קאָמענדאַנטס האָטעל איז מיר קלאָר געוואָרן, פאַר־וואָס מען האָט מיך באַגלייט מיט אַזעלכע מאָדנע בליקן. עס איז דאָרט, אין האָטעל, געווען אַ שפּיגל און אין שפּיגל האָב איך געזען ווי אויסטערליש איך זע אויס. איז עס מיין פּנים, אָדער אַ פּנים פון אַ נעגער, וואָס איז איצט נאָר וואָס געקומען פון צענטראַל־אַפריקע. דאָס גאַנצע פּנים איז געווען אויסגעשמירט מיט סמאָלע. מיין מאַנטל האָט, ווייזט אויס, געריבן זיך אַ שטיקל צייט אויף די רעדער פון דיליזשאַנס און דערנאָך, אַז איך האָב זיך מיט אים צוגעדעקט, כדי איינצושלאָפן, האָב איך זיך אויסגעשמירט מיט סמאָלע, וואָס איז נישט אַראָפּ פון מיין פּנים נישט מיט קיין קאַלט און נישט מיט קיין הייס וואַסער. נאָר מיט נאַפט איז מיר געלונגען זיך ריין צו מאַכן פון דער סמאָלע.

נאָך דעם ווי איך האָב דערפילט מיין שליחות, האָב איך זיך ווידער

אַרײַנגעזעצט אין דיליזשאַנס און צומאָרגנס פֿרי אָנגעקומען קיין תּל־אָביב. דאָס מאָל — ריין פֿונעם גאָלד און פֿון דער... סמאָלע.

## ב. אַלאַרם-רוף פֿון מרחביה

אין יאָר 1915 בין איך באַשטימט געוואָרן אַלס אויפֿזעער איבער די ליפֿערונגען און דעם שניידן האָלץ פֿאַר די אײַזנבאַנען אין ארץ־ישׂראל, סיריע און כאַדזשאַז. די באַנען האָט מען דאַן געהייצט מיט האָלץ, ווײַל דער ים־וועג, מיט וועלכן מען פֿלעגט ברענגען קוילן איז פֿאַרמאַכט געוואָרן. איך, אַלס רײַזנדער אינספּעקטאָר, בין געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אַלע באַן־סטאַציעס, פֿאַר וועלכע עס איז צוגעשטעלט געוואָרן דער דאָזיקער אײנציקער ברען־מאַטעריאַל.

דער דאָזיקער אַמט האָט געגעבן אין מײַנע הענט דעם שליסל צום באַפֿרײַען פֿיל ייִדן פֿון דינסט אין טערקישן מיליטער, אַ מיליטער־דינסט וואָס האָט ניִשט געגעבן קיין סך פֿאַרגעניגנס. דער נאָמען „וואָסיקעס" (באַפֿרײַאונגס־דאָקומענטן) איז געוואָרן אַ צויבער־וואָרט, דער חלום פֿון יעדן יוגנטלעכן, וואָס איז געבליבן אין לאַנד און פֿון יעדער ווירטשאַפֿט, וואָס האָט געזאָרגט פֿאַר איר עקזיסטענץ. ווער עס האָט געאַרבעט אין אַזאַ נויטווענדי־קער דינסט ווי אויף דער אײַזנבאַן, האָט געהאַט די זכיה צו באַקומען אַ „וואָ־סיקע". ראשית כל האָב איך געזאָרגט פֿאַר דער באַפֿרײַאונג פֿון די יוגנטלע־כע, וואָס זענען געווען נייטיק פֿאַר דער פֿאַרטיידיקונג פֿון ישוב און אויך פֿאַר דער לאַנדווירטשאַפֿט. די צאָל „וואָסיקעס", וואָס איך האָב דערליידיקט, האָט דערגרייכט ביז פֿינף הונדערט בערך. ייִדישע אַרבעטער־גרופּן האָבן געאַרבעט אין באר־שבֿע (צבֿי בעקער, אײנער פֿון די אָנפֿירער פֿון „השומר" איז געווען דער מנהל עבֿודה) אין וואַדי צאַראַר, אויפֿן וועג עפֿולה־מרחביה. אין דער גרופּע פֿון צמח־דגניה האָבן געאַרבעט אַלע חבֿרים פֿון „השומר". זיי פֿלעגן אַרבעטן צוויי טעג אין דער וואָך און די איבעריקע טעג האָבן זיי אָפּגעגעבן זייערע ווירטשאַפֿטן.

די לאַגע פֿון די ייִדן אויף די דאָזיקע אַרבעטן איז פֿאַרשטייט זיך געווען בעסער, ווי די לאַגע פֿון די אַרמענער; פֿונדעסטוועגן זענען אויך צווישן זיי פֿיל געשטאָרבן — ווער פֿון שווערער אַרבעט און ווער פֿון עפּידעמיעס. אין דער געגנט פֿון באר־שבֿע זענען נאָך ביז הײַנט פֿאַראַן ייִדישע קבֿרים פֿון יענער צײַט. אײנמאָל, בעת אַ באַזוך דרום־צו פֿון באר־שבֿע, האָב איך אָנגעטראָפֿן אויף אַ ייִד, וואָס איז אַרומגעגאַנגען צווישן די קבֿרים. דאָס איז געווען בצלאל הכּהן לאַפּין, וועלכער האָט די גאַנצע צײַט פֿון דער מלחמה זיך פֿאַרנומען מיט העלפֿן ייִדן, וואָס זענען גענומען געוואָרן צו

מיליטערישע אַרבעטן. אויך פאַר די טויטע האָט זיך געקימערט ר׳ בצלאל הכהן. ער האָט געבראַכט מיט זיך ארבע־כנפות׳ן און זיי פונאַנדערגעטיילט צווישן די יידישע אַרבעטער, כדי מען זאָל זיי דערקענען אין פאַל ווען זיי וועלן שטאַרבן; די געמען זענען נישט געווען קיין קען־צייכן צוליב זייער ענלעכקייט צו די אַראַבישע געמען.

די גרויסע צאָל „וואָסיקעס" האָט סוף־כל־סוף געמוזט אַרויסרופן א פאַרדאַכט און דער פאַרוואַלטער פון דעפאָ פון באר־שבע האָט אַמאָל געשיקט צו דער צענטראַלער מאַכט אַ טעלעגראַמע מיט פאָלגנדן אינהאַלט: „דער הויפּט־אינספעקטאָר זוכט נישט קיין מענטשן צו דער אַרבעט, נאָר אַרבעט פאַר די מענטשן"; אָבער סוף־כל־סוף איז דאָך שווער געווען דאָס צו באַווייזן. אויף אַ ריזיקאַלישער אונטערנעמונג האָב איך זיך דערלויבט אין דעם פאַל — מרחביה.

עס האָט פאַסירט, אַז דער פאַרוואַלטער פון דעפאָ אין עפולה, אַ גריך מיטן נאָמען טאָמאַ האָט אָפּגעזאָגט אַלע יידישע אַרבעטער פון מרחביה און געבראַכט אויף זייער פּלאַץ אַראַבער. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט דאָס נישט געטאָן „לשם שמים". פאַר יעדן „קאָפּ" האָט ער באַקומען אַ שיינע באַלוינונג. עס האָט געדראָט אַ געפאַר, אַז ווען עס וועט באַוווסט ווערן וועגן אָפּזאָגן יידישע אַרבעטער וועט דורכגעפירט ווערן אַ רעוויזיע אין מרחביה און אַלע מענער אין מיליטער־עלטער (און פון קיין אַנדער עלטער זענען דאָן נישט געווען אין מרחביה) וועלן אָדער מאָביליזירט ווערן אין מיליטער, אָדער וועלן דאַרפן אַנטלויפן. דאָס האָט באַדייט: דער חורבן פון מרחביה. אין דעם דאָזיקן ערנסטן מצב האָט מיך אַלאַרמירט דער מוכתר פון מרחביה יוסף ראַבינאָוויטש („יאַסקע"). איך בין דאַן געווען אין דרעה, אַ צענטראַלע סטאַציע אויפן וועג קיין דמשק. מען האָט געדאַרפט האַנדלען שנעל, וואָס עס זאָל נישט פאַסירן. איך האָב אָפּטראַנספּאָרטירט דעם גאַנצן האַלץ־זאַפּאַס, וואָס איך האָב געהאַט ליגן אויף ווייטע סטאַציעס פאַר און נאָך עפולה, קיין באר־שבע. די עפולהער סטאַציע איז געבליבן אָן האָלץ און די דאָזיקע סטאַציע איז דאָך געווען אויפן סטראַטעגישן וועג צום סועץ־קאַנאַל. די מיליטער־טראַנספּאָרטן האָבן געמוזט בלייבן שטעקן אין מיטן וועג צוליבן פעלן פון הייץ־מאַטעריאַל פאַר די באַנען. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ שטיקל אַרבעט איז געווען זייער געפערלעך און אַלץ איז געשטעלט געוואָרן אויף איין קאָרט. עמיצער האָט דאָך געמוזט „אַנטדעקט" ווערן אַלס דער, וואָס האָט סאַבאָטירט אין די מלחמה־אָנשטרענגונגען. אין צוויי טעג אַרום האָב איך טעלעגראַפירט דעם באַן־דירעקטאָר דיקמאַן (אַ דייטש) און מיטגעטיילט אים, אַז דער פאַרוואַלטער פון דעפאָ מרחביה האָט אָפּגעזאָגט מיינע אַרבעטער. איך ווייס נישט די סיבה און צוועק פון דעם שריט, אָבער איך קען

מער נישט טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער באַהייצונג פון דער באַן אויף דעם דאָזיקן אָפּשניט.

די באַן איז געשטאַנען נישט צום רירן זיך פון אָרט. דיקמאַן האָט באַקומען אַ באַפעל פון דזשעמאַל־פּאַשאַ אויסצופאָרשן די סיבה. ער איז געקומען קיין חדרה און אויסגעפרעגט ביי מיר איינצלהייטן פון דעם ענין. איך האָב אַרויסגערוקט די מיינונג, אַז דאָס קען זיין אַ סאַבאָטאַזש־אַקט פונעם שונא. דיקמאַן האָט מסכים געווען מיט מיר און נאָך צוגעגעבן, אַז שוין פון לאַנג איז ער חושד דעם דאָזיקן גריך (דייטשע פּאַריסנקייט!)... מיר זענען אַרויסגעפאָרן קיין עפולה אויפן באַרג־אַראָפּ־וועג פון מעזריפּ. מען פלעגט דאָרט שיטן טרוקענעם זאַמד אונטער די רעדער פון לאָקאָמאָטיוו, ער זאָל זיך נישט אויסגליטשן אויפן אַראָפּ־וועג, אָבער דער וואַגאָן, אין וועלכן מיר זענען געפאָרן האָט זיך „אויסגעגליטשט". ווען מיר זענען אַראָפּ זען פאַרוואָס דאָס האָט פּאַסירט, האָט מען אונז געזאָגט, אַז אין עפולה האָט דער לאָקאָמאָטיוו נישט באַקומען די נויטיקע „פּאָרציע" טרוקענעם זאַמד. דיקמאַן האָט, פאַרשטייט זיך, געזען אין דעם נאָך אַ באַווייז פאַר דעם גריכס „פאַרעטערישן אַקט". אַ זייגער פינף באַגינען זענען מיר אָנגעקומען קיין עפולה. דיקמאַנס ערשטע פראַגע איז געווען: „ווו איז דער טרוקענער זאַמד?" דער דערשראָקענער טאָמאַ האָט אונז געפירט אויף אַ געוויסן פּלאַץ. אָבער אָנשטאָט אַ זאַפּאַס פון טרוקענעם זאַמד, האָבן מיר דאָרט געפונען — שלאָפנדיקע אַראַבער. דאָס זענען געווען טאָמאַס נייע אַרבעטער. דיקמאַן האָט מער נישט געפאָרשט. ער האָט, אויף אַן אויסגעשפּראָכן טערקישן שטייגער אַראָפּגעלאָזט עטלעכע „קלינגענדיקע" פּעטש אויף טאָמאַסעס צוויי באַקן און געשריגן: „דו נידערטרעכטיקער שפּיאָן!". אויף דער סטאַציע האָט דיקמאַן געגעבן אַ באַפעל דעם פאַרוואַלטער פון דער סטאַציע צו בינדן דעם גריך אין קייטן אים אין די אויגן. ער האָט באַקומען שמיץ מיט אַ „קאָרבאַטש" (אַזאַ נאַגייקע) און איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין דמשק צו אַ מיליטערישן געריכט פאַר „פאַראַט פון פאָטערלאַנד". פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב גלייך אָפּגעזאָגט אַלע אַראַבער און צוריקגעבראַכט די בחורים פון מרחביה.

ניין, עס האָט נישט עקזיסטירט קיין פּראָבלעם פון „דאָפּלטער לאָיאַליטעט". עס איז געווען נאָר איין־און־איינציקע לאָיאַליטעט.

## ג. ר' שמעון רוקח פאַרטיידיקט דעם טערקישן כבוד

אין די טעג פון די קאַמפּן פאַר דער באַפרייאונג פון יפו איז באַרימט געוואָרן דער מעטשעט האַסאַן־בעק. פון דאָרט האָבן אַראַבישע סנייפּערס

געשיקט זייערע קוילן אַזש ביז אין הארץ פון תל־אביב. דאַקעגן די ישראל־דיקע מיליטערישע מאַכט האָט שטרענג געוואָרנט, אַז מען זאָל חלילה נישט אָנרירן זיין הייליקייט בעתן פאַרנעמען יפו. אָבער נישט אַזוי הייליק איז געווען דער מענטש, וועמענס נאָמען דער מעטשעט האָט געטראָגן.

חאַסאַן בעק איז געווען דער קאָמענדאַנט פון יפו אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז געווען באַרימט מיט זיין סאַדיזם. און זיין אכזריות האָט אָנגעוואָרפן שרעק אַרום אים. ער איז געווען אַ מאָרפיניסט און אַזוי האָט ער זיך געפירט: בייטאָג איז ער געשלאָפן און ביינאַכט געאַרבעט. עלף אַזייגער ביינאַכט פלעגט זיך אָנהייבן זיין „הייליקע אַרבעט", וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביזן פרימאָרגן.

האָט ער זיך געגעניטיקט אין צוויי פעקלעך טשוועקעס, אָדער אַנצוג־שטאָף פאַר די אָפיצירן, — וואָס טוט ער? ער שיקט ברענגען צו זיך אין מיטן נאַכט דעם איבערגעשראָקענעם סוחר און דערלאַנגט אים אַ רעקוויזי־ציע־באַפעל און אויב ער האָט נאָך געפונען אַ וועלכן עס איז אויסרייד, פלעגט ער אויך אַרויפלייגן אַ שטראָף פון שמיץ („קאַרבאַטש"). אָבער ער האָט קיינמאָל קיינעם נישט אָנפאַרטרויט דאָס אויספילן די דאָזיקע „מצוה". ער האָט ליב געהאַט צו דערלאַנגען די שמיץ מיט די אייגענע הענט. און כאָטש ער איז געווען אַן אַראַבער, האָט ער נישט געוווסט פון קיין „ראסן־דיסקרימינאַציע" און ער פלעגט שמייסן סיי יידן, סיי אַראַבער. בשעת מעשה פלעגן אים אַרומריבגלען אָנגעזעענע שייכן, וואָס זענען געקומען אים באַזוכן און פלעגן אים חנפנען און לויבן ביז אין זיבעטן הימל אַריין פאַר זיין חכמה און זיינע „איינפאַלן".

איינמאָל האָב איך געדאַרפט דערליידיקן ביי אים אַן ענין פון „וואָסי־קעס". איך בין דערשינען פאַר אים אין די „נאָרמאַלע" אַרבעטס־שעהן, אַזייגער צוועלף ביינאַכט. איך בין איבעראשט געוואָרן טרעפנדיק דאָרט ר' שמעון רוקח (דער פאָטער פון יצחק און ישראל רוקח, דעם געוו. ביר־גערמייסטער פון תל־אביב). איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ר' שמעון איז נישט געקומען אָפּשטאַטן אַ העפלעכקייטס־באַזוך ביי דעם „הייליקן" פון יפו און חאַסאַן־בעק אַליין האָט מיר אויפגעקלערט די סיבה פון דעם באַזוך. „אַ שרעקלעכע זאַך איז אָפּגעטאָן געוואָרן אין נוה־צדק — האָט חאַסאַן־בעק דערציילט מיט גרויס פאַטאָס. — די צוויי ברידער גאָראָדענטשיק האָבן פאַרצויגן אַ שטריק איבער דער גאַס און אויף אים אויפגעהאָנגען וועש". דאָס איז געווען אין קעגנזאַץ צו די געזעצן פון עסטעטיק און היגיענע, וואָס דער הערשער האָט באַשטימט. אָבער נישט דאָס איז דער עיקר פונעם „פאַרברעכן". ווען עס איז צו זיי געקומען אַ קאָרפּאָראַל פון דער פאָליציי האָבן די צוויי ברידער געפרוווט אים איבערקויפן מיט צוויי בישליקעס... קען

מען פֿאַרגעבן אַזאַ פֿאַרברעכן ? אָט זענען די צוויי פֿאַרברעכער דאָ און אָט איז ר׳ שמעון רוקח, פֿון די אָנגעזעענסטע איינוווינער פֿון „נוה־צדק״ — אַזוי דערציילט און שטורעמט מיט פּאַטאָס חאַסאַן־בעק.

ר׳ שמעון האָט אויסגעהערט און נאָך דעם ווי דער הערשער האָט געענדיקט, האָט ער אַ זאָג־געטאָן :

— וואָס ? איבערקויפֿן אַ טערקישן קאַרפּאַראַל מיט צוויי בישליקעס ? — באמת אַ סקאַנדאַל, וואָס האָט נישט זיין גלייכן. איך אַליין וואָלט זיי דער־לאַנגט טויט־קלעפּ, די דאָזיקע צוויי פֿאַרברעכער !

חאַסאַן־בעק איז געווען איבעראַשט באַקומענדיק „דערמוטיקונג״ פֿון אַזאַ אומדערוואַרטער ריכטונג און שוין געפֿרייט זיך מיט דער מעגלעכקייט צו דערלאַנגען שמיץ אין ר׳ שמעונ׳ס און מיין אָנוועזנהייט.

— אַלזאָ, אויך דו האַלטסט, אַז דאָס איז אַ פֿאַרברעכן. ריכטיק ?

— געוויס — האָט געענטפֿערט ר׳ שמעון, דער קלוגסטער צווישן אַלע מענטשן, וואָס איך האָב געקענט — אַ טערקישן קאַרפּאַראַל געבן צוויי בישליקעס ? פֿינף האָבן זיי געדאַרפֿט אים געבן.

— פֿינף ? — און וואָס וואָלט געווען ווען זיי גיבן אים פֿינף ? — האָט זיך חאַסאַן־בעק געוווּנדערט.

— יאָ, — וואָלט בכלל קיינעם אויפֿן געדאַנק נישט געקומען צו ברענגען זיי פֿאַר דיר, אַזייגער איינס ביינאַכט.

חאַסאַן־בעק איז אַ ווײַלע געווען אין פֿאַרלעגנהייט. דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו מיר און געפֿרעגט :

— און דו ווי מיינסטו ?

— געוויס — האָב איך געענטפֿערט — ר׳ שמעון איז אַ חכם, ער האָט רעכט.

— אַזוי ? אַרויסוואַרפֿן זיי פֿון דאַנען, די פֿאַרברעכער ! איינס־צוויי זאָלן זיי גיין צו אַלע רוחות ! — האָט חאַסאַן־בעק געדונערט. און די צוויי יידן זענען ניצול־געוואָרן פֿון דער ווייטיקלעכער און באַליידיקנדיקער שמיץ־רוט.

## ד. ארמענער־שחיטה, אדער צווישן מדבר און ציוויליזאַציע

אין די טעג פֿון דער אַרמענער־שחיטה, האָט זיך יעדן איינעם, און אויך מיר, וואָס איז געווען אַן עדות פֿון דעם גרויל, אויסגעדאַכט, אַז אַזאַ זאַך קאָן פּאַסירן נאָר אין אַזיע, אונטער די פֿליגלען פֿון אַ מוסולמענישער פֿאַר־ביסענער, פֿינצטעריער, און טיראַנישער הערשאַפֿט. היינט ווייסן מיר שוין, אַז דאָס איז בכלל נישט קיין אַזיאַטישער מאָנאָפּאָל. היינט ווייסן מיר שוין, אַז

דער אונטערשיד פון אַזיע ביז אייראָפּע איז בלויז אין די טעכנישע מיטלען. די טערקן, פאַרשטייט זיך, זענען געווען הינטערשטעליק לגבי דער אַנטוויקל־טער „קולטור" פון די דייטשן. זיי האָבן נישט געהאַט נישט קיין קרעמאַטאָ־ריעס, נישט קיין גאַזן און נישט יענע וויסנשאַפטלעכע אייראָפּעאיש־דייטשע פּלאַנמעסיקייט.

און נאָך אַלעמען ווייס איך נישט, ווער פון וועמען עס האָט געלערנט די תורה פון מאַסן־מאָרד און קאָנצענטראַציע־לאַגערן: די טערקן פון די דייטשן, אָדער פאַרקערט. ווען די דייטשן וואָלטן נישט געהאַלטן אויג אויף אַלץ און אַלעמען אין טערקיי, און ווען מיר וואָלטן נישט געקענט די דייטשן, ווי מיר האָבן זיי שפּעטער דערקענט, וואָלטן מיר מעגלעך באַטראַכט דאָס קאַפּיטאַל „אַרמענער־שחיטה" ווי אַן אורשפּרינגלעך־טערקישע „שאַפונג". אָבער ווייל מיר קענען שוין היינט גוט די דייטשע נאַטור און ווייל עס איז שווער אָנצונעמען, אַז אַזאַ זאַך איז געמאַכט געוואָרן קעגן דעם ווילן, אָדער אָן דעם וויסן פון דער דייטשער הויפּט־קוואַרטיר, איז דערלויבט צו באַ־הויפּטן, אַז דאָס איז בלויז געווען אַ „רעפּעטיציע", אויסגעפירט דורך אַנדערע, צו דעם, וואָס זיי אַליין, די דייטשן, האָבן אויסגעפירט מיט אַ פיל גרעסערן פאַרנעם און גרינטלעכקייט מיט פינף און צוואַנציק יאָר שפּעטער.

נאָכדעם ווי צענדליקער טויזנטער אַרמענער זענען פאַרטריבן געוואָרן פון אַרמעניע קיין סיריע, איז אַנטשטאַנען דאָס פּראָבלעם וואָס צו טאָן מיט די מאַסן מענער, פרויען און קינדער. עס זענען צוגעטראַכט געוואָרן דריי וועגן. איינער: דער „לאַגער" אין דער סביבה פון דרעה אויפן וועג קיין כאַדזשאַז. איך זאָג „לאַגער" אין געגנזנפיסלעך, ווייל דאָס, וואָס מיר רופן היינט אָן מיטן נאָמען „לאַגער", אָדער אַפילו קאָנצענטראַציע־לאַגער, שליסט דאָך אויך איין באַראַקן און צעלטן. אָבער נישט אַזאַ איז געווען יענער „לאַגער" אין דעם מדבר פון דרעה. אָן אַ באַראַק און אָן אַ צעלט זענען צענד־ליקער טויזנטער מענער, פרויען און פּיצלעך קינדער אַריינגעוואָרפן געוואָרן אַהין און אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ צוים פון שטעכל־דראָט. סאָלדאַטן האָבן געהיט דעם לאַגער פון אַלע זייטן און קיינעם נישט געלאָזט אַריין און נישט אַרויס. מען האָט געמאָלדן, אַז אין לאַגער הערשט טיפוס און כאָלערע און דעריבער איז פאַרבאָטן וועלכער עס איז קאָנטאַקט מיט די אינטערנירטע. אין די ערשטע טעג זענען דער יאָמער און די געוואַלדן פון די מענטשן אין לאַגער געווען ווי קולות פון חיות אין וואַלד. דערנאָך זענען זיי אַנטשוויגן געוואָרן. די אינטערנירטע האָבן אָנגעהויבן אויסגיין פון הונגער און דורשט (עס איז געווען זומער אין מדבר), ביז זיי זענען אַלע אויסגע־שטאָרבן.

דער צווייטער וועג: מענער זענען מאָביליזירט געוואָרן צו מיליטערישע

אַרבעטן ; דאָס האָט מען גערופן עמאַליה. זיי זענען געשיקט געוואָרן צו שווערע אַרבעטן ; (שאָסייען־בוי און אַנד.). פאַר זייער באַשפּייזונג און אַנדערע באַדערפענישן האָט קיינער נישט געזאָרגט. אויך אין דער אָפּטיילונג, אין וועלכער איך האָב געאַרבעט, אין דער באַן־אָפּטיילונג, האָבן געאַרבעט פיל פון זיי. 480 אַרמענער זענען אויך געווען אין באר־שבע. אין אַ זייער קורצער צייט זענען אַלע אויסגעשטאָרבן פון הונגער און טיפוס. אינעם לאַגער, אין וועלכן זיי זענען געווען אינטערנירט, האָט געווימלט פון לייז, וואָס אַזעלכע גרויסע און עקלהאַפטע האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען. זיי האָבן געווימלט ווי מוראשקעס און פאַרדעקט די לעבעדיקע און די שטומע נאָטור אַרום זיי. דאָס לעבעדיקע איז אויך זייער שנעל שטום, טויט־שטום געוואָרן.

דער דריטער וועג : ווער עס האָט נישט „זוכה" געווען מאָביליזירט צו ווערן אין דער אַרבעטס־אַרמיי און מען האָט אויך נישט באַוויזן אַריינצוזעצן אים אין דעם לאַגער פון דרעה, איז ליקווידירט געוואָרן אויף אַן אַנדער וועג. זיי זענען אויפגעלאָדן געוואָרן אויף באַנען, וואָס זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון כאַדזשאַז און אויפן וועג האָט מען זיי אויסגעלאָדן אין די געגנטן פון עמאַן, מען, טובנק. מען האָט זיי אַוועקגעשליידערט ווו עס זאָל נישט זיין, און ווער עס פלעגט דערנאָך דורכפאָרן אויף דעם וועג, פלעגט נאָך אַ לאַנגע צייט זען דורכן וואַגאָן־פענצטער מענטשן־סקעלעטן.

מיט אַזאַ „באַגאַזש" איז מיר אויסגעקומען אַמאָל צו פאָרן מיט דער באַן, אין מיינע אַרבעטס־אָנגעלעגנהייטן. אויף איינער פון די סטאַציעס האָב איך געזען ווי די אומגליקלעכע פרויען קריכן קוים אַראָפּ פון די וואַגאָנען און בעטן וואַסער פאַר די קינדער. זיי זענען צוגעגאַנגען צום לאָקאָמאָטיוו־פירער און געבעטן זיך ביי אים אַ פּאָר טראָפּנס, געציילטע טראָפּנס בלויז. און ער, אַלס ענטפער אויף זייער ביטע, האָט אַרויסגעלאָזט אויף זיי געדיכטע דאַמף־קנוילן פון לאָקאָמאָטיוו. אין אָנבליק פון דער סצענע זענען מיר געקומען אין זכרון די חורבן־לעגענדעס, וואָס איך האָב אַמאָל געלערנט וועגן די פאַרטריבענע דורך נבוכדנצרן, ווי די אין גלות־פאַרטריבענע יידן האָבן זיך געווענדעט צו די בני־ישמעאל, ווי עס ווענדעט זיך אַ מענטש צו אַ ברודער, און יענע, די „רחמנים בני רחמנים", האָבן זיי געגעבן צו עסן געזאַלצענע שטיקלעך ברויט און געזאַלצענע פיש און דערנאָך, כדי צו שטילן זייער דורשט, געגעבן זיי אָנגעבלאָזענע לאָגלען. די דורשטיקע יידן, מיינענדיק אַז די לאָגלען זענען פול מיט וואַסער האָבן געביסן זיי מיט די ציין, געשלונגען פון זיי די לופט און אַוועקגעפאַלן טויטע. דאַן האָבן מיר געמיינט, אַז דאָס זענען נאָר לעגענדעס ; היינט ווייסן מיר : ניין, דאָס איז נישט געווען

קיין פּראָדוקט פון אַ פאַנטאַזיע און נישט בלויז קיין פאַסירונג פון דער פאַרגאַנגענהייט.

זעענדיק דאָס דאָזיקע בילד ביים לאָקאָמאָטיוו האָב איך נישט געקאָנט זיך באַהערשן. איך האָב אָנגעזידלט דעם לאָקאָמאָטיוו־פירער:

דאָס איז דאָך אַ געמיינהייט! — ווען טוסט דו דאָס, פרויען און קינדער?

איך האָב נישט באַמערקט, אַז הינטער מיר איז געשטאַנען מיין „פריינט", דער באַן־אינספּעקטאָר, וואָס האָט געהאַט די אויפזיכט איבער די באַן־רעלסן. ער האָט געהערט וואָס איך האָב געזאָגט דעם לאָקאָמאָטיוו־פירער און האָט אַ זאָג־געטאָן:

— מען זעט גלייך אַז דו ביסט נישט קיין טערק.

— וואָס הייסט? — האָב איך געענטפערט — יאָ אַ טערק אָדער נישט קיין טערק — וואָס זענען די קינדער שולדיק? זיי קאָנען דאָך נישט זיין שולדיק אין דעם, אין וואָס דו באַשולדיקסט זייערע עלטערן.

— נישט וויכטיק! יעדער אַרמענער ווייביקער, מאַכט פלאַץ פאַר נאָך פינף טערקן.

ניין. עס איז נישט געווען קיין פלאַץ פאַר דיסקוסיע און איבערצייגונג.

קורץ נאָך דעם, ווען אַ נייער לאַגער האָט ווי אַ היישעריק באַדעקט די סביבה פון דמשק, האָט אָנגעהויבן בליען אַ נייער „מסחר". מען האָט געקענט קויפן יונגע מיידלעך פאַרן פרייז פון איין גאָלד־פונט, אָדער פאַר אַ זאַק מעל. די אַראַבער און די טערקן האָבן זיך געלאָזט מיט גרויס גיריקייט אויף דער דאָזיקער מציאה. די הייזער פון די אַראַבישע און טערקישע אָפּי־צירן זענען פול געוואָרן מיט אַרמענישע קעפּס־ווייבער. ביזן היינטיקן טאָג קלינגען נאָך אין מיינע אויערן די יללות, וואָס פלעגן דערגיין פון הינטערן שטאָט — אַ יאָמער און געוויין נאָך אַ שטיקל ברויט.

אויך זיי זענען אויסגעשטאָרבן מאַסנווייז. יעדן פרימאָרגן פלעגן דורכ־פאָרן וועגענער און צונויפנעמען די קרבנות פון הונגער און קעלט.

און איך האָב געוווסט מיט דער פולער זיכערקייט: ווען נישט די מורא פון די טערקן פאַר אַמעריקע, וואָלט אונזער גורל געווען אַזאַ ווי זייערער...

פאַקטיש: ווי דער גורל פון די דאָזיקע אַרמענער, וואָס זענען אומגעקומען אויף אַזאַ „ווילדן", „נישט וויסנשאַפטלעכן" אופן, איז געווען דער גורל פון מיין פאָלק שפּעטער, אָבער נישט צוליב אַזיאַטישע פראַים, נאָר צוליב זייערע לערער און וועג־ווייזער — די פאַרויסגייער פון דער „אייראָפּע־אישער" קולטור.

## ה. מיט דזשאמאל פאשא

אָנהויב 1916 האָב איך פאַרלאָזט מיין אַרבעט אויף דער אייזנבאַן און אַריבער קיין דמשק אויפן אַמט פון פאַרטרעטער פונעם דירעקטאָר פון דער פאַבריק צו רעמאָנטירן האַרמאַטן און אַנדער געווער. די דאָזיקע פאַבריק האָט אויך געהאַט אַ גראַנאַטן־גיסעריי.

אָפיציעל בין איך נאָר געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן מאַכן די קעסטלעך פאַר האַנט־גראַנאַטן. די פאַבריק איז געווען דער הויפּט־ליפעראַנט פאַר דזשאַמאַל פאַשאַס פערטער און פינפטער אַרמיי. מיין מיליטערישער ראַנג איז געווען: אָבערלייטענאַנט.

אין דער פאַבריק האָט געאַרבעט אַן אַרמענישער אינזשיניער, וועלכער פלעגט דערטרינקען זיין באַציאָנאַלן טרויער אין דער „כוסה". דער דירעקטאָר פון דער פאַבריק איז פאַרשטייט זיך געווען אַ דייטש אין דער ראַנג פון אַן אָבערסט.

דאָס בויען די פאַבריק איז פאַרויסגעגאַנגען זייער לאַנגזאַם און דאָס האָט דעם אָבערסט אַרויסגעבראַכט פון די כלים. ער האָט באַקומען אַן אינסטרוקציע צו פאַרענדיקן דאָס אויפשטעלן דעם בנין במשך פיר חדשים. ווי איבעראַשט איז ער געוואָרן, ווען ער האָט געהערט פון מיר, נאָך דעם ווי ער האָט מיך געפרעגט וועגן דעם, אַז מען קאָן די דאָזיקע אַרבעט מאַכן אין צוויי וואָכן.

פיר טעג נאָך דעם שמועס האָט זיך פלוצים באַוויזן אויף אַן אומגעריכטן וויזיט דער „גרויסער" דזשאַמאַל פאַשאַ בכבודו ובעצמו (אין דער פערטער אַרמיי איז געווען נאָך אַ דזשאַמאַל, וועלכן מען האָט גערופן „דער קליינער" צום אונטערשיידן פון „גרויסן"). ער האָט זיך געכאַפּט, אַז מען איז זייער היני־טערשטעליק אין אויפשטעלן די באַראַקן. דער אָבערסט האָט אים עפּעס־וואָס געזאָגט און דורך אגב דערמאָנט דעם נייעם אָבערלייטענאַנט, וואָס טענהט, אַז מען קאָן אויפשטעלן די באַראַקן — יעדער באַראַק אין דער גרויס פון פערציק מעטער — אין פאַרלויף פון צוויי וואָכן.

מען האָט מיך אַרויסגערופן צו דעם מענטש, וועמענס נאָמען איז געווען אַ שרעק־וואָרט אין דער אַרמיי און פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג פון טערקיי. צוליב דעם, ווייזט אויס, געדענק איך אונזער געשפּרעך מיט אַלע פּרטים:

דזשאַמאַל: דו ביסט אַן אָטאָמאַנער?

איך: יאָ, עקסצעלענץ.

— זייט ווען?

— זייט אָנהויב קריג.

— ווו ביסטו געבוירן געוואָרן?

— אין רוסלאַנד.

— ווו האָסטו געוווינט פאַרן קריג?

— אין תל־אביב.

— ווייסטו מיט וועמען דו רעדסט?

— יאָ, מיטן הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער פערטער און פינפטער אַרמיי.

— און צי ווייסטו וואָס פאַר אַ שטראָף עס דראָט דיר, אויב דו זאָגסט־צו עפּעס דעם קאָמאַנדיר און דו דערפילסט עס נישט.

— יאָ, עקסצעלענץ, איך ווייס.

— וואָס איז די שטראָף?

— מיליטער־געריכט.

— (מיט אַ געלעכטער) נאָר דאָס! אָבער ווייזט אויס, אַז דו וועסט צו דעם נישט קומען, דו פאַרמאָגסט פיל געוואַגטקייט. געדענקסטו וואָס דו האָסט געזאָגט דעם אָבערסט, אַז מען קאָן אויפבויען אַזאַ באַראַק אין פאַרלויף פון צוויי וואָכן?

— יאָ, עקסצעלענץ, איך געדענק.

— איך באַפעל דיר דערמיט אָנצוהויבן בויען די בנינים. אין צוויי וואָכן אַרום וועל איך קומען זען דעם שוין אויסגעענדיקטן ערשטן בנין. פאַרשטייט זיך, אַז דו וועסט אָנהויבן בויען אַ בנין פון אָנפאַנגס־אָן.

— איך בין צו דיין באַפעל, אָבער איך בעט דיין הילף.

— וואָס פאַרלאַנגסטו? איך זאָל דיר מאַכן ציגל אָדער ברענגען דיר דאָס האָלץ.

— ניין. די דאָזיקע הילף איז מיר נישט נויטיק. דו האָסט אַנדערע, וויכטיקע אויפגאַבן צו דערפילן. נאָר איך בעט אַ באַפעל, צו געבן יעדן איינעם, וואָס וועט אַרבעטן ביים בנין, נאָך אַ ברויט אַ טאָג.

ער איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט און אַ געשריי־געטאָן:

— וואָס? דו מיינסט, אַז אונזערע סאָלדאַטן הונגערן?

למען האמת איז נישט געווען נויטיק קיין גרינטלעכע אויספאָרשונג, כדי צו וויסן, אַז די טערקישע סאָלדאַטן האָט געפעלט ברויט. זיי פלעגן ממש שטאַרבן פון הונגער, אָבער איך האָב פאַרשטייט זיך געהאַלטן, אַז עס איז „געזונטער" נישט צו דערציילן וועגן דעם דזשאַמאַלן.

— פאַרגיב מיר, עקסצעלענץ. נישט דאָס בין איך אויסן געווען. איך וועל זיך באַמיען דיר צו דערקלערן: אַז מען פאַרלאַנגט פון די סאָלדאַטן שווערע אַרבעט און אַ גרעסערע אָנשטרענגונג איז ווינטשנסווערט צו געבן זיי נאָך אַ ברויט פאַר זייער משפחה אַלס אויסצייכענונג. פאַרשטייט זיך, אַז

ניִשט יעדן איינעם וועט מען געבן דאָס צוגאָבלעכע ברויט, ניִשט די וואָס וועלן זיך פוילן אין דער אַרבעט, נאָר די, וואָס וועלן זיך באמת אויסצייכענען מיִט זייער אַרבעטס־פלייס.

— איך בין אַפילו ניִשט מסכים צו אַזאַ שיטה, אָבער איך בין גרייט, אַלס פּרווו, צו דערפילן דיין ביטע במשך פון צוויי וואָכן.

דזשאַמאַל האָט אונז געהייסן דערלאַנגען אין מיִליטער־שטאַב אַ פולע רשימה פון אַלע מאַטעריאַלן, וואָס זענען אונז נויטיק צו דער אַרבעט. אין צוויי שעה אַרום זענען מיר ווידער געזעסן פאַר אים אין שטאַב־בנין. ער האָט אונז אויפגענומען מיט אויסערגעוויינלעכער פריינטלעכקייט און געזאָגט:

— איך האָב דעם איינדרוק, אַז איך האָב געפונען דעם ריכטיקן מענטש. איך האָף, אַז דיין צוזאָג וועט דערפילט ווערן בשלימות.

עס איז אַרויס אַ באַפעל צו אַלע אַנטשפּרעכנדיקע אַמטן צוצושטעלן אונז במשך פון פיר און צוואַנציק שעה אַלץ, וואָס איז אונז נויטיק.

די סאָלדאַטן האָב איך געזאָגט, אַז איך האָב זיך פאַרפליכטעט אויפצושטעלן דעם ערשטן בנין במשך פון צען טעג. און פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב יעדן איינעם פון זיי צוגעזאָגט נאָך אַ לעבל ברויט. במשך פון ניין טעג האָבן זיי געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. אין די פינף טעג, וואָס זענען פאַר־בליבן ביז צום באַשטימטן טערמין, זענען געפלאַנצט געוואָרן גערטנדלעך אַרום בנין. אין באַראַק זענען אינסטאַלירט געוואָרן טישן און בענק — אַ זאַך, וואָס איז פאַר די טערקישע סאָלדאַטן געווען אַ לוקסוס. אויפן פערצנטן טאָג איז שוין געשטאַנען דער צווייטער בנין דריי־פערטל אויסגעענדיקט.

גענוי אין דער זעלבער שעה, וואָס איז באַשטימט געוואָרן מיט פערצן טעג פריער בעת אונזער שמועס, איז דערשינען דזשאַמאַל אין באַגלייטונג פון די שטאַב־אָפיצירן פון דמשק. דזשאַמאַל האָט געשיקט נאָך מיר. ער האָט מיר געקלאַפּט אין פּלייצע און געזאָגט:

— ווייזט אויס, אַז איך האָב אַ גוטן בליק; איך האָב באַלד דערקענט, אַז דו ביסט אַ מענטש מיט ענערגיע. ווען דאָס פאָטערלאַנד וואָלט געהאַט אַ סך אַזעלכע זין ווי דו, וואָלטן מיר דערגרייכט אַ שנעלן נצחון. דו האָסט געוויזן אַ שיינעם ביישפּיל און איך האָף, אַז דו וועסט ווייטער אַזוי פאָרזעצן. איך באַגריס דיך, איך וועל דיך פאָרשטעלן אין מיניסטעריום צו אַן „אייזערנע האַלבע לבנה”. דאָס טערקישע פאָלק איז דאַנקבאַר די טרייע זין פון פאָטערלאַנד.

איך האָב געענטפערט:

— איך וועל פאָרזעצן אין דער זעלבער ריכטונג און איך האַלט, אַז דאָס איז מיין בירגערלעכער חוב.

זייט דאַן פלעגט דזשאַמאַל מיך באַזוכן זייער אָפט. ער האָט פאַראָרדנט צו העכערן מיין געהאַלט פון דרייסיק אויף זיבן און דרייסיק און אַ האַלבן פונט. במשך פון אַ קורצער צייט זענען אויפגעשטעלט געוואָרן די אַכט און דרייסיק קאַזאַרמע־באַראַקן און די וואַרשטאַטן.

איין מאָל האָט ער מיך איבעראַשט מיט אַ באַזוך בעת אין פאַבריק איז נישט געווען דער אָבערסט און נישט דער איבערזעצער. איך האָב זיך געמאָלדן פאַר אים אַלס דער הויפט־באַאַמטער נישט ווייסנדיק ווי איך וועל רעדן מיט אים. שטאַמלענדיק האָב איך אויף טערקיש געבעטן ביי אים אַנטשולדיקונג און געפרעגט צי ער וועט נישט באַוויליקן אָפּלייגן דעם באַזוך אויף מאָרגן. ער האָט געענטפערט מיט אַ געלעכטער :

— אָבער דו ביסט דאָך אַ פּראַקטישער מענטש און פּראַקטישע מענטשן פאַרשטייען איינער דעם אַנדערן מיט האַלבע ווערטער. ווייז מיר וואָס דו האָסט באַוויזן אויפצוטאָן במשך פון דער צייט.

צוויי און אַ האַלבע שעה האָט געדויערט דער באַזוך און ביים סוף האָט מיר דזשאַמאַל געזאָגט, אַז איך האָב נישט וואָס זיך צו שעמען מיט מיין טערקיש־רעדן. וואָרט ביי וואָרט געדענק איך זיינע שאַרפע ווערטער : „דרך אגב, וועל איך דיר דערציילן אַ סוד, אַז עס איז בעסער צו רעדן אַ שלעכט טערקיש ווי אַ גוטן דייטש”.

אַ צווייטער אויסדרוק פון דער „ליבשאַפט”, וואָס עס האָבן געטראָגן די טערקן צו זייערע דייטשע פאַרבינדעטע איז געווען די מעלדונג פון עקרן־ביי, דעם שטאַב־שעף, צו אנוור־פּאַשאַ, דעם קריגס־מיניסטער, וועלכער האָט געמאַכט קאָמפּלימענטן דער דאָזיקער פאַבריק : „מיין נישט, אַז דאָס איז די אַרבעט פונעם דייטשן אָבערסט — דאָס איז אונזערס אַ מענטש”.

פאַר מיין צוטראַכטן אַ פאַק־קאַסטן פאַר גראַנאַטן, וואָס איז געווען פיל זיכערער און איינגעשפּאָרט זעכציק פּראָצענט פון די מאַטעריאַלן, האָט דער אָבערסט דערלאַנגט מיין נאָמען, צווישן אַנדערע נעמען, צו באַקומען אַן אויסצייכענונג. דזשאַמאַל האָט אויסגעמעקט די אַנדערע קאַנדידאַטן פון דער רשימה, אָבער ער האָט איבערגעלאָזט „אברהם עפענדי, דער איינציקער, וואָס איז באמת ראוי צו באַקומען אַן אויסצייכענונג”...

## ו. ווען שפּאָרזאַמקייט איז פאַרשווענדערישקייט

נאָך דעם ווי מיינע סאָלדאַטן האָבן באַקומען דאָס צוגאָב־ברויט, האָב איך אָנגעהויבן צו לייגן מער אַכט אויף דער קיך. אויך צוויי ברויטן האָבן נישט אָנגעזעטיקט דעם אַרבעטנדיקן סאָלדאַט. אָט וואָס איך האָב געזען :

נאָך אַ מאכל איז געווען, אויסער דעם ברויט : אַ ביסל וואַסער געקאָכט

מיט פּאַרפוילטע טאָמאַטן, פּאַרפוילטע אוגערקעס, אָדער אַן אַנדער גרינוואַרג פון אַ נישט באַשטימטן מין, אָבער זייער „קלאָר" מיט זייער פּאַרפוילטקייט. די דאָזיקע „מציאה" פלעגט מען אונז שיקן טאָג־טעגלעך פון דער פעסטונג אין דמשק. און דאָס אין אַזאַ קוואַנטום, וואָס איז אפשר געווען גענוג פאַר אַ צענט־חלק פון די פאַבריק־אַרבעטער. עס איז נישט וויכטיק צי דאָס איז געמאַכט געוואָרן מיט אַ כוונה פון „אויבן", אָדער איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דעם וועג, וואָס האָט געפירט פונעם הויפּט־ליפעראַנט צום קלענערן צושטעלער און נאָך אַנדערע וועגן, אויף וועלכע עס פלעגט זיך אומעטום עפּעס־וואָס „צוקלעפּן" און דאָס וואָס איז אָנגעקומען איז געווען ווייניק און פון אַ זייער שלעכטער קוואַליטעט.

היות איך האָב גענאָסן פון אַ געוויסן אויטאָריטעט, האָב איך זיך דער־לויבט אויף אַ געפערלעכן, ממש „רעוואָלוציאָנערן" שריט, וואָס האָט מיך שיעור נישט געבראַכט פאַר אַ מיליטערישן געריכט. אַרום דער פאַבריק איז געווען אַ גרויסער שטח פון גוטער אָבער נישט באַאַרבעטער ערד. זי איז געווען הפקר, ווייל דער, צו וועמען זי האָט געהערט, איזה פּאַשאַ, איז פאַראורטיילט געוואָרן דורך אַ געריכט און איז אַנטלאָפן. קיין וואַסער האָט דאָרט נישט געפעלט. דמשק און איר סביבה זענען געווען געבענטשט מיט אַ סך וואַסער. די ערד האָט נישט געשפּאָרט איר וואַסער און גאָט אין הימל האָט איר נישט געקאַרגט קיין זון. גוטע אַרבעטס־הענט האָב איך געהאַט איבערגענוג צו מיין דיספּאָזיציע.

האָב איך זיך געטראַכט: רבונו של עולם! ערד איז פאַראַן, וואַסער איז פאַראַן, זון איז פאַראַן, הענט זענען פאַראַן — פאַרוואָס דאַרפן מיר ברענגען ירקות פון מרחקים? פאַרוואָס נישט צונויפברענגען די אַלע צוזאַמען און אַרויסבאַקומען פון דער ערד פרישע שפּייז? מיינע סאָלדאַטן זענען דאָך אין גרעסטן טייל ערד־אַרבעטער!

געזאָגט און געטאָן.

איך האָב באַפוילן מיינע סאָלדאַטן צו שאַפן אַראַבישע אַקער־אייזנס און מיר זענען צוגעטרעטן דורכאַקערן די ערד מיט דער הילף פון די פערד, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונזער רשות. איך האָב אויך פאַרשאַפט די נויטיקע זריעה און מיר האָבן פאַרזייט אַ שטח פון הונדערט דונאַם. אין פאַר־לויף פון אַ קורצער צייט האָט די ערד אַרום דער פאַבריק אויסגעזען ווי אַ גרינער טעפּיך און די קיך איז פול געוואָרן מיט ירקות מכל המינים.

דער אַפּעטיט וואַקסט מיטן עסן. איך האָב באַשטעלט זריעה פון קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל און באַקומען זי מיט דער מיליטערישער פּאָסט. עס איז שוין געווען אַזוי פיל ירקות, אַז מען האָט שוין געקאָנט אַראָפּנעמען זיי פון פעלד און מיר האָבן אָנגעהויבן פירן זיי מיט פערד־און וואָגן. גאַנצע טאָנען ירקות.

איך האָב אויך אויסגעלערנט די סאָלדאַטן ווי צו וואַשן זיי. פון איצט אָן האָט מען געגעסן צו דער זעט רויע און געקאָכטע ירקות. עס איז נאָך פאַרבליבן ערד און צייט פאַר בלומען־צוכט און גערטנדלעך.

מיט דער דאָזיקער פשוטער טאָט האָב איך געשאַפן אַ באַציאונג, וואָס איז נישט געווען באַקאַנט אין טערקישן מיליטער: אַ באַציאונג פון ליבשאַפט און רעספעקט מצד אַלע סאָלדאַטן צו מיר. נישט דורך קיין באַפעל פון אויבן, נאָר דורך הילף פאַר מענטשן ווערט געשאַפן אַזאַ באַציאונג.

מיין זאָרג האָט זיך נישט נאָר אויסגעשפרייט איבער דער קיך. אויך פאַר לייטישע שיך און קליידער האָב איך געזאָרגט ווי ווייט מעגלעך.

אָבער עס איז שווער יעדן צופרידנצושטעלן. עס איז אויך געווען עמיצער וואָס דער גאַנצער ענין איז אים נישט געפעלן געוואָרן.

אַ געוויסן טאָג האָט זיך ביי מיר באַוויזן אַ מאַיאָר:

— דו ביסט עס דער, וואָס האָט אָרגאַניזירט די גרינוואַרג־צוכט?

— איך.

ער איז אַ מאַיאָר און איך בלויז אַן אָבערלייטענאַנט.

— צי ווייסטו, אַז דו האָסט איבערגעשריטן די גרענעצן פון אַן אויפגאַבע, וואָס געהערט נישט צו דיר? דאָס איז מיין אויפגאַבע. דיינע אויפגאַבן זענען אַנדערע.

— ביטע, זעך־פאַר, האָב איך געענטפערט.

— דאָס איז נישט דיין עסק! דו דערפילסט בלויז אַ באַשטימטע אויפ־גאַבע און דו האָסט אויך אַ געוויסן ראַנג!

דער אַנדייט איז געווען אַ קלאָרער. איך האָב אים געענטפערט:

— איך האָב פאַרשטאַנען, אָבער איך וועל ווייטער פאָרזעצן דאָס, ווייל דאָס איז זייער נויטיק.

— איך וועל דערלאַנגען קעגן דיר אַן אָנקלאַגע און דו וועסט דאַרפן דערשיינען פאַר אַ דיסציפּלינאַר־געריכט.

איך האָב געוואָרפן אויף דער וואָג־שאָל מיין פּאָפּולאַריטעט, וואָס איך האָב זיך דערוואָרבן אַדאַנק מיין אויסצייכענונג און אַדאַנק דזשאַמאַל פּאַשאַס פּריינטשאַפט.

— פּרוווּ. דו וועסט זיך איבערצייגן, אַז דו וועסט גאָרנישט אויפטאָן.

ער האָט נישט פּרובירט.

מעגלעך, אַז איך וואָלט זיך נישט דערמאָנט און איך וואָלט נישט דערציילט די דאָזיקע פּרשה, ווען איך וואָלט פון איר נישט געלערנט און נישט באַנוצט זיך מיט דער דערפאַרונג אויך שפּעטער; ווען איך וואָלט נישט געלערנט, אַז דאָרט ווו עס איז פאַראַן ערד, וואַסער, זון, אַרבעטס־

הענט און גוטער ווילן — קאָן געמאָלט זיין, אַז שפּאָרזאַמקייט זאָל זיין פאַרשווענדערישקייט. .

## ז. אטאמאנישע נאטור־וואונדער

וועגן אַ פאַטער, וואָס איז יינגער פון זיין זון האָט איר געהערט? ניין!

אָט וועט איר הערן. עס איז נישט פאַראַן קיין זאַך, וואָס איז נישט מעגלעך אין דער אָטאָמאַנישער אָרדענונג־סיסטעם.

די טעג ווען איך האָב זיך פאַרפליכטעט פאַר דזשאַמאַל פאַשאַ אויפצושטעלן די באַראַקן אין באַשטימטע טערמינען, זענען געווען ימים נוראים און תשרי־טעג. צוליב מיינע אַרבעטס־פאַרפליכטונגען האָב איך נישט געקאָנט נעמען קיין אורלויב. ווען איך בין ראש־השנה אינדערפרי אַרויס צו דער אַרבעט, האָב איך דערזען אַן אַלטיטשקן זיצן אין אַ ראָוו און וויינען. אויך מיר איז נישט געווען באַזונדערס פריילעך אויפן האַרצן אין אַזאַ טאָג און עס האָט מיך פאַרקלעמט זעענדיק דעם וויינענדיקן זקן. איך בין צוגעגאַנגען צו אים.

— פאַרוואָס וויינסטו?

— איך בין אַ ייד — ענטפערט ער מיר — מען זאָגט, אַז אויך דו ביסט אַ ייד.

— יאָ.

— אין מיין גאַנץ לעבן האָב איך נאָך נישט געאַרבעט ראש־השנה און דאָ צווינגט מען מיך צו אַרבעטן אין הייליקן טאָג.

אמת, עס דאַרף געזאָגט ווערן צום שבח פון טערקישן מיליטער, אַז מען האָט אין מיליטער נישט געצווונגען צו אַרבעטן אין די ימים־טובים. אָבער דער דאָזיקער סאָלדאַט האָט נישט געהערט צו קיין רעגולערער איינהייט, נאָר צו אַ טראַנזיט־לאַגער, אויף וועלכן עס איז נישט געווען גילטיק דאָס געזעץ פון פריילאָזן אויף די ימים־נוראים.

איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין די לאַגע:

— איך קאָן דיך נישט באַפרייען, ווייל דו ביסט נישט מיין סאָלדאַט. אָבער אַזוי ווי דו ביסט קראַנק, קאָן איך געבן אַ באַפעל מען זאָל דיך אַריינגעמען אין קאַראַנטין־שפּיטאָל. אַ מחזור האָסטו?

— איך האָב; איך וועל מתפלל זיין פאַר מיר און פאַר דיר.

— מאָרגן זאָלסטו טאָן די זעלבע זאַך. אַז דו וועסט קומען, זאָלסטו גלייך זיך מעלדן, אַז דו ביסט קראַנק. איך וועל דערליידיקן, אַז מען זאָל דיך גלייך באַפרייען. האָסטו נאָך וועלכע עס איז ביטע?

— יאָ, — האָט ער געזאָגט — איך האָב דאָ אויך אַ זון און אויך ער האָט נאָך קיינמאָל נישט מחלל יום־טוב געווען...

— גוט, איך וועל דערליידיקן אַזאַ באַפרייאונג אויך פאַר אים. עס זענען פאַראַן נאָך יידן?

— ניין.

— אָבער דו ביסט דאָך שוין אַ זעכציקער! וואָס טוסטו דאָ?

— אָט דאָס איז די זאַך. מיין זון איז אַלט 44 יאָר און איך בין פאַר־שריבן אין די דאָקומענטן אַלס 42־יאָריקער. איך פרעג דיך, בעק, דו האָסט דאָך שכל: קאָן אַ פאָטער זיין יינגער פון זיין זון?

איך האָב אים צוגעזאָגט אויפצוקלערן די זאַך. איך האָב זיך באַ־פריינדעט מיטביידן. נאָך דעם, ווי איך האָב זיך דערוווּסט, אַז זייער פאַך איז לאַטען אַלטע זעק, האָב איך זיי געראָטן צו מעלדן, אַז זיי זענען רימערס און איך האָב דערלאַנגט אַ ביטע צום טראַנזיט־לאַגער, אַז מען זאָל די ביידע איבערשיקן צו מיר אויף רימעריי־אַרבעט אין דער פאַבריק.

ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָב איך דעם דייטשן קאָמאַנדיר געפרעגט אַ „רעטעניש": ווער איז עס דער פאָטער, וואָס איז יינגער פון זיין זון? נאָך דעם ווי איך האָב אים אויפגעקלערט פונוואַנען ס'שטאַמט מיין „רעטעניש", האָט ער דעם אַלטן געשיקט אויף אַן אונטערזוכונג, וואָס האָט באַשטעטיקט די ריכטיקייט פון זיין טענה און ער איז באַפרייט געוואָרן.

זייט דאַן פלעגט ער יעדן שבת באַגינען קומען צו מיר און אַנטקעגנ־טראָגן אַ האַרציקן „שבת שלום" אין זיין דמשקער אַראַביש.

## ח. הקול קול יעקב, און די הענט?...

דוד יעלין איז געווען זייער אַנגעזעען צווישן די פאַרטריבענע קיין דמשק. ער האָט גלייך פאַרנומען דעם געהעריקן פּלאַץ. עס איז נאַטיר־לעך, אַז אַזאַ גרויסער דערציער ווי ער, זאָל זיך אינגאַנצן ווידמען דער דערציאונג פון יידישע קינדער. ער האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע השפעה אויף דער דמשקער קהלה.

ווען ער איז צוגעטרעטן אויפשטעלן אַ שולע, האָט ער מיך גערופן צו הילף. קודם כל האָט ער געזוכט אַ פּאַסיקן פּלאַץ פאַר דער שולע. כדי זיך נישט מטפל צו זיין מיט דעם ווי מיט אַן אומלעגאַלער זאַך, האָב איך זיך גלייך געווענדעט צום דייטשן קאָמאַנדיר, וועמען איך בין געווען אונטער־אָרדנט. איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס זענען פאַראַן יידן,

וואָס ווילן דערציִען זייערע קינדער אַזוי ווי זיי האָבן זיי דערצויגן אין לאַנד, אין העברעאיש, און אָט איז פֿאַראַן אַ חורבה, וואָס האָט נישט קיין בעל הבית און מען באַנוצט זיך נישט מיט איר. אויב ער וועט דערלויבן, וועל איך זי רעמאָנטירן מיט דער הילף פֿון מײַנע סאָלדאַטן.

דער דײַטשער קאָמאַנדיר האָט באַשטעטיקט מײַן ביטע און אַזוי בין איך צוגעטרעטן, מיט אַ באַפֿעל פֿון אַ דײַטשן קאָמאַנדיר און מיט אַראַבישע און טערקישע הענט, אויפֿצושטעלן אַ העברעאישע שולע פֿאַר ייִדישע קינדער. און דאָס איז נאָך נישט גענוג — אויך די בוי־מאַטעריאַלן זענען געווען פֿון טערקישן מיליטער.

בעתן רעמאָנטירן דאָס הויז, האָט מען אויף די ווענט, הינטער דעם קאַלך און טינק, אַנטדעקט אַלטע העברעאישע אויפֿשריפֿטן. מיר פֿלעגן אָפּקראַצן דעם קאַלך און דוד יעלין איז געווען מלא התפּעלות פֿונעם וווּנדערלעכן אַלט־העברעאישן סטיל פֿון די אויפֿשריפֿטן.

איך האָב באַקומען אורלויב אויף אַ וואָך און במשך פֿון דער צײַט האָב איך מיט די הענט פֿון מײַנע סאָלדאַטן אויפֿגעשטעלט אַ שולע און איבערגעגעבן זי אין רשות פֿון דוד יעלין ז״ל.

## ע. אין געראַנגל מיט „ניל״י״

מײַן פּאָזיציע אין דער פֿאַבריק האָט פֿאַרשטאַרקט זיך, שטאַרק געלאָקט דער גרופּע פֿון אַנטי־טערקישן שפּיאָנאַזש, וואָס איז אַנטשטאַנען אין ישוב אונטער דער אָנפֿירונג פֿון די אַראָנסאָנס. לויט די באַשטעלונגען אין דער דאָזיקער געווער־פֿאַבריק און לויט דער פּראָדוקציע, וואָס ווערט דאָרט אַרויסגעגעבן, האָט מען געקאָנט זיך אָריענטירן אין די פּלענער פֿון דײַטשיש־טערקישן מיליטער־שטאָב. וואָס איז אַלזאָ דאָס ווונדער, וואָס די „ניל״י״ גרופּע האָט געזוכט אַ קאָנטאַקט מיט מיר. אָבער איך האָב זיך קאַטעגאָריש קעגנגעשטעלט. איך האָב צוגעזען דעם גורל פֿון די אַרמענער און מורא געהאַט פֿאַר דעם גורל פֿונעם שוואַכן ישוב. איך האָב אין שפּיאָנאַזש לטובת ענגלאַנד געזען אַ סכּנה פֿאַר אַלע ייִדן. אָבער שרה אַראָנסאָן און יוסף לישאַנסקי האָבן נישט נאָכגעלאָזט און געדריקט אויף מיר אַן אויפֿהער.

זעענדיק, אַז זיי האָבן גאָרנישט אויפֿגעטאָן מיטן כּוח פֿון פּאָליטישער איבערצײַגונג, האָבן זיי פּרובירט אויף אַן אַנדער וועג. זיי האָבן מיר מודיע געווען, אַז צו מײַן דיספּאָזיציע זענען געשטעלט געוואָרן קאָסטנס גאָלד. מײַן ענטפֿער איז געווען:

— אויב די זאַך איז פֿאַרבונדן, לויט מיין מיינונג, מיט אויסשטעלן אויף אַ געפֿאַר דעם גאַנצן ישוב, וועט איר מיך נישט „בעמען" אַפּילו מיט גאָלדענע בערג.

אַ האַלב יאָר האָבן אָנגעהאַלטן די באַזוכן פֿון די צוויי ביי מיר אין דמשק, אָבער — אומזיסט.

איינמאָל בין איך געשיקט געוואָרן קיין חיפה צו רעקוויזירן (קעגן אַ געוויסער אָנטשעדיקונג) מאַטעריאַלן און מאַשינען, וואָס זענען געווען בויטיק פֿאַרן אויפשטעלן אַ נייע פֿאַבריק. איך בין געזעסן אין „כרמל"־האָטעל און געגעסן אָוונט־ברויט מיטן מיליטערישן קאָמאַנדיר פֿון חיפה, מיטן דירעקטאָר פֿון דער אָטאָמאַן־באַנק און צוויי הויכע אָפֿיצירן. פּלוצים האָב איך דערזען שרה און יוסף אַראָנסאָן קומען אַריין אין זאַל. דער פּלאַץ איז געווען באַשטימט בלויז פֿאַר מיליטער־לייט און דער האָטעל־אייגנטימער האָט זיי נישט געוואָלט געבן קיין צימערן אין האָטעל. נאָך אַ לאַנגן בעטן זיך, האָט דער האָטעל־אייגנטימער מסכים געווען צו געבן זיי אַן אָוונט־ברויט.

דיביידע האָבן זיך אַרומגעזעצט נאָענט צו מיר און גערעדט צווישן זיך העברעאיש, כדי זייערע רייד זאָלן דערגיין צו מיר.

יוסף האָט געזאָגט, ווי ער וואָלט גערעדט צו שרהן:

— אברהם, מיר מוזן זיך זען מיט דיר.

פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב נישט געגעבן קיין פּינטל מיטן אויג. דער מיליטערישער קאָמאַנדיר האָט זיך געפֿרעגט צי איך קען די פּרוי. איך האָב געענטפֿערט, אַז נישט. ווייזט אויס, אַז זי האָט אַרויסגערופֿן זיין אויפֿמערקזאַמקייט מיט איר אויסזען, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַ געוויסע צוציִאונגס־קראַפֿט.

איך האָב געוואָלט אַרויסדרייען זיך פֿון דער דאָזיקער באַגעגעניש. איך בין אַרויס פֿון האָטעל און אַוועק צום שערער פּייטעלסאָן. דאָרט האָב איך געטראָפֿן יאָסקען, דעם מוכתר פֿון מרחביה. פֿון אים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער ענין מיט דער שפּיאָנאַזש־גרופּע איז שוין אומעטום באַקאַנט און עס דראָט אונז אַן ערנסטע געפֿאַר.

מיט אַ כוונה בין איך געבליבן זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט, כדי נישט צו טרעפֿן זיך מיט שרהן און יוספֿן. אָבער שטייענדיק 12.30 נאָך האַלבער נאַכט אויף די טרעפּ פֿון „כרמל"־האָטעל, האָב איך זיי באַמערקט, ווי זיי וואַרטן מיך אָפּ. לישאַנסקי האָט געזאָגט:

— איצט מוז איך רעדן מיט דיר עטלעכע ווערטער. עס האַנדלט זיך וועגן אַ זייער דרינגענדן ענין.

איך האָב בלויז געענטפֿערט:

— געדענקט וואָס איך האָב אייך געזאָגט בעת איך האָב אייך געבעטן דערוויטערן זיך פון מיר, — און איך בין שנעל אַריין אין האָטעל.

אין צוויי וואָכן אַרום האָט מען געכאַפּט בעלקינדן. דער גאַנצער ענין איז געוואָרן אויפגעדעקט. די טורמע „חאַן־אל־פּאשא" אין דמשק איז פול געוואָרן מיט יידן. ווען נישט מיין אַנטשלאָסנקייט, וואָלט איך געוויס געווען צווישן זיי.

אין דעם טאָג, ווען מען האָט אויפגעהאָנגען לישאַנסקין און בעלקינדן, בין איך אַריין אין אַ צימער, וווּ עס זענען געזעסן צוויי טערקישע אָפיצירן. איך האָב באַמערקט, אַז מיט מיין אַריינקומען האָבן זיי איבערגעריסן זייער געשפּרעך און איך האָב געוואָלט אַרויסגיין פון צימער. זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז איך האָב אויפגעכאַפּט עפּעס־וואָס פון זייער געשפּרעך און זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי רעדן וועגן צוויי אַרמענער, וואָס זענען אויפגעהאָנגען געוואָרן. דערנאָך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס זענען נישט קיין צוויי אַרמענער, נאָר צוויי יידישע העלדן, וואָס האָבן געוואָלט מיט זייער איבערצייגונג און מיט זייערס אַ באַזונדערן וועג דערנענטערן די יידישע גאולה. און הגם איך בין געווען קעגן זייערע מעשים — האָב איך ביי מיר אין האַרצן אָפּגעגעבן כבוד זייער איבערגעגעבנקייט און זייער קרבנות־גרייטקייט.

## 7. אין זכות פון יום־כיפור

„שלח לחמך על פני המים, כי ברוב הימים תמצאנו" — לאָז אַוועק דיין ברויט אויפן וואַסער, וואָרום אין אַ צייט אַרום וועסטו עס געפינען — האָט געזאָגט דער חכם מכל האדם, אָבער ווייזט אויס, אַז נישט בלויז דער, וואָס לאָזט אַוועק זיין ברויט אויפן וואַסער, נאָר אויך דער וואָס שיקט זיין פאַסטן צום הימל, באַקומט אַ שכר. דוכט זיך מיר, אַז אין זכות פון אַ יום־כיפּור בין איך ניצול געוואָרן פון אַ בייזס.

די מעשה האָט פּאַסירט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און איך בין דאַן געווען אין דינסט פון די טערקן אין דער אַמוניציע־פאַבריק אין דמשק.

און אָט וואָס עס האָט פּאַסירט:

אויך אין די קריטישסטע מלחמה־טעג פלעגט די טערקישע מאַכט באַפרייען אויף די ימים־טובים יידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געבעטן און באַקומען דעם דאַזיקן אורלויב. איבעריק צוצוגעבן, אַז דאָס איז אויך געווען גילטיק לגבי די מוסולמענער, ווייל טערקיי איז דאָך געווען מוסולמעניש.

אָבער לגבי די איסלאַם־געזעצן איז דאָס געווען אַביסל קאָמפּליצירט. מעקאַ, די פאַרן איסלאַם הייליקע שטאָט, איז אָפּגעריסן געוואָרן פון טערקיי, און אין מעקאַ, און נאָר אין מעקאַ, פלעגט מען פעסטשטעלן דעם יאָר־קאַלענדאַר און זייערע ימים־טובים. ווי באַוווּסט איז ממש דאָס זעלבע געווען אויך ביי אונז אין די אַמאָליקע צייטן. סנהדרין אָדער נשיאים און חכמים פלעגן פעסטשטעלן אין ירושלים אָדער — נאָכן חורבן — אין יבנה און אין טבריה, דעם זיץ־אָרט פון די נשיאים, דעם לוח און די ימים־טובים און מען פלעגט וועגן דעם מודיע זיין אַלע יידן, ווו זיי זאָלן נאָר נישט זיין אָדער דורך שליחי בית־דין, אָדער דורך שייטערס.

און אָט זענען די מוסולמענישע גלויביקע אָפּגעריסן געוואָרן פון זייער הייליקער מעקאַ און לויט קאָמפּליצירטע אויסרעכענונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין דמשק, האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז זייער „בירם״־יום־טוב פאַלט אויס דאָס יאָר אין אונזער יום־כיפור.

די לאַגע אויפן פראָנט איז געווען זייער אַ שלעכטע און דאָס טערקישע מיליטער און די דייטשן האָבן ממש געכאַפּט פון אונטער די הענט דאָס געווער, וואָס מיר האָבן פּראָדוצירט, און פונדעסטוועגן האָבן מיר נאָך אַ באַראַטונג מיטן דייטשן אָבערסט, דעם דירעקטאָר פון דער אַמוניציע־פאַבריק, באַשלאָסן צו באַפרייען אויף דעם טאָג אַלע סאָלדאַטן, וואָס זענען געווען אין דער קאַזאַרמע און האָבן געאַרבעט אין דער פאַבריק. און אויב אַזוי, בין איך דאָך געווען פטור צו בעטן אַ ספּעציעלן אורלויב פאַר מיר לכבוד יום־כיפור, ווייל ממילא איז דאָך די פאַבריק געווען געשלאָסן.

און די יום־כיפור־נאַכט איז אַדורך אָן שום שטערונג. איך בין צו כל נדרי געגאַנגען אין שול אַריין דאַווענען. צוזאַמען מיט די דמשקער יידן האָב איך תפילה־געטאָן פון טיפן האַרצן „השיבנו אליך ונשובה חדש ימינו כקדם״.

איך בין אַהיימגעקומען און געלייגט זיך שלאָפן. איינס אַזייגער נאָך האַלבער נאַכט קלאַפּט מען אין טיר. עס איז דערשינען דער אַדיוטאַנט פונעם פאַבריק־דירעקטאָר און געהייסן מיך אַרויסגיין. אין דרויסן, אויפן הויף, האָט אויף מיר געוואַרט דער אָבערסט: איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז עס האָט פאַסירט אַן ערנסטע זאַך.

און אָט וואָס עס האָט פאַסירט: אין אַ צופעליקן שמועס, אין אָפיצירן־קלוב, האָט דער אָבערסט דערציילט די אָפיצירן פון שטאַב וועגן שליסן די פאַבריק אויף אַ טאָג צוליבן „בירם״. צו זיין גרויס פאַרוואונדערונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז געווען אַ טעותדיקע אויסרעכענונג און אַז עס איז נישט מאָרגן דער „בירם״־יום־טוב. אַ הויכער אָפיציר פון שטאַב האָט אויך אויסגעדריקט זיין פאַרדרוס וואָס צוויי נישט־מוסולמענער, אַ

דייטש און אַ ייד, באַשטימטע מוסולמענישע ימים־טובים. און אויב מיר וועלן נאָך צוגעבן די ערנסטע לאַגע אויפֿן פראָנט, ווערט דאָך די פֿאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן באַפֿרייען פֿון דער אַרבעט אַ גאָר ערנסטע זאַך. אין אַזאַ לאַגע איז נישטאָ קיין אַנדער ברירה, לויט דעם אָבערסטס מיינונג, נאָר איך דאַרף מאָרגן פֿרי גיין אין דער קאַזאַרמע און פֿאַרהאַלטן די סאָל־דאַטן, זיי זאָלן נישט אַרויסגיין אויפֿן אורלויב. וואָס איז באַשטימט געוואָרן פֿון אַזייגער פֿיר באַגינען.

קיין סך צייט אַריינצוטראַכטן האָב איך נישט. זייער „בּירם" — מילא! אָבער וואָס וועט זיין מיט מיין יום־כּיפּור? אין אונזער לוח איז דאָך זיכער נישטאָ קיין טעות און קיין אורלויב האָב איך דאָך נישט געבעטן...

איך פּרוביר געבן צו דערקלערן דעם דייטשן אָבערסט, אַז דער דאָזי־קער טאָג איז אַ הייליקער פֿאַר יידן, איך האָב קיינמאָל אים נישט מחלל געווען און ווען איך וואָלט געבעטן אורלויב, וואָלט איך דאָך אָן שום ספק, אים באַקומען.

אומזיסט.

לגבי אַ דייטשן אָבערסט עקזיסטירט בלויז איין קדושה: בּעפֿעל איזט בּעפֿעל! און נישט געקוקט אויף די פֿריינדלעכע באַציִונגען, וואָס האָבן געהערשט צווישן אונז, האָט ער גענומען אָן ערנסטן טאָן און געגעבן אַ באַפֿעל:

„איך באַפֿעל דיר מאָרגן צו זיין אין פֿאַבריק".

עס איז מיר נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה. איך האָב זיך געשטעלט אויף „אַכטונג" און געענטפֿערט: „צו דיין באַפֿעל". אין אַ שעה אַרום בין איך אַוועק אין פֿאַבריק און די זאַך האָט מיך גוט פֿאַרדראָסן. עס האָט מיך פֿאַרדראָסן, וואָס איך מוז מחלל זיין דעם הייליקן טאָג און עס האָט מיך פֿאַרדראָסן דער באַפֿעלערישער טאָן, וואָס ער האָט געברויכט לגבי מיר.

דער אַרבעטס־טאָג אין פֿאַבריק האָט זיך אָנגעהויבן ווי געוויינלעך, אָבער נישט ווי געוויינלעך איז פֿאַרגעקומען אָן אויספּרייס בעתן אָנפֿילן די דעטאָנאַטאָרן און ביי איינעם פֿון די סאָלדאַטן זענען אָפּגעהאַקט געוואָרן דריי פֿינגער. איך האָב אים אָוועקגעפֿירט אין נאָענטן דייטשן מיליטערישן שפּיטאָל. דער הויפּט־דאָקטאָר איז נישט געווען אויפֿן אָרט. ווו איז ער? ער איז געגאַנגען אין שול אַריין, ווי עס האָט מיר געזאָגט דער סאַניטאַר פֿון דער אָפּטיילונג. איך בין געוואָרן איבעראַשט. דעם פֿאַרוווּנדעטן האָט מען געגעבן די ערשטע הילף און עס איז אים לייכטער געוואָרן, נאָר מיר איז נישט לייכטער געוואָרן. אדרבא, מיר איז נאָך שווערער געוואָרן אויפֿן האַרצן און איך האָב מקנא געווען דעם דאָקטאָר, וואָס געפֿינט זיך אין די דאָזיקע הייליקע שעהן צווישן יידן וואָס טוען תּפֿילה צו גאָט.

נאָך מיטאָג האָט זיך פּלוצים באַוויזן דער אָבערסט און געבראַכט אַ ברייטהאַרציקן פאָרשלאַג: ער איז גרייט מיך צו פאַרגיטיקן און דערלויבן מיך פייערן מיין יום־טוב... צומאָרגנס.

און גיי דערצייל דעם דאָזיקן גוי דעם ענין פון יום־כיפור, דעם ענין פון תפילה־טאָג אין דעם דאָזיקן איינציקן טאָג אין יאָר מיט אַלע יידן אויף דער גאָרער וועלט. די דאָזיקע השתפכות הלבבות, דאָס דאָזיקע מעכטיקע צונויפגיסן זיך פון נשמות פון איין עק וועלט ביז צו דער צווייטער; גיי גיב אים צו פאַרשטיין, אַז אַזאַ טאָג לאָזט זיך נישט אָפּלייגן און האָט נישט קיין פאַרגיטיקונג מיט „אַ פריי זיין פון אַרבעט" אַן אַנדער טאָג.

אַז איך האָב אָפּגעוואָרפן זיין פאָרשלאַג, האָט ער פאַרשטאַנען ווי שטאַרק דאָס האָט מיר וויי געטאָן. ער האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און ער האָט מיך באַפרייט פון דער ווייטערדיקער אַרבעט אין דעם טאָג.

און איך האָב נאָך באַוויזן צו קומען צו „נעילה".

אין שול האָב איך „אַנטדעקט" פיל יידן. סאָלדאַטן און אָפיצירן, וועלכע איך האָב געהאַלטן פאַר עסטרייכער, דייטשן און טערקן זענען גאָר „אחינו בני ישראל", וואָס מיט זייער ווייט־זיין אַ גאַנץ יאָר פון זייער פאָלק און אמונה האָט זיך צו יום־כיפור אַנגעצונדן אין זיי דער יידישער פונק.

און זייענדיק צופרידן וואָס איך האָב פונדעסטוועגן געקאָנט פאַר־ענדיקן דעם דאָזיקן טאָג צווישן יידן, פאַרבעט איך זיי צו מיר אויף דער „סעודה המפסקת". קיין „כשרער" רעסטאָראַן איז דאָן נישט געווען אין דמשק און מען טאָר נישט לאָזן די דאָזיקע יידן, הגם זיי זענען נישט שטרענג אָפּגעהיטן אין אַלע מצוות, פאַראומרייניקן זייערע מיילער מיט טריפה, בעת זייער הייסע תפילה ליגט זיי נאָך אויף די ליפּן. פאַר דער כשרות פונעם פלייש ביי מיר אין שטוב איז נישט געווען דער מינדסטער חשש, שוין בלויז צוליב דעם טעם, וואָס עס איז נישט געווען בכלל קיין פלייש און אויך נישט קיין געבראָטענע גענדז. אָבער פיתה'ס זענען געווען און אייער און זיתים און טאָמאַטן און קעז. און פרישע און קאָנסערווירטע פרוכטן זענען געווען, און אַראַק און כאַלווע און איבער אַלעם: שמחה איז געווען. אַ שמחה פון אַ קליינער גרופּע יידן, וואָס יום־טובן צוזאַמען אין אַ ים פון גויים.

ביז חצות האָט זיך פאַרצויגן די דאָזיקע סעודה און איך וועל נישט יוצא זיין דאָס לויבן זי, אויב איך וועל נישט לויבן די בעל־הביתטע, וואָס איז אומדערוואַרטעט געשטעלט געוואָרן פאַר אַזאַ נויטווענדיקייט: געבן צו עסן דרייסיק אומגעריכטע געסט. אָבער קיינער האָט זיך נישט געקאָנט באַקלאָגן, אַז ער האָט נישט געגעסן צו דער זעט.

אָבער אויך מיט דעם איז נאָך נישט פאַרענדיקט די געשיכטע מיט דעם יום־כיפור.

אין צוויי טעג אַרום איז אָנגעקומען דער באַפעל, אַז איך דאַרף אַוועק אויפן טול־כרם׳ער פראָנט צו אינסטאַלירן דאָרט קעגנלופט־האַרמאַטן, וואָס זייער צאָל איז געווען אַ זייער קליינע.

וואָס זאָל איך זאָגן? דער דאָזיקער באַפעל האָט ביי מיר נישט אַרויס־גערופן קיין איבעריקע התלהבות. דאָס זענען געווען כמעט די לעצטע טעג פון דעם פאַרצווייפלטן טערקיש־דייטשן קאַמף אויף דעם פראָנט. פאַקטיש האָט זיך שוין געהאָט אָנגעהויבן דער פונאַנדערפאַל. און וועלכע „פאַט־ריאָטישע" פליכט צווינגט עס מיך צו שטופן זיך אַהין דווקא אין אַזאַ מאָ־מענט?

איך בין זיך מודה און איך וועל זיך נישט שעמען: דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געזוכט אַ וועג ווי צו באַפרייען זיך פון אויספירן דעם דאָזיקן באַפעל, טראָץ דעם וואָס איך בין געווען אין מיליטער־דינסט. עס האָט זיך פאַרשטאַרקט אין מיר די בענקשאַפט צום לאַנד, נאָר כדי צו לעבן דאָרט, און נישט כדי אומצוקומען אין דער דאָזיקער נישט־מיינער שלאַכט אין טערקישן מיליטער.

און אָט איז געקומען צו־הילף יענע תפילת „נעילה" און יענע „סעודה מפסקת" ביי מיר אין שטוב.

דער ייִדישער מיליטערישער דאָקטאָר, וועלכן איך האָב דערמאָנט פריער, האָט מיך זיינער צייט געהאָט אויסגעהיילט פון דער מאַלאַריע. אָבער ביז יענעם יום־כיפור איז מיר אויפן געדאַנק נישט געקומען אַז ער איז אַ ייִד. און ווי ער האָט מיר דערציילט נאָכן דאַווענען, ווען מיר זענען ביידע איבעראַשט געוואָרן באַגעגענענדיק זיך אין אַ שול, האָט ער אויך נישט געוווּסט גענוי צי איך בין אַן אַרמענער צי אַ גריך, נאָר איינס איז ער געווען זיכער: אַז איך בין נישט קיין טערק און נישט קיין ייִד.

איצט בין איך צו אים צוגעגאַנגען און אים אָפן דערציילט, ווי עס רעדט איין ייִד מיטן צווייטן, וואָס עס דריקט מיך אויפן האַרצן. איך האָב געבעטן אַ באַשטעטיקונג פאַר אַ קראַנקהייטס־אורלויב אויף אַ וואָך, כדי נישט צו דאַרפן גיין אויפן פראָנט.

ער האָט דאָס גוט פאַרשטאַנען. ער האָט מיר באַשטעטיקט אַן אורלויב אויף צוויי טעג און קומען נאָך די צוויי טעג צו פאַרלענגערן אים (לויט אַ בפירושער פאַראָרדענונג האָט מען נישט געטאָרט געבן אַ קראַנקן, וואָס ליגט ביי זיך אין שטוב, קיין אורלויב לענגער ווי אויף צוויי טעג). אָבער דאָס איז געווען גענוג.

חול המועד סוכות בין איך „געזונט געוואָרן" און צוריקגעקומען אין

פּאַבריק. דאָ האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אויף מיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן אַ דייטש מיטן נאָמען שולצער, וועלכער האָט פריער געאַרבעט אַלס אַרבעטס־לייטער אין איינער פון קרופּס אַמוניציע־פאַבריקן. ער איז געשיקט געוואָרן אויפן פראָנט צוזאַמען מיט דרייסיק סאָלדאַטן. בלויז אַכט פון זיי זענען צוריקגעקומען. די איבעריקע, מיט שולצערן בראש, זענען צעריסן געוואָרן פון אַ באָמבע וואָס איז אויף זיי אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון אַ נידעריק־פליענדיקן עראָפּלאַן.

איין דייטשער אָבערסט האָט געוואָלט פאַרשטערן מיין יום־כיפור און אַ צווייטער דייטש איז געווען מיין כפרה.

אַזוי האָב איך געשיקט מיין פאַסטן צום הימל, ווייל איך בין דעם טאָג אָנגעשריבן געוואָרן צום לעבן.

## יא. נישט קיין טערק, נישט קיין ענגלענדער – א ייד

אין די טעג, ווען די ענגלענדער זענען געשטאַנען אין ואדי צאראר, נאָכן פאַרנעמען ירושלים, איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין תל־אָביב, וואָס איז איצט געווען פוסט. מען האָט מיר באַפוילן צו ברענגען פאַרשיידענע מאַטעריאַלן פון יפו. דער אויסזען פון די צוויי פוסטע שטעט, תל־אביב און יפו, איז געווען אַ שרעקלעכער.

איך האָב שוין אין מיין לעבן געזען פיל טרויעריקע און אַפילו דערשיטערנדיקע בילדער, אָבער אפשר איז דאָס איינס פון די טרויעריקסטע בילדער: אַ שטאָט — נישט אין רואינען, נאָר מיט אַלע אירע הייזער און גאַסן און זי איז ליידיק און וויסט. נישטאָ קיין לעבעדיקער מענטש. נישט קיין קול און אַפילו נישט קיין הונט און קיין קאַץ, וואָס זאָלן שטערן די שטומקייט פון דער וויסטעניש. פון צווישן די טראָטואַר־שטיינער גייט אויף הויכע ווילד־גראָז ווי צו דערציילן, אַז ס'איז נישטאָ קיין לעבעדיק באַשעפעניש אויף דעם אָרט.

דאָס איז תל־אָביב?

און איך ווייס נישט פאַרוואָס: דווקא דאָס דאָזיקע בילד האָט אין מיר דערוועקט אַ פאַרלאַנג צו פלאַנצן אַ בוים אויף דעם אָרט, אפשר, כדי צו ווייזן די שטיינער, די הייזער, די גאַסן מיין טיפן גלויבן: איר וועט נאָך געטרייסט ווערן. עס וועט צוריקקומען אַהער און וועט נאָך דאָ בויען דער מענטש, עס וועט נאָך דאָ זיין לעבן, קינדער וועלן זיך דאָ נאָך שפּילן.

איך האָב באַקומען אַ בוים ביים דייטש אָרט אין שרונה און אין איינזאַמקייט און שווייגן האָב איך אים פאַרפלאַנצט. ווי גרויס איז געווען מיין

פרייד ווען כ'האָב צוריקקומענדיק אין יאָרן אַרום אין מיין הויז אויף נחלת־בנימין, געפונען דעם בוים אַ צעוואַקסענעם. איך מיין, אַז ער לעבט נאָך ביזן היינטיקן טאָג.

איינמאָל בין איך געזעסן ביים אָונט־ברויט מיטן קאָמאַנדיר פון יפו. פּלוצים איז אַריינגעקומען דער שייך באַדעס פון שייך מוניס און דער־ציילט, אַז די יידישע וועכטער פון תל־אָביב גיבן סיגנאַלן צו די ענג־לענדער. פון צווישן די זיבן יידן, וואָס האָבן דאַן געהאַלטן וואַך איבערן פּאַרלאָזטן יידישן פּאַרמעגן, זענען געווען סעדיה שושני, אַלשאַן (דאַן אלשאנסקי) און אברהם אלדמע (דאַן אייזנשטיין).

איך בין אויפגעשטאַנען פון מיין פּלאַץ און געזאָגט דעם מיליטערישן קאָמענדאַנט, אַז דער שייך זאָגט בייזווילליק ליגן, אָדער ער זעט עס מיט די אויגן פון זיין מזרח־פאַנטאַזיע.

דער קאָמענדאַנט האָט גענויגט צו גלויבן דעם אַראַבער. דאַן האָב איך פאָרגעשלאָגן אַן אינספּעקציע גלייך אויפן אָרט. רייטנדיק אויף פערד, זענען מיר אַוועק קיין תל־אָביב. מיר זענען אָנגעקומען צום פּלאַץ, ווו עס איז איצט די אלנבי־גאַס. דאָרט האָב איך דערוויזן דעם קאָמאַנדיר, אַז די ליכטער, וואָס בליצן אויף יעדעס מאָל, זענען נישט מער ווי די פייער־בליצן נאָך יעדן אַרטילעריע־שאָס אין וואדי־צאַראַר. די אָפּקלאַנגען פון די שאָסן האָבן זיך גוט געהערט. נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, האָט דער קאָמענדאַנט אָנגעזידלט דעם שייך באדעס, זאָגנדיק אים, אַז „ער איז אַ פעלאַך און פאַרשטייט נישט אין מלחמה־ענינים”.

דער קאָמענדאַנט האָט מיר געראַטן פאַרלאָזן די שטאָט, ווייל דער פראָנט דערנענטערט זיך. דאַן האָב איך צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן צוויפּ־לען. אָבער עס האָט דעצידירט דער פאַקט, אַז אין דמשק זענען פאַרבליבן מיין פרוי מיט די פיר קינדער. איך בין אַרויסגעפאָרן מיט דער לעצטער באַן וואָס איז אַרויס פון רמלה קיין דמשק. דער צוג איז אָנגעגריפן געוואָרן דורך ענגלישע עראָפּלאַנען און אַ פערציק פערזאָן זענען געהרגעט געוואָרן. דאָס איז געווען צווישן רמלה און ווילהעלמא. ווער עס איז לעבנ־געבליבן האָט זיך אויסבאַהאַלטן אונטערן בריק ביזן פרימאָרגן. אינדערפרי האָבן מיר מיט דער באַן פאָרגעזעצט די רייזע, וואָס האָט געדויערט צוועלף טעג.

אין דמשק האָט מיך אויפגענומען דער דייטשער אָבערסט מיט גרויס פרייד, ער האָט געזען אין מיין צוריקקומען אַ סימן פון בירגערלעכער לאָיאַ־ליטעט.

אָבער נאָך גרעסער איז געווען די פרייד פון מיין משפחה און פון די דמשקער יידן. איך האָב זיך דערוווסט, אַז מען האָט מיך שוין געהאַלטן

פאַר אַ טויטן. מיין משרת, וועלכער איז אַנטלאָפן נאָכן באָמבאַרדירן די באַן אין רמלה, איז אָנגעקומען קיין דמשק, האָבנדיק מיט זיך מיינע חפצים. קיין בלוט־פלעקן האָט מען, וואָס אַן אמת, נישט געפונען אויף די קליידער, אָבער פונדעסטוועגן האָט מען שוין מער נישט געהאָפט צו זען מיך אַ לע־בעדיקן.

די ידיעה וועגן יידישן לעגיאָן איז דערגאַנגען ביז דמשק מיט אַ „צור־גאָב" פון לעוואַנטינישע פאַנטאַזיעס. מען האָט דערציילט, אַז פערציק טויזנט יידן זענען געקומען דעראָבערן ארץ־ישראל. ווייזט אויס, אַז די אָטאָ־מאַנישע מאַכט האָט געהאַט אַ גרונט חושד צו זיין די יידן, אַז אַזאַ ידיעה פאַרשאַפט זיי נישט קיין גרויס צער און פאַרשטאַרקט נישט זייער אָטאָ־מאַנישן פּאַטריאָטיזם. עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ געהיימער באַפעל אַרויסצוציען אין משך פון 24 שעה אַלע יידישע אָפיצירן און סאָלדאַטן פון ארץ־ישראלדיקן פראָנט און איבערפירן זיי אויפן קאַווקאַזער פראָנט. דאָרט, אויפן רוסישן פראָנט, האָבן די יידן נישט געהאַט קיין באַזונדערע טעמים צו האָבן סימפּאַטיע פאַרן „שונא". דער באַפעל איז, פאַרשטייט זיך, אויך אָנגעקומען צום קאָמאַנדיר וואָס איז געווען איבער מיר. ער איז אַוועק אין הויפּט־שטאָב און מודיע געווען, אַז ער וועט אויספירן דעם באַפעל אין באַצוג צו אַלע יידן מיטן אויסנאַם פון איינעם — אברהם קריניצי. אין שטאָב האָט מען נישט געקאָנט דעצידירן אויף אייגענער אחריות אי־בערצולאָזן אַ ייד און דווקא אויף אַזאַ פילבאַרן פונקט. די זאַך איז איבער־געגעבן געוואָרן צו דער דעציזיע פון דזשאַמאַל פּאַשאַ און ער האָט דעצי־דירט לטובת מיר. זאָל זיין וואָס עס זאָל זיין. די נאָענטע דמשק איז געוויס בעסער פון קאַווקאַז.

און דער פראָנט דערנענטערט זיך כסדר.

עס איז פאַרנומען געוואָרן נצרת. אין דמשק איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז אַלע פאַבריק־אַרבעטער דאַרפן וווינען אין דער פאַבריק און נישט אין קיין פּריוואַטע הייזער, און אַרבעטן בייטאָג און ביינאַכט.

די שטימונג אין שטאָט איז ווי ערב עוואַקואַציע. מיינע פריינט האָבן צוגעגרייט פאַר מיר אַ באַהעלטעניש, אַז איך זאָל בלייבן און נישט פאַר־לאָזן די שטאָט מיטן טערקישן מיליטער. ווידער האָב איך געהאַט אַ גע־ראַנגל מיט זיך און דאָס מאָל האָב איך באַשלאָסן: איך וועל בלייבן.

די לעצטע נאַכט האָב איך מיטגעטיילט דעם קאָמאַנדיר מיין באַשלוס. ער האָט זיך געכעסט:

— וואָס, דו ביסט ביים קלאָרן פאַרשטאַנד? און אויב דו האָסט באַ־שלאָסן צו בלייבן, צו וואָס ביסטו געקומען מיטטיילן מיר וועגן דעם?

איך האָב אים געענטפערט:

— איך וועל דיר אַלץ דערקלערן. דו ווייסט, אַז איך בין נישט קיין טערק און נישט קיין ענגלענדער — איך בין אַ ייִד. און אַלס ייִד בין איך דיר געקומען מודיע זיין, אַז איך בלייב דאָ. עס איז מיר זייער לייכט געווען צו באַהאַלטן זיך און נישט קומען צו דיר. אָבער איך האָב נישט געוואָלט איר זאָלט טראַכטן, אַז דער צוטרוי, וואָס איר האָט מיר געשאָנקען, איז נישט געווען באַרעכטיקט. מיין פּאַטערלאַנד געפינט זיך זייט אַ יאָר אויף יענער זייט פראָנט־ליניע. כל זמן עס איז נאָך געווען אַ האָפענונג, אַז זי וועט נאָך צוריק פאַרנומען ווערן דורך די טערקן, האָב איך דערפילט מיין פליכט אַלס בירגער. איצט זע איך, אַז דער קריג האָט זיך שוין פאַר מיר געענדיקט און עס האָט נישט קיין שום זין, אַז איך זאָל גיין מיט די טערקן קיין אַנאַטאָליע. און אַזוי ווי איך האָב אויך צוטרוי צו דיר, בין איך געקומען זאָגן דיר דאָס מיט דער פולער אָפנהאַרציקייט.

מיינע ווערטער האָבן געמאַכט אויף אים אַן איינדרוק. ער איז אויפגעשטאַנען, געדריקט מיין האַנט און געזאָגט:

— האָסט באַוויזן אַ העלדן־טאַט. איך האַלט, אַז עס וועט זיין בעסער פאַר ביידע צדדים אויב דו וועסט בלייבן. איך גיב דיר דעם באַפעל צו בלייבן, אָבער איך האָב צו דיר דריי פאַרלאַנגען: דער ערשטער — דו זאָלסט קומען מאָרגן פינף באַגינען צו דער סטאַציע אין רמקה צום צוג, וואָס גייט־אָפּ קיין חלב, כדי צו געזעגענען זיך אָפיציעל מיטן הויפּט־שטאַב; צווייטנס — דאָרט וועסטו באַקומען פון מיר דעם אָפיציעלן באַפעל צו בלייבן, כדי צו פאַרזאָרגן פון די מאַגאַזינען געווער־טיילן און אויסשטאַטונג פאַר די רעשטלעך פונעם זיך צוריקציענדיקן מיליטער; דריטנס — פאַרן פאַרלאָזן די פאַבריק, וועסטו אויפרייסן די באָמבעס, וואָס דו האָסט זיך באַטייליקט אין אונטערלייגן זיי, כדי דער פיינט זאָל זיך נישט קענען באַנוצן מיט זיי. איך האָב אים מודיע געווען וועגן מיין הסכמה צו זיינע ערשטע צוויי פאָדערונגען און אָפּגעזאָגט זיך אויסצופירן די דריטע. די פאַרבליבענע אַראַבישע סאָלדאַטן קאָנען מיר נאָך געבן אַ קויל אין רוקן. בעסער איך זאָל זיך מער נישט באַווייזן פאַר זיי.

ווי עס איז געוואָרן אָפּגערעדט, בין איך צומאָרגנס דערשינען אויף דער באַן־סטאַציע און באַקומען דעם באַפעל צו בלייבן און אָפּגעבן זיך אין געפאַנגענשאַפט צו די ענגלענדער.

מיטן אַריינקום פון די ענגלענדער האָט מען באַפוילן אַלע אָפיצירן צו שטעלן זיך פאַרן אינטעלידזשענס־דינסט.

דער אָפיציר, וואָס האָט מיך אויפגענומען איז געווען קאַפּיטאַן מעק־דורי מיט אים איז געווען זיין סעקרעטאַר, עלי מוסטאַקים.

מעק־רורי האָט ראשית כל פאַרלאַנגט פון מיר צו אַנטדעקן אים ווו עס געפינען זיך די באָמבעס אין פאַבריק.

איך האָב אים געענטפערט.

— אַזוי ווי די באָמבעס ליגן אַן דעטאָנאַטאָרן און עס איז נישט פאַראַן קיין שום געפאַר פון אַן אויפרייס, האַלט איך נישט פאַר נויטיק אויסצופירן דעם דאָזיקן באַפעל.

מעק־רורי האָט אַרויסגענומען מיינע אָקטן ווו עס זענען גוט גע־ווען פאַרשריבן אַלע מיינע שריט און אַלע מיינע אָפּזאָגן צו אַרבעטן פאַר די ענגלענדער.

— ווייזט אויס, אַז דו ביסט מער טערק ווי די טערקן גופא. זיי דער־פילן אונזערע ביטעס און דו זאָגסט־אָפּ.

איך האָב אים געענטפערט:

— עס טוט מיר לייד, וואָס איך קאָן נישט דערפילן דיין פאַרלאַנג, אָבער דאָס איז ביי מיר אַן ערן־פראַגע. איך זאָג־צו צו זיין אַ גוטער, טרייער בירגער פון דער נייער מאַכט. מער פאַרלאַנג נישט פון מיר, ווייל מער וועל איך נישט טאָן.

— איך וועל דיך נעמען אין געפאַנגענשאַפט.

— מען טאָר נישט נעמען אין געפאַנגענשאַפט נישט קיין יידן, און נישט קיין אַראַבער.

— זעט אויס, אַז דו ווייסט מער ווי דו דאַרפסט וויסן.

— איך ווייס וואָס איך דאַרף וויסן און וואָס איז נוגע מיך.

— דו וועסט חרטה האָבן אויף דעם.

— עס טוט מיר זייער לייד, אָבער איך וועל נישט קאָנען דערפילן דיין פאַרלאַנג.

איך בין אויפגעפאָדערט געוואָרן צו מעלדן זיך צוויי מאָל אין טאָג אין אינטעליגענס־ביוראָ. דאָס האָט זיך אַזוי געצויגן דריי פערטל יאָר און מען האָט מיר נישט דערלויבט אומקערן זיך אין לאַנד אַריין. נאָר נאָך פיל באַמיאונגען פון די פאָרשטייער פון דער יפו'ער קהלה, אין וועלכער איך בין געווען אַ מיטגליד פון ועד, איז בטל געוואָרן די גזירה און אין יאָר 1919 האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין יפו.

אַ לאַנגע צייט בין איך נאָך געווען אין דער שוואַרצער רשימה, וואָס האָט מיך נישט דערלויבט פריי זיך צו באַוועגן אַפילו פאַר פריוואַטע ענינים אָבער איידער איך האָב באַוויזן צו „פאַררייבן" אביסל אין דער שוואַרצער רשימה דעם חשבון פון מיינע „זינד" אין דער פאַרגאַנגענהייט, האָט מיין „תיק" אָנגעהויבן אָנפילן זיך ביי זיי מיט נייע „חטאים"...

## יב. ווי די אראבער האבן פארשטאנען די באלפור־דעקלאראציע

ווען עס איז אין דמשק אַנטשטאַנען די פייזל־רעגירונג, איז דאָס מיליטער, וואָס איז „אַלט־געווען" איין טאָג, געשטאַנען פאַר זייער פיל שווערע פּראָבלעמען. איינע פון זיי — די אַרטילעריע־אָפּטיילונג אין מיליטער. אין דער צייט פון די טערקן איז די אַרטילעריע באַטראַכט געוואָרן אַלס מיוחס־דיקער טייל, צו וועלכן עס האָבן געהאַט אַ צוטריט נאָר די אָנגעזעענסטע טערקישע משפּחות, ווי למשל דער דינסט אין ים־פלאָט ביי די ענגלענדער און קאַוואַלעריע ביי די דייטשן. אויסער געציילטע יוצאים־מן־הכלל זענען אַלע אַרטילעריע־אָפיצירן געווען „ריינע" טערקן. און אָט איז איצט אריינגעפאַלן אין די הענט פון די אַראַבער אַזאַ מיליטערישער אוצר מיט פיל האַרמאַטן און זיי האָבן נישט געוווסט „מיט וואָס מען עסט דאָס"...

עס איז זיי איינגעפאַלן צו ווענדן זיך צו מיר אַלס „מומחה". אין פאַרגלייך מיט זייער אומוויסן בין איך געוויס געווען אַ מומחה. מען האָט מיר פאַרגעשלאָגן אַן אַמט אין פייזלס אַרמיי מיט זייער גוטע מאַטעריעלע באַדינגונגען. די אויפגאַבע: לייטער פון דער פאַבריק צו פאַריכטן האַרמאַטן און וואָפן־פּראָדוקציע. טראָץ מיין נייגונג צו דער אַרבעט און די זייער גוטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, האָב איך אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג. איך האָב די שטאָב־לייט קלאָר דערקלערט: איך בענק נאָך מיין פאָטערלאַנד...

די דאָזיקע דערקלערונג האָט אַרויסגערופן אַ שמועס וועגן פּאָליטישע פּראָבלעמען. מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע ידיעות־קוועלן און איך פלעג זיי שעפּן פון אַראַבישע אָפיצירן, וואָס האָבן זיך באַפריינדעט מיט מיר. פונדעסטוועגן בין איך איבעראַשט געוואָרן צו הערן פון זיי, פון די שפּיצן פון קעניג פייזלס אַרמיי, קלאָרע דיבורים וועגן ארץ־ישראל.

לויט זיי נאָך איז שוין געפאַלן די דעציזיע: ארץ־ישראל איז אַ יידישע מדינה און סיריע — אַן אַראַבישע מדינה. זיי האָבן אויך געוווסט מיר צו דערציילן וועגן אַ יידישער רעגירונג, וואָס איז שוין אַנטשטאַנען און די נעמען פון אַלע מיניסטאָרן. דער בירגערמייסטער פון ירושלים איז, פאַרשטייט זיך, דוד יעלין.

פונדעסטוועגן, און אפשר דווקא צוליב דעם, באַמיען זיי זיך מיך איבערצורעדן, אַז איך זאָל בלייבן מיט זיי. „אייך, יידן, פעלן נישט קיין אַרטילעריסטן. איר פאַרמאָגט ספּעציאַליסטן פאַר יעדער זאַך. און אונזערע מדינות זענען דאָך פריינטלעכע, פאַרוואָס זאָלן מיר זיך נישט העלפן קעגנזייטיק?"

איך האָב נישט אַרויסגעפילט פון זייערע ווערטער קיין שמץ פון שנאה,

פאַרביטערונג און אויך נישט קנאה. די זאַך איז מיר פאַרגעקומען נאַטיר־לעך און ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך.

און אָט איז די ידיעה וועגן אַ „יידישער מדינה", וואָס האָט זיך באַ־וויזן אין דער טערקישער צייטונג „תרג'מן חקיקאת" דעם 11־טן נאָוועמ־בער 1918:

## דער ערשטער יידישער רעגירונגס־קאַבינעט

ראָטערדאַם. — לויט אַ טעלעגראַפישער ידיעה, איז אין ארץ־ישראל געשאַפן געוואָרן, מיט דער הילף פון די רעגירונגען פון לאָנדאָן און וואַשינגטאָן, דער יידישער רעגירונגס־קאַבינעט אין פאָלגנדיקן צונויפשטעל:

לואי בראַנדייס — פרעמיער־מיניסטער; מאַקס נאָרדוי — קול־טור־מיניסטער; ישראל זאַנגוויל — אויסערן־מיניסטער; גאָלד־שמידט — קריגס־מיניסטער (אַ מיניסטעריום, וואָס שליסט אויך איין נאַציאָנאַלע פאַרטיידיקונג); נחום סאָקאָלאָוו — אינערן־מיניסטער; אַלבערט מאָנדעלשטאַם — יוסטיץ־מיניסטער; אָטאָ וואַרבורג — האַנדלס־מיניסטער; אוסישקין — אַגראַר־מיניסטער; אָטאָ אָפּענהיי־מער — מיניסטער פאַר עפנטלעכע אַרבעטן.

דער שעף פון דער יידישער רעגירונג, לואי בראַנדייס, איז גע־ווען הויפּט־ריכטער אין אַמעריקע; מאַקס נאָרדוי — אַ באַרימטער שרייבער און פילאָזאָף; ישראל זאַנגוויל — איינער פון די באַרימט־סטע שריפטשטעלער און מחבר פון פיל ביכער; גאָלדשמידט — אַ קאָלאָנעל אין ענגלישן מיליטער און לייטער פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע; נחום סאָקאָלאָוו — אַ באַרימטער רוסישער שרייבער; מאָנדעלשטאַם — אַ ייד פון פינלאַנד און גע־וועזענער הויפּט פון דער רוסישער געזאַנדשאַפט אין קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל; אָטאָ וואַרבורג — פּראָפעסאָר אין אַ דייטשן אוניווערסיטעט; אוסישקין — דער פירער פון די רוסישע ציוניסטן; פּראָפעסאָר אָפּענהיימער — געוועזענער מיניסטער פאַר עפנטלעכע אַרבעטן אין דייטשלאַנד.

טערקן האָבן געגלויבט, אַראַבער האָבן געגלויבט, מיר האָבן געגלויבט...

ביז... ביז עס האָבן זיך באַוויזן די שליחים פון אינטעלידזשענס און בראש פון זיי — קאָלאָנעל סטערלינג, דער, וועלכער איז מיט אַ קורצער צייט פריער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אַן אַטענטאַט וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן אויף אים. מיטן אָנקומען פון די דאָזיקע אינטריגעס־אַגענטן האָט זיך די אַטמאָספער פולשטענדיק געביטן.

קורץ נאָך דעם האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין לאַנד, וווּ די ווירק־לעכקייט איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע ווי די, וואָס עס האָבן זיך פֿאַרגע־שטעלט די אַראַבער, און ווי די, וועגן וועלכער מיר האָבן געחלומט אין אונזער נאַיוויטעט און אונזער ענטוזיאַזם.

## יג. אין דייטשלאנד - פאר היטלערן

ווען איז דאָס געווען, ווען אַ יונגער היטלעריסט, נאָך אַ סך פֿריִער אײדער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, האָט דערפֿילט אויף זיך מײַן האַנט און איך האָב געפֿילט אַ גרויסע סאַטיספֿאַקציע?

אין יאָר 1919—1920 האָב איך געדאַרפֿט פֿאָרן קיין בערלין אין משפּחה־און געשעפֿטס־אָנגעלעגנהייטן. דאָס איז געווען נישט לאַנג נאָך דער ערש־טער דייטשער מפּלה אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. אויך בײַ אונדז אין לאַנד זענען נאָך נישט געהאַט אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַלע אַדמיניסטראַ־טיווע קערפּערשאַפֿטן פֿון דער בריטישער מאַנדאַט־מאַכט און אויך קיין פּאַספּאָרט האָב איך נישט געקאָנט באַקומען, שוין אָפּגערעדט דערפֿון, אַז עס איז נאָך נישט געווען קיין דייטשער קאָנסול, וואָס זאָל מיר געבן אַ וויזע קיין דייטשלאַנד. איך האָב געהאַט בײַ מיר בלויז טערקישע פּאַפּירן, וואָס אויף זיי האָב איך באַקומען אַ צײַטווײַליקן פּאַספּאָרט, און אויך די פֿערהעלטעכע מיליטערישע דאָקומענטן מײַנע פֿון דער צײַט פֿון מײַן דינסט אין דער מיליטערישער אינדוסטריע פֿאַר דער אַקס דייטשלאַנד—טערקיי. און מיט דעם האָב איך זיך געווענדעט צום דייטשן קאָנסול אין ווין, כּדי צו באַקומען אַ וויזע קיין דייטשלאַנד.

עס איז נאָך נישט געווען אַלץ אײַנגעשטעלט ווי אין די נאָרמאַלע צײַטן און אין אמת פֿון דייטשן קאָנסול אין ווין האָט נאָך נישט געהערשט די טיפּיש דייטשע „אָרדנונג". ס'איז געווען אַ גרויסע ענגשאַפֿט און איך האָב קיינמאָל נישט געהערט צו די „קליינע". וואָס איז, אַלזאָ, דער וווּנדער, אַז אין דער דאָזיקער ענגשאַפֿט האָב איך נישט ווילנדיק אָנגערירט דעם אָרבל, אָדער אַפֿילו דעם אָרעם, פֿון איינעם אַן אַטלעטיש־געבויטן יונג מיט אַ מאָנאָקל אויף זײַן מיט שניטן דורכגעאַקערטן פּרצוף און מיט אַ שוואַרצן קראַוואַט אַרום זײַן האַלדז. די דאָזיקע אויסערלעכע צורה זײַנע מיטן פּנים־אויסדרוק פֿון אַ דעגענעראַט האָט נישט צוגענומען און האָט נאָך געוויס פֿאַרשטאַרקט אין אים, דאָס מערוועדטיקייטס־געפֿיל, אײַנעם „זכות" פֿון דעם וואָס ער איז אַ „ריינער אַריער". דערנאָך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די דאָזיקע שניטן אויף זײַן פּנים זענען, פֿאַרשטייט זיך, אַן ערן־צייכן פֿון אַ סטודענט פֿון די פֿאַרבאַנדן, וואָס דועלן איז בײַ זיי אַ תּנאַי בל יעבור

און דער דאַזיקער קראַוואַט געהערט צו די צייכנס פון אַ „האַנקנקרייצ־לערישן" פאַרבאַנד, דאָס הייסט פון אַ פאַרבאַנד, וואָס איז דערנאָך געווען פון די ערשטע צוזשטייער צו היטלערן.

דאָס אַלץ דערצייל איך אייך, כדי איר זאָלט פאַרשטיין די סיבה פונעם רעש, וואָס דער דאַזיקער העלד האָט אָנגעמאַכט צוליב מיין „באַריר" מיט אים. ווייזט אויס אַז מיין פנים און מיין נאָז האָבן עדות געזאָגט קודם־כל, אַז איך געהער נישט צו דער טייערער ראַסע פון דעם דאַזיקן סטודענט, צווייטנס, — אַז איך בין אַ ייד. און פאַר די יונגע צווישן מיינע לייענער, אָדער די, וואָס האָבן נישט געקענט אייראָפּע בכלל און דייטשלאַנד בפרט, איז גוט זיי זאָלן וויסן, אַז נישט מיט היטלערן האָט זיך אָנגעהויבן די נאַ־צישע „ראַסן־טעאָריע", ער האָט זי בלויז פאַרפולקאָמט און אָנגעווענדעט. אַזוי אָדער אַזוי — פונעם מויל פונעם פאַר־נאַצישן נאַצי זענען אַרויס די ווערטער „שמוציקער יודע" און עס איז געווען קענטיק, אַז דאָס איז נישט געווען בלויז אַ ספּאָנטאַנער כעס־אויסברוך, נאָר אַ געוויינלעכער רעדנס־אַרט פון זיין זייט. און נאָר דאָס, וואָס איז שפּעטער געקומען, איז, ווייזט אויס, נישט געווען געוויינלעך ביי אים. נישט לאַנג טראַכטנדיק האָב איך אויפגעהויבן מיין האַנט — און זי איז קיינמאָל נישט געווען קיין צו־„לייכטע" — און איך האָב „אָפּגעווישט" זיין „אַרישן" פּרצוף פוןביידע זייטן. און כדי נאָך מער „איבערצוצייגן" אים און פאַרשטאַרקן ביי אים דעם „איינדרוק", האָב איך אַריינגעשטעקט מיין האַנט אין זיין שטייפן קאָלנער, איך האָב אים לייכט אויפגעהויבן און אַ קלאַפּ געטאָן זיין קאָפּ אין דער וואַנט, וואָס איז אַמבאַעטנטסטן געשטאַנען צו מיין רשות. דאָס אַלץ האָט נישט געדויערט מער ווי עטלעכע סעקונדן, אָבער עס איז אויך מער נישט געווען נויטיק, ווייל ער האָט זיך פולשטענדיק באַרואיקט, נאָך דעם ווי מען האָט, מיט דער הילף פון אַ סך וואַסער צוריקגעבראַכט צום באַוווסטזיין זיין „ריין בלוט".

פון אַלע זייטן האָבן, פאַרשטייט זיך, אָנגעהויבן טראָגן זיך געשרייען איבערן צימער, ביז עס איז אַריינגעקומען דער דייטשער קאָנסול בכבודו ובעצמו און אויסגעהערט אַ באַריכט וואָס עס איז געשען, פונעם סעקרע־טאַר וואָס איז אַריין נאָך פאַר אים. דער סעקרעטאַר האָט אָנגעוויזן אויפן סטודענט, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע פון דער „דייטשער טעריטאָריע" און די מענטשן אַרום זענען זיך מיט אים מטפל. דערנאָך האָט ער אָנגעוויזן אויף מיר.

איצט, פאַרשטייט זיך, האָב איך שוין די רעכט אַריינצוגיין אין קאָנ־סולס צימער „אויסער דער רייע". אויף זיין פראַגע האָב איך פשוט גע־ענטפערט: ער האָט מיך גערופן „שמוציקער יודע", האָב איך אים געוואַלט

ווייזן, אַז איך האָב אַ ריינע האַנט. איך צווייפל גאָרנישט, הער קאָנסול, אַז דו וואָלסט אַנדערש נישט רעאַגירט, ווען מען וואָלט באַליידיקט דיין כבוד.

„אָבער צי ווייסטו, אַז אַ קאָנסולאַט איז עקסטעריטאָריאַלער געביט, ס'הייסט, אַז פון רעכטלעכן שטאַנדפונקט געפינסטו זיך אויף דייטשער טעריטאָריע ?"

„און וואָס ענדערט דאָס, הער קאָנסול ? און אין דייטשלאַנד מעג מען דען יאָ באַליידיקן אַ פאָלק, אָדער אַ מענטש ? איך דאַרף דיר אויך נאָך זאָגן, אַז איך פיל זיך זייער גוט אויף דער דאָזיקער דייטשער טעריטאָריע, ווייל אין דער מלחמה בין איך געווען אַ טערקישער אָפיציר און בין אַזוי אַרום אַ פאַרבינדעטער פון דייטשלאַנד. און צום סוף — איך קום פון פאַלעסטיין און דאָרט זענען מיר, יידן, שוין נישט געוווינט מען זאָל אונז באַליידיקן".

„ווי עס זאָל נישט זיין איז דיין רעאַגירן געווען אַביסל צו־שטאַרק, ווייל דער דאָזיקער בחור קאָן זיך נאָך נישט אויפשטעלן".

„מעגלעך, הער קאָנסול, אפשר וועט דאָס העלפן אים אויף להבא צו טראַכטן צוויי מאָל איידער ער וועט עמיצן באַליידיקן איין מאָל. און איצט בעט איך געבן מיר אַ וויזע קיין דייטשלאַנד".

און איך האָב נאָך דאַן נישט געוווּסט, אַז דאָס האָט דעם דאָזיקן סטודענט נישט געהאָלפן, פונקט אַזוי ווי דייטשלאַנדס מפלה אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט איר נישט געהאָלפן און זי האָט זיך ווידער געשטעלט אויף די פיס און ווידער שנעל אָנגעהויבן אָנטאָן צרות דער וועלט. און ווער ווייסט צי איר לעצטע מפלה וועט איר עפעס העלפן.

דער קאָנסול איז, ווי עס ווייזט אויס, נישט געווען באַגייסטערט פון דער דאָזיקער ביטע מיינער, אָבער „געזעץ איז געזעץ" איז דאָך דער גרונט־דעוויז פון דער דייטשער נשמה און דעריבער האָט ער געזאָגט:

„אַ וויזע וועל איך דיר געבן, אָבער איך וויל וויסן דיין אַדרעס אין בערלין, כדי אַז דער־אַ זאָל קאָנען דערלאַנגען קעגן דיר אַן אָנקלאַגע אין געריכט אין איינקלאַנג מיט די דייטשע געזעצן".

ערשט נאָך דעם ווי איך האָב אים געוויזן מיינע פאַפּירן און צווישן די אַדרעסן, וואָס איך האָב אָנגעגעבן, אויך דעם אַדרעס פון גענעראַל פאָן קראַנימאַן, מיין געוועזענעם קאָמאַנדיר אין דמשק און צו דער צייט מיליטערישער קאָמענדאַנט פון בערלין, איז דער קאָנסול געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. ערשט איצט האָט ער מיך געבעטן זיצן, אַן לאַנגע שהיות האָט ער מיר דערליידיקט די וויזע און מיך אַרויסגעפירט דורך אַ זייטיקן אַרויס־גאַנג, כדי אויסצומיידן נאָך אומאָנגענעמלעכקייטן מצד דעם אַרישן פובליקום אין וואַרטע־זאַל.

איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר ביז היינט האָב איך נישט באַקומען קיין שום געריכטלעכע אָנקלאַגע מצד יענעם פאַרשוין מיטן צעשניטע־נעם פנים...

צווישן מיר און דעם גענעראַל פאָן קראַנימאַן זענען געווען באמת פריינטלעכע באַציאונגען פון דער צייט פון אונזער אַרבעט אין דער פאַבריק צו רעמאָנטירן אַרטילעריע־וואָפן אין דמשק. דאָס איז ער עס געווען דער יעניקער, וואָס האָט מיר פאָרגעשלאָגן בעתן צוריקציען זיך פון דייטשן מיליטער, אָנצושליסן זיך צו אים און איך האָב אים געזאָגט, אַז מיין לאַנד איז ארץ־ישראל, דאָרט איז מיין היים און אַהין וועל איך זיך אומקערן, ווייל פאַר מיר איז שוין די מלחמה געענדיקט. וועגן דעם ווערט דער־ציילט אויף אַן אַנדער פלאַץ אין דעם דאָזיקן בוך.

איצט האָבן מיר זיך ווידער באַגעגנט. ער האָט מיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַלע אונזערע געמיינזאַמע פריינט פון דער מלחמה־צייט און ער האָט אויך געזאָרגט פאַר אַ שנעלן באַהאַנדלען דעם קראַנקן, וועלכן איך האָב געבראַכט מיט זיך. זייער אָפט האָב איך געמוזט זיך טרעפן מיט אים און דערציילן אים וואָס איך טו און מיינע איינדרוקן אין בערלין.

דאָס איז געווען די תקופה פון תוהו ובוהו אין דער באַזיגטער דייטש־לאַנד. דאָס לאַנד איז געווען פול מיט סוחרים און אינדוסטריעלער פון אויסלאַנד, וואָס זענען געקומען געניסן פון דער זיך ליקווידירנדיקער דיי־טשער אינדוסטריע און געקויפט בזיל הזול די בעסטע דייטשע מאַשינען און אַלץ, וואָס איז זיי געקומען אונטער דער האַנט. אַלס רעאַקציע אויף דעם האָט דער פאַרבאַנד פון די דייטשע אינדוסטריעלער באַשלאָסן פשוט צו פאַרווערן פאַר אויסלענדער דאָס באַזוכן דייטשע אינדוסטריעלע אונטער־נעמונגען און אומעטום האָט מען געמוזט שטרענג אָפּהיטן דעם דאָזיקן פאַרבאָט. און איך האָב געזאָלט קויפן אַ שלייף־מאַשין, וואָס איז נישט געווען צו באַקומען אין קיין שום אַנדער פלאַץ. איך האָב אויך געוואָלט לערנען ווי זיך צו באַנוצן מיט איר. געגנוי צו יענער צייט האָט זיך אָנגע־הויבן די אָפּוועראַקציע פון דער דייטשער אינדוסטריע. דאָ איז מיר גע־קומען צו־הילף דער גענעראַל קראַנימאַן מיט אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו און אַלס צוגאָב — אַ טעלעפאָניש געשפּרעך. עס האָבן זיך געעפנט פאַר מיר די טויערן. דער דירעקטאָר פון דער פאַבריק אין לייפּציג האָט מיך אויפ־גענומען מיט גרויס כבוד און מיר געמאַכט אַלע פאַרלייכטערונגען. זיין נאָמען איז געווען מאַיאָר קירכנער און דאָס איז געווען צוויי וואָכן נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעפירט מיט די „שטאַלהעלם"־טרופּן וואָס האָבן אונ־טערדריקט די אויפשטענדלער פון דער „ספּאַרטאַקוס"־באַוועגונג. „ספּאַר־טאַקוס" איז געווען אַ צו די קאָמוניסטן נאָענט שטייענדיקע באַוועגונג

און עס זענען דאַן געווען טעג פון אַ קליינעם בירגער־קריג. מאַיאָר קירכ־נער האָט מיך אַוועקגעפירט אויף אַ צענטראַלן פּלאַץ, כדי צו רעקאָג־סטרואירן פאַר מיר די שלאַכט, אין וועלכער ער האָט אונטערדריקט די אויפשטענדלער. דאָס איז געווען דער פּלאַץ, וואָס איז אין לייפּציג באַרימט מיט זיינע וווּנדערבאַרע רויזן־טעפּיכער. ער שטייט מיט מיר, דער „שטאָל־העלם"־קאָמאַנדיר, און דערקלערט מיר גענוי די פּאָזיציעס פון מאַשינען־געווער און די פּלעצער פון די צוזאַמענשטויסן פּנים־אל־פּנים.

איך קוק זיך גוט אַרום פון אַלע זייטן, פאָלג נאָך זיין פינגער און פאַרשטיי גאָרנישט.

„ווי איז עס מעגלעך, מאַיאָר", פרעג איך, „מיט צוויי וואָכן צוריק איז דאָ פאָרגעקומען אַ שלאַכט און די בלומען־בייטן זענען בכלל נישט באַשעדיקט געוואָרן".

„מיר האָבן געקעמפט אַרום די בלומען" — איז געווען דער ענטפער פון דייטשן קאָמאַנדיר. אַ סך מענטשן זענען דאָ געפאַלן, בעיקר צווישן די ספּאַרטאַקיסטן, אָבער ביידע צדדים האָבן זיך אויסגעהיטן נישט אָנצורירן די בלומען. דו ווייסט פאַרוואָס? ווייל די בלומען געהערן סיי אונז, און סיי זיי".

אין פיל יאָרן אַרום האָב איך געלייענט וועגן דער ליבשאַפט פון די דייטשן צו בלומען, אויך אין די טויט־לאַגערן. נאָענט, זייער נאָענט, צו די גאַז־קאַמערן, זענען געוואַקסן גוט געפּלעגטע רויזן און יעדער דייטשער קאָמאַנדיר־רוצח האָט פאַרנאַכט, צוריקקומענדיק אַהיים, אָפּגערוט זיך צווישן די שיינע רויזן־בייטן אין זיין גערטנדל...

איין מאָל, בעת אַ שפּאַציר מיט אים, האָט אונז אָנגעגריפן אַ גרופּע דייטשע אַרבעטער. אַ פענדל פון דייטשן קייזער, וואָס דער „מאַיאָר" האָט אַריינגעשטעקט אין זיין אויטאָ, האָט זיי אַריינגעבראַכט אין כעס. געהרגעט ווערן אויף „קידוש השם" פאַרן דייטשן קייזער האָב איך נישט געהאַט קיין איבעריקן חשק...

מיין קאָמאַנדיר, גענעראַל פאָן קראַנימאַן, איז עס געווען דער, וואָס האָט צום צווייטן מאָל אויפגעשטעלט די דייטשע קריגס־מאַשין. ער האָט מיך געפירט אויף די איבונגס־פּלעצער און דאַן האָב איך געלערנט עפּעס אַ זאַך, וואָס איז אינטערעסאַנט און איז אויך היינט וויכטיק:

לויט דעם וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך איז די דייטשן דערלויבט געווען צו האַלטן נישט מער ווי הונדערט טויזנט סאָלדאַטן, אין אַ צוויי־יאָריקן דינסט און פאַר אַ סטאַבילן געהאַלט. און אין דער דאָזיקער ראַם האָבן זיי מיליטעריש געשולט מיליאָנען. זייער איינפאַך. זיי האָבן געהאַט די רעכט בייטן נאָך דריי חדשים יעדן סאָלדאַט „וואָס האָט נישט געפּאַסט פאַר זיין

אויפגאַבע". נאָך אַן אינטענסיווער גרינטלעכער אויסשולונג פון דריי חדשים האָט זיך „אַרויסגעוויזן", אַז די מערהייט סאָלדאַטן „פּאַסן נישט פאַר זייער אויפגאַבע" און זיי זענען אויסגעביטן געוואָרן אויף אַנדערע.

היטלער האָט שוין געהאַט פאַר זיך אַ מיליטעריש אויסגעשולט דייטשיש פאָלק.

אָבער אין יענע טעג, ווען גענעראַל קראַנימאַן האָט מיר געוויזן די ערשטע לאַבאָראַטאָריעס, וווּ עס ווערט געשאַפן דער דייטשער „סאָלדאַט", האָב איך זיך נאָך נישט פאָרגעשטעלט, אַז נישט ער, דער דאָזיקער גענעראַל, נאָר יענער סטודענט מיטן צעשניטענעם פּנים פון דייטשן קאָנסולאַט אין ווין, וועט עס זיין דער הערשנדיקער נזיפ אין דער דאָזיקער מעכטיקער מאָרד־מאַשין און יידישע קינדער און דאָס יידישע פאָלק וועלן זיין די קרבנות פונעם פאָלק, וואָס האָט אַזוי ליב בלומען און אָרדנונג.



לכבוד הארון אברהם קריניצי
בדמשק.

אדון נכבד!

ועד החנוך העברי, בהכירו את חשיבות גן הילדים
פה בדמשק אשר בשערי ארצנו הקדושה, ובהתבוננו אל
עבודתך הנמרצה עבודה שלא עמלק״פ במלאכת תקון
דירתו והכשרתה למטרתה, לענג הילדים המבקרים אותו
ולבריאותם ולאַפְשָׁרַת עבודת החנוך העברי בה באפן
רצוי ומועיל, — מביע לך בזה את תודתו בעד עמלך
הרב בכל משך זמן התקונים, ומברכך כי עיניך תחזינה
בנחמת ציון, ותזכה לעבד עבודת העם בבנין ארצו בשוב
הכל על מקומו בשלום.

דמשק, ט״ו מנחם אב תרע״ח.

בשם ועד החנוך העברי
היו״ר

אָנערקענונגס־בריוו פון דוד יעלין ז״ל צו אברהם קריניצי פאר זיין הילף
ביים אויפשטעלן די העברעאישע שולע אין דמשק.



פיאָנערן פון דער יידישער פּאָליציי

פון רעכטס אויף לינקס: קרינביצי, סעדיה שושני, פעכטער





וועד פון „מרכז בעלי מלאכה"

פון רעכטס אויף לינקס: קאַשדאַן, סרעברניק, קריניצי, קושניר, שפירא

# א. דער קערן פֿון דער „הגנה‟

איך האָב שוין דערציילט, אַז איך בין געווען פֿון די ערשטע, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די אַרבעטער אין לאַנד און דער ערשטער אָרגאַניזאַטאָר פֿון אַן אַרבעטער־שטרייק. אָבער נישט ווייניקער פֿון דעם בין איך שטאָלץ אויף מיין חלק אינעם אָרגאַניזירן די „הגנה‟ פֿון איר אָנפֿאַנג. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין די לעצטע יאָרן בין איך געווען אַן אָנהענגער פֿון די קאַמפּס־וועגן פֿון דער אונטערגרונט און זיך קעגנגעשטעלט דער „הבלגה‟־שיטה פֿון „הגנה‟ און קאָאָפּעראַציע מיט דער ענגלישער מאַכט, קאָן איך נישט נישט אָפּשאַצן ווי געהעריק דאָס, וואָס די „הגנה‟ האָט געטאָן פֿאַר דער זיכערקייט פֿונעם ישוב אין דער פֿאַרגאַנגענהייט. במשך פֿון אַ געוויסער צייט איז די „הגנה‟, לויט מיין מיינונג, געווען היגטערשטעליק לגבי דער אַנטוויקלונג פֿון די געשעענישן און נאָר מיטן פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד דורך די ענגלענדער האָט זי ווידער גענומען די איניציאַטיוו אין אירע הענט.

דאָס אַנטשטיין פֿון דער „הגנה‟ איז פֿאַרבונדן מיטן אָנהייב פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ טייל פֿון דער יוגנט האָט פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד, נישט וועלנדיק אָננעמען די אָטאָמאַנישע בירגערשאַפֿט. עס פֿלעגן קומען אַמעריקאַנער שיפֿן (מען האָט זיי גערופֿן „די ווייסע שיפֿן‟) און אַוועקפֿירן די, וואָס האָבן באַשלאָסן צו פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד.

דאַן איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו שאַפֿן אַ קערן, וואָס זאָל טראָגן דעם עול פֿון פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר דער באַשיצונג פֿון דעם איבערגעבליבענעם קליינעם יידישן ישוב. צו דעם דאָזיקן קערן האָבן דאַן געהערט: דוב הוז, סעדיה שושני, שלום פֿעכטער, אברהם אייזנשטיין (אלדמע), משה שערטאָק (שרת), דוד און אהרן סווערדלאָוו, אליהו גאָלאָמב, בהרב און איך.

ווי איז ביז דאַן געווען די זעלבסטשוץ ביי יידן אין לאַנד און אין גלות? אַז מען האָט דערפֿילט אין דער לופֿט אַ ריח פֿון פּאָגראָמען, פֿלעגט מען אָנהייבן אין גרויס בהלה צו אָרגאַניזירן שוץ־קעמערלעך און זוכן געווער. צו־מאָרגנס נאָך די פּאָגראָמען פֿלעגט מען ווידער זיך פֿונאַנדערלאָזן. אָבער מיטן אַריינטריט פֿון טערקיי אין קריג האָבן מיר זיך געזען אויסגעשטעלט אויף אַ פּערמאַנענטער געפֿאַר און טאָטאַלער שחיטה. דאָס האָט פֿאַרלאַנגט כסדרדיקע גרייטקייט.

אַ טויער איז געווען ביים אַריינקום קיין תּל־אָביב, אויף דער הערצל־גאַס. שבת פֿלעגט מען אים אָפּשליסן מיט אַ קייט. פֿון יענער זייט טויער פֿלעגן זיך צונויפֿזאַמלען אַראַבישע רעקרוטן־סאָלדאַטן און הויך אויפֿן קול לאָזן הערן זייער באַרימטן „איטבח אל יהוד"! (אויסשעכטן די ייִדן). דאָס האָט געדינט אַלס צייכן. זינט דאַן און ביז צום סוף פֿון מאַנדאַט, געדענק איך נישט קיין „פֿרייע"" תּקופֿה, וואָס זאָל נישט האָבן יענעם ריח פֿון ערבֿ אומרוען אָדער פֿון אומרוען גופֿא. יעדנפֿאַלס זעלבסטשוץ איז געוואָרן אַ „כראָנישער" ענין.

דאָס שאַפֿן אַ „הגנה"־קערן איז געווען פֿאַרבונדן מיט אויסערגעוויינלעכע געפֿאַרן. נישט בלויז סכּנה פֿון טורמע, נאָר אויך סכּנה פֿון תּליה אָן לאַנגע משפּטים. אהרן סווערדלאָוו איז געווען דער ערשטער מאַגאַזינער אונזערער און די דאָזיקע אַרבעט איז געוואָרן זיין לעבנס־אינהאַלט. ער האָט נישט געוווּסט פֿון קיין מנוחה נישט ביי טאָג און נישט ביי נאַכט; נישט קיין שבת און נישט קיין יום־טובֿ. אַ שבת און אַ יום־טובֿ איז פֿאַר אים געווען ווען ער פֿלעגט אַריינברענגען אין מאַגאַזין אַ נייע „כּלי". און די שמירה־באַדינגונגען זענען דאָך דאַן געווען זייער שווערע. די „כּלים" האָט מען באַהאַלטן אין פֿינצטערע קעלערס, הינטער די באַלקאַטן און מען דאַרף דאָך זיי היטן אַז זיי זאָלן נישט קאַליע ווערן, און נישט זשאַווערן.

אַז עס איז גרעסער געוואָרן די געפֿאַר, האָט מען געדאַרפֿט אויסאַרבעטן אַ פּלאַן ווי אויסצובאַהאַלטן זיי אַ וואָס לענגערע צייט. מיר האָבן באַשטימט אַ פּלאַץ, וווּ עס וועלן קאָנצענטרירט ווערן אַלע איינוווינער, אויב „עס" וועט זיך „אָנהייבן": אין תּל־אָביב — די גימנאַזיע; פֿאַר נווה־שלום און נווה־צדק — די מיידלעך־שולע. אויך געווער האָבן מיר צוגעגרייט אויף די דאָזיקע פּלעצער, און מעדיקאַמענטן אַביסל, הגם עס זענען נאָך נישט געשטאַנען צו אונזער דיספּאָזיציע קיין דיפּלאָמירטע מעדיקער. מיר האָבן צוגעגרייט גרויסע „דזשאַרעס" (קריגן) וואַסער. מיר האָבן געזאָרגט פֿאַר אַ בעקעריי אין באַלאַגערונגס־צייט. אין יפֿו האָבן מיר געקויפֿט עטלעכע הונדערט „סעדזשן", פֿאַררונדיקטע בלעכן, אויף וועלכע די אַראַבער באַקן זייערע פּיתּה'ס. לויטן פּלאַן איז דאָס אַלץ גענוג געווען אויף עטלעכע טעג. די האָפֿענונג איז געווען, אַז במשך פֿון די דאָזיקע טעג וועט אָנקומען הילף און די איינציקע ערנסטע הילף וואָס איז געקומען אין באַטראַכט זענען געווען — די אַמעריקאַנער שיפֿן.

די ערשטע אַרבעט איז געווען: צונויפֿנעמען דאָס געווער פֿון די, וואָס האָבן פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד אָדער פֿון די, וואָס האָבן מורא געהאַט צו האַלטן עס ביי זיך. אַזוי האָבן מיר אויפֿגעשטעלט דעם ערשטן מאַגאַזין. מיר האָבן באַרייכערט דעם מאַגאַזין מיט געווער, וואָס מיר האָבן געקויפֿט

אין דעם איינציקן געווער־געשעפט וואָס איז געווען אין יפו — זאַלצמאַן און זון.

דער קאָמאַנדיר פון יפו, חאַסאַן־בעק, האָט באַפוילן אָפּצושטעמפּלען מיט אַ רעגירונגס־זיגל די געווער־שענק, אַז מען זאָל זיך נישט קאָנען צורירן צו זיי. דאָס געשעפט האָט ער נישט געשלאָסן, ווייל מען פלעגט דאָרט פאַרקויפן אויך זייגערס און מוזיק־אינסטרומענטן. ווער וועט עס וואַגן אָנצורירן און אָפּברעכן רעגירונגס־זיגלען? אָבער עס זענען אונז בייהילפיק געווען צוויי „קלייניקייטן": א) די, וואָס האָבן אָפּגעשטעמפּלט די שענק, האָבן נישט צונויפגענעשטעלט קיין שום רשימה פונעם געווער, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען; ב) איך האָב נאָכגעקוקט און אויסגעפונען, אַז די שענק זענען געשלאָסן און געשטעמפּלט פון אַלע זייטן, אויסער דער הינטערשטער זייט. דאַן איז געמאַכט געוואָרן די ערשטע אַקציע פון ווער־בירן געווער. דאָס איז פשוט געווען אַ „שלעפּ־אָפּעראַציע". מיר האָבן געעפנט די הינטערשטע ווענט פון די פינף שענק, אָפּהיטנדיק שטרענג דעם זיגל־געזעץ. מיר האָבן אַרויסגענומען די „שטייערס" און „פּאַראַבעלומס", וואָס זענען דאָרט געווען און אויף זייער אָרט אַריינגעלייגט דאָס גאַנצע „מיסט", וואָס איז צונויפגענומען געוואָרן פון די מענטשן, וואָס האָבן פאַרלאָזט דאָס לאַנד, אָדער מורא געהאַט צו האַלטן עס און איז געווען „ראוי" בלויז צו... ליגן אין שאַנק פאַרשטעמפּלט מיטן זיגל פון דער גוססדיקער אָטאָמאַנישער אימפּעריע...

חאַסאַן־בעק האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די יידן דאַרפן איבער־געבן דער רעגירונג דאָס גאַנצע געווער, וואָס געפינט זיך ביי זיי. דיזע־גאָף האָט אונז געבעטן צו פאַרנעמען זיך מיטן צונויפזאַמלען דאָס געווער. מיר האָבן געגישטערט און אַרויסגענומען אַלע „שברי כלים", געמאַכט אַ פּעקל און איבערגעגעבן עס. חאַסאַן־בעק איז געווען אויסער זיך פון כעס. ער האָט געשריען, אַז מיר מאַכן פון אים חוזק. ער האָט געדראָט מיט רעווי־זיעס און אַרעסטן און — גאָרנישט דערגרייכט. דאָס גוטע געווער איז געווען זייער גוט אָפּגעהיט אין ערשטן מאַגאַזין.

אָבער נישט בלויז מיט זיכערהייטס־אַקציעס האָט זיך פאַרנומען דער „הגנה"־קערן. ביסלעכווייז איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נישט־אָפי־ציעלער הערשנדיקער קערפּערשאַפט פון יידישן ישוב אין תל־אָביב און אומגעגנט. די דאָזיקע ערשטע „הגנה" האָט אָפּגעראַטעוועט אַלע דאָקו־מענטן פון ארץ־ישראל־אַמט, וואָס איז געווען אויסגעשטעלט אויף קאָנפיס־קאַציע. כדי אים גוט אויסצובאַהאַלטן האָבן מיר אויסגעבויט אַ דאָפּלטע וואַנט אינעם הויז אויף מאָנטעפיאָרי־גאַס (איצט באַנק הפועלים).

אויף אונז איז אויך אויסגעפאַלן זיך מטפל צו זיין מיט דער פּאַנאַנ־

דערטיילונג פון שפייז. עס איז ממש געווען אַ מאַנגל אין ברויט. די שיף „וווּלקאַן" האָט געבראַכט פון אַמעריקע שפייז־פּראָדוקטן פאַרן ישוב. עס איז נישט געווען קיין שום קאָמפּעטענטער אַמט, וואָס זאָל זיך מיט דעם באַשעפטיקן און מיר האָבן דאָס גענומען אין אונזערע הענט. מיר האָבן פאַנאַנדערגעטיילט די פּראָדוקטן, וואָס זענען אָנגעקומען און, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט אונז פאַרשאַפט אויטאָריטעט אין אַ מצב פון אָפּהענגיקייט און צעמישונג, וואָס איז דאַן אַנטשטאַנען.

ווען עס איז אויפגעשוווּמען דער ענין „נילי", האָבן מיר אין דעם געזען אַ גרויסע סכנה פאַרן ישוב. עס איז געשטאַנען פאַר אונזערע אויגן דער גורל פון די אַרמענער. אַ שחיטה פון טויזנטער און קיינער עפּעס נישט דאָס מויל.

ווער וועט נישט לאָזן דער טערקישער מאַכט טאָן דאָס זעלבע מיטן רעשטל יידן? די גרויסע קריסטלעכע וועלט האָט נישט געראַטעוועט אירע גלויבנס־ברידער, די אַרמענער, און ווער וועט זיך אָננעמען פאַר אונז? אמת, דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז אונז בייגעשטאַנען די השפּעה אונזערע אין אַמעריקע. מאָרגענטוי איז געווען אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אַמעריקע איז נאָך דאַן נישט געהאַט צוגעשטאַנען צום קריג. פונדעסטוועגן האָבן מיר באַשלאָסן צו גרייטן זיך אויף יעדער צרה שלא תבוא. נאָך דער עוואַקואַציע פון יפו און תל־אָביב האָט זיך פאַרגרעסערט די זאָרג פאַרן גליל. דער באַשלוס איז געווען נישט גיין ווי שעפּסן צו דער שחיטה, אויב די מאַכט וועט פּרובירן אונז אויסראָטן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן ווי ווייט מעגלעך אויסצוהאַלטן אין די פונקטן און אויב עס איז אויף אונז נגזר געוואָרן נישט צו לעבן קיין לעבן־בכבוד, זאָל כאָטש אונזער טויט זיין — אַ טויט־בכבוד. די אויפגאַבע צוצוגרייטן די פאַרטיידיקונג פון גליל איז בעיקר אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף אליהו גאָלאָמב און סעדיה שושני.

איך האָב שוין דאַן געאַרבעט אין דער געווער־פאַבריק אין דמשק. דער דאָזיקער אומשטאַנד איז, פאַרשטייט זיך, אויסגענוצט געוואָרן מאַקסימאַל. די ערשטע זאַך, וואָס איז געווען נויטיק, איז געווען האַנט־גראַנאַטן. שושני און גאָלאָמב זענען צו מיר געקומען פיר אָדער פינף מאָל. זיי פלעגן קומען צו מיר אַהיים נישט געקוקט אויף די פיל און פאַרדאַכטפולע וואַכן, וועלכע האָבן געהיט די דאָזיקע פאַבריק, וואָס האָט פאַרזאָרגט אַלע מיליטערישע איינהייטן אויפן מיטעלן מזרח. איך האָב אַהיימגענומען פון פאַבריק צו מיר אין שטוב עטלעכע טויזנט דעטאָנאַטאָרן און זיי זענען „פאַרשווּנדן" געוואָרן פון מיין הויז צוזאַמען מיט אויפרייס־מאַטעריאַלן. זיי האָבן פאַרלאַנגט נאָך. עס איז מיר געלונגען אַרויסצונעמען פון פאַבריק

דעם מאָדעל פון גראַנאַטן־שטאַנץ. דער מאָדעל איז געווען פון דער פּראָ־דוקציע פון די באַרימטע געווער־פאַבריקן פון קרופּ. אין דער גאַנצער פאַבריק זענען בסך־הכל געווען צוויי אַזעלכע און דאָס פאַרשווונדן ווערן פון איין מאָדעל האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג און שטויבונג. די ערשטע גראַנאַטן אונזערע האָט מען געגאָסן פון ווייסן מעטאַל, אָבער מיט זייער אויסערלעכער פאָרם זענען זיי ענלעך געווען צו די גראַנאַטן פון מיליטער און אויך די פאַבריקס־מאַרקע איז געווען אויף זיי.

אויף סעדיה שושני איז אַרויפגעלייגט געוואָרן איבערצופירן דעם דאָ־זיקן טייערן פאַרמעגן אויפן גליל. נאָך פיל אָנשטרענגונגען האָט מען באַ־קומען פאַר אים אַ פּלאַץ אין אַ מיליטערישן צוג, וואָס האָט געפירט סאָל־דאַטן צום פראָנט ביי טול־כרם.

אויפן וועג האָט עפעס פּאַסירט און שושני איז געווען געצווונגען אי־בערצורייסן די רייזע און אויסשטייגן אויף דער סטאַנציע דרעא. עס האָט געוואָלט דאָס מזל און עס איז דאַן צופעליק דאָרט געווען אַ יידישער ליי־טענאַנט אין טערקישן מיליטער, זיין נאָמען איז דאַן געווען — משה שערטאָק.

צוליב דער אויפגאַבע, וואָס ער האָט געהאַט צו דערפילן, האָט שער־טאָק געקאָנט פאַרזעצן די רייזע מיט דער באַן. דעריבער האָט ער צוגע־נומען פון שושני זיין באַגאַזש. ער האָט געהאַפט אָנצוקומען קיין צמח און פון דאָרט אַריבערפירן אים צו זיין ציל. אָבער לויט אַ פּלוצימדיקער פאַר־אָרדענונג האָט ער געמוזט פאָרן קיין כאַדזשאַז דורך עמאַן, בישט האָבנדיק די מעגלעכקייט איבערצוגעבן עמיצן, אַ פאַרטרוילעכן מענטש, די וואַ־ליזקע און זי האָט געוואַנדערט מיט אים.

אַלץ איז אָפּהענגיק פון מזל, ווייל ווען נישט דאָס מזל וואָלט מען אונז אַלע דריי אויפגעהאָנגען פאַר דער דאָזיקער העזה צו פּראָדוצירן און שמוג־לען געווער.

נאָך מיין צוריקקומען אין לאַנד בין איך געוואָרן דער ערשטער אינ־סטרוקטאָר פאַר אָנפילן גראַנאַטן און פאַר באַנוצן זיך מיט זיי. די דאָזיקע ערשטע „מיליטערישע שולע" איז געווען אין הויז פונעם לערער אַדלער, אַנטקעגן דער גימנאַזיע.

## ב. דער דורכפאַל אין יפו אין יאָר 1921

דעם ערשטן געווער־מאַגאַזין האָבן מיר אין די מלחמה־יאָרן איבער־געטראָגן אין גליל. איצט זענען מיר צוגעטרעטן אויפצושטעלן אַ נייעם מאַגאַזין; דאָס מאָל — שוין אויך מיט אַ ווערקשטאַט פאַר אַ גיסעריי פון אייגענע גראַנאַטן. אין שפּיץ פון דער „הגנה" זענען נאָך אין גרעסטן טייל

געשטאַנען די חברים פון ערשטן גרעין. אַלס הויפּט־מאַגאַזיניער איז באַ־שטימט געוואָרן אהרן סווערדלאָוו.

אין פּלוג איז אַלץ געווען בסדר. די, וואָס האָבן געגרייט זיך צו פּאַרטיידיקן קעגן טערקישן מיליטער, אויב עס וועט קומען פּאָגראָמירן, וועלן נישט קענען שטעלן קיין ווידערשטאַנד דעם אַראַבישן פעבל?

פונדעסטוועגן איז געקומען אויף אונז די חרפה פון „שווארצן טאָג", פון יפו'ער פּאָגראָם אין 1921. דאָס איז געווען דעם ערשטן מאַי, אסרו־חג פסח.

ווען עס איז אָנגעקומען די ערשטע ידיעה, בין איך אַוועקגעלאָפן צו אהרן סווערדלאָוו און געפרעגט: פאַרוואָס ער האָט נישט געעפנט דעם מאַגאַזין און נישט געטיילט קיין געווער? די תשובה האָט מיך דערשי־טערט: עמיצער האָט איבערגעטראָגן דאָס געווער פון מאַגאַזין אָן דעם וויסן פונעם הויפּט־מאַגאַזיניער. און דאָ ברענגט מען כסדר טויטע און פאַר־ווונדעטע.

סווערדלאָוו איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. אַ היפּלאָזער האָב איך געוויינט מיט אים. ווען מיר וואָלטן געהאַט אין אונזערע הענט די מיני־מאַלסטע „כלים", צען ביז צוואַנציק פּיסטאָלעטן און עטלעכע, באַדיי פּרי־מיטיווע גראַנאַטן, וואָלטן מיר דאָך לייכט פאַרהאַלטן דאָס ווילדעווען פון צעיושעטן יפו'ער פעבל. די איין און פערציק טויטע און צענדליקער פאַר־ווונדעטע, זענען על פּי רוב געפאַלן און פאַרווונדעט געוואָרן נישט פון הייס געווער, נאָר פון טעמפּע מכשירים, אייזנס, נאַבוטן אד"גל. און אַנט־קעגן זיי זענען מיר געשטאַנען פאַרלוירענע און וויינענדיקע.

מיר האָבן אַלאַרמירט פּנחס רוטענבערגן. ער האָט גענומען די זעלבסט־שוץ־ענינים אין זיינע הענט. מיר האָבן אָנגעהויבן אויסשולן די מענטשן אין באַגיין זיך מיטן געווער, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן גלייך אויפן אָרט: שטעקנס מיט געשרויפטע שטיקלעך בלעך אויף זייערע קעפּלעך.

ווידער האָט די „הגנה" געדאַרפט זאָרגן נישט בלויז פאַר זיכערקייט נאָר אויך פאַר באַשפּייזונג. די איינוווינער זענען געבליבן אָן ברויט, אָן קאָנסערוון, אָן נאַפט פאַר באַלייכטונג און קאָכן. די הויפּט־שפּייז איז גע־ווען — מאַטישעוויטשעס מצות. עס זענען אויך איבערגעבליבן ברעקלעך ביסקוויטן פון מיליטער. מיט דעם האָבן זיך די מענטשן גענערט די ערשטע טעג, ביז עס האָט אָנגעהויבן אָנקומען הילף פון די קאָלאָניעס. מען האָט געבראַכט ווייץ. מיר זענען געווען געצוווּנגען צו לאָזן שנעל אין גאַנג די מילן, וואָס זענען געווען אין אַ יידישער געגנט. ביינאַכט פלעגן מיר זיך אַריינגנבענען, אונטער אַ וואַך, אין די מאַגאַזינען פון אָקסנהאָרן־דיסקין און אַרויסנעמען פון דאָרט קאָנסערוון־פּושקעס. אַ שווערע לאַגע

האָט זיך געשאַפֿן צוליבן פֿעלן פֿון אייז, באַזונדערס צוליב די פֿיל קראַנקע און פֿאַרווונדעטע. די צוויי אייז־פֿאַבריקן זענען געווען אין יפֿו און מען האָט זיי פֿאַרבאָטן צו פֿאַרקויפֿן אייז די ייִדן, אָבער אויך אַפֿילו ווען מען וואָלט געקענט גובר־זיין דעם דאָזיקן פֿאַרבאָט (נישט פֿון די שווערע זאַכן ביי די קינדער פֿון לעוואַנט), איז דאָך בכלל אוממעגלעך געווען צוצוקומען אַהין.

רוטענבערג, דער עלעקטריע־מומחה, מיט זיין ענערגיע האָט געפֿונען אַ וועג צו פּראָדוצירן אייז. דורכן רויטן קרייַץ האָט ער באַקומען עפּעס אַ „מאַשין״, פֿאַר וועלכער עס האָט זיך מער געפּאַסט מען זאָל זי אָנרופֿן „אַ שטיקל מאַשין״, איידער מאַשין. אין אונזער פֿאַבריק האָבן מיר איינסטאַלירט אַ בעקן פֿון האָלץ אויף צו זאַמלען וואַסער, און מיר האָבן אָנגעהויבן דעם עקספּערימענט. ווי גרויס איז געווען די פֿרייד, ווען מיר האָבן נאָך אַן אַרבעט פֿון פֿיר און צוואַנציק שעה אַרויסבאַקומען צוואַנציק קילאָ אייז. ווען מיר וואָלטן אַנטדעקט אַ גאָלד־גרובן, וואָלטן מיר זיך אַזוי נישט געפֿרייט. ווייל וואָס וואָלטן מיר געמאַכט מיטן גאָלד פֿאַר אונזערע דורשטיקע קראַנקע און פֿאַרווונדעטע אין די ערשטע טעג פֿון היצן?

אַזוי ווי מיט אונזערע פֿיל, פֿיל אונטערנעמונגען אין לאַנד: מען יצא מתוק. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די זעלבשטענדיקע ייִדישע אייז־פּראָדוקציע.

רוטענבערג האָט מיך באַשטימט אַלס „אַפּראָוויזאַציע־מיניסטער״ אין מיניאַטור־פֿאָרנעם. אין צווישנצייט איז געוואָרן רואיק, מען האָט געבראַכט צו קבורה די קרבנות, תל־אָביב האָט געבראַכן דעם הונגער און פֿריי אָפּגעאָטעמט.

אָבער ביי די געציילטע, וואָס האָבן געוווּסט די גאַנצע פּרשה מיט איר פֿולן אמת, איז געבליבן אַ ווונד אין האַרצן און האָט זיי נישט געלאָזט רוען. ווי לייכט האָט מען געקאָנט פֿאַרמיידן דאָס אומגליק און די חרפּה צוזאַמען!

דאָס געווער פֿון מאַגאַזין האָט אַריבערגעטראָגן א. ג. אויפֿן גליל זייענדיק זיכער, אַז תל־אָביב און יפֿו דראָט נישט קיין שום געפֿאַר, בעת עס איז פֿאַראַן אַן ערנסטע סכנה פֿאַרן גליל. ערגער פֿון דעם איז געווען, וואָס דאָס איז געטאָן געוואָרן נישט באַראַטנדיק זיך מיט דער „הגנה״־לייטונג און אָן איר וויסן. ווען מיר וואָלטן לפּחות געוווּסט!

דער פֿאַקט, אַז מיר זענען געבליבן אָן געווער, האָט מיט זיינע קאָנסעקווענצן און אומפֿאַנג פֿון אומגליק געהאַט זיין אויסווירקונג ווייט איבער די תּחומים פֿון פּאָגראָם אין יפֿו און זיינע קרבנות. מיר האָבן נישט דערשאַצט ווי געהעריק דעם פּסיכאָלאָגישן מאָמענט ביי די אַראַבער; דעם מאָמענט, וועלכן עס האָט אַזוי גוט פֿאַרשטאַנען מיכאל האַלפּערין. די פּסי־

כיק און פאַנטאַזיע האָבן ביי די אַראַבער אַ נישט קלענערע ווירקונג ווי די אויסערלעכע זייט פון אַזאַ געשעעניש, ווי אויסשטאַטונג און קאַמפּס־כוחות. די אַראַבער אין גאַנצן לאַנד איז פּלוצים באַוווּסט געוואָרן, אַז מען קאָן שלאָגן און מאָרדן די דאָזיקע יידן, וועלכע קאָנען זיך נישט פאַר־טיידיקן. דאָס קאָסט זייער ביליק. דאָס איז אַזאַ מין „פאַנטאַזיע", פאַר וועל־כער מען באַצאָלט נישט מיטן לעבן. נאָך מער: די מזרח־פאַנטאַזיע איז, ווי באַוווּסט, נישט קאַרג מיט איבערטרייבונגען צו הונדערטער און טויזנ־טער יידישע הרוגים און פאַרוווּנדעטע. און דאָס האָט פאַרשטאַרקט זייער אַפּעטיט צו פּרובירן נאָכאַמאָל.

אַ געוויסע פאַרגיטיקונג פאַר דעם גרויסן פאַרלוסט אין דעם דאָזיקן יפו'ער פּאָגראָם האָבן מיר באַקומען נאָר מיטן אָנפאַל אויף פתח־תקוה. דער אָנטשלאָסענער ענטפער, וואָס די אָנפאַלער האָבן באַקומען פון די פאַר־טיידיקער פון פתח־תקוה מיטן העלדישן אברהם שפירא אין דער שפּיץ, איז אויך געוואָרן אַ לעגענדע־מאַטעריאַל פאַר די אַראַבער. און דאָס מאָל — די גוזמא אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. זיי האָבן דערציילט וועגן הונדער־טער קרבנות זייערע און זיי האָבן דערציילט וועגן לעגענדאַרע העלדן־טאַטן פון אברהם שפירא. אגב: די בריטישע רעגירונג האָט פאַרפירט קעגן אים אַ קרימינעלן פּראָצעס פאַר דער „שלעכטער באַציונג" צו די אַראַ־בישע פאַרוווּנדעטע, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין אונזערע הענט. די אַראַ־בער פון חברון און צפת זענען, ווייזט אויס, געווען „ריטער", ווייל מיר האָבן קיינמאָל נישט זוכה געווען, אַז זיי זאָלן ווען עס איז געשטעלט ווערן פאַרן געריכט צוליב אַ „שלעכטער באַציונג" צו פאַרוווּנדעטע, אָדער פאַר־שוועכן דעם כבוד פון טויטע, חלילה...

אָבער די געשעענישן אין יפו האָבן געהאַט זייער אויסווירקונג נאָך ווייטער, נאָך ווייטער פון די אַראַבער. זיי האָבן אויך דירעקט און אומ־דירעקט געווירקט אויף אונזערע באַציונגען מיט דער בריטישער מאַכט. ווייל די שיטה פון הבלגה, ביי וועלכער מיר האָבן זיך געהאַלטן פיל יאָרן, איז נישט בלויז וואָס זי איז נישט געווען קיין גוטע מטבע אין די אויגן פון די אַראַבער, נאָר האָט אויך נישט מצליח געווען אַלס סחורה אויף „עקספּאָרט". נישט בלויז וואָס מיר האָבן פאַר איר גאָרנישט געקאָנט קויפן, נאָר מיר האָבן אַליין באַצאָלט פאַר איר דעם פּרייז, אַ פּרייז טייערער פון גאָלד, אַ פּרייז פון פיל בלוט, ווייל עס איז בלויז נאַטירלעך, אַז קיין פאָלק איז נישט נוטה צו געפינען אַ פאַרבינדעטן אין דעם, וואָס לאָזט זיך דער־לאַנגען קלעפּ. יעדעס פאָלק זוכט בעסער אָנצוקניפּן מיט דעם וואָס קאָן יענעם דערלאַנגען קלעפּ. דעריבער איז עס בלויז לאָגיש, אַז זינט דעם יפו'ער פּאָגראָם זענען אויף אונז געקומען מיט אַ פערמאַנענטער קאָנסעקווענץ גזירות

מצד דער בריטישער מאַכט און עס האָט זיך פאַרשטאַרקט די פּראָ־אַראַ־בישע פּאָליטיק.

נאָך דעם וואָס האָט פּאַסירט אין יפו האָבן מיר געוויינט אויף די קרבנות וואָס זענען געפאַלן, אָבער מיר האָבן נאָך נישט געוווסט, אַז דאָס אומגליק איז טיפער, פיל טיפער ווי די טיפעניש פון די איין און פערציק קברים, וואָס מיר האָבן געגראָבן פאַר די קרבנות.

דערווייל האָבן מיר פון דעם עפּעס געלערנט; עס איז באַשלאָסן גע־וואָרן, אַז פון איצט אָן און ווייטער זאָל מען נישט איבערטראָגן קיין געווער פון די מאַגאַזינען אָן דער הסכמה פון צוויי דריטל מיטגלידער פון דער אָנפירנדיקער קערפּערשאַפט.

נאָכן פאַרענדיקן זיך פון דעם דאָזיקן קאַפּיטל האָבן מיר באַשלאָסן אויפצושטעלן אַ פּאָליציי אין אוניפאָרם. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ועד, וואָס איז געווען פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעך. אין ועד זענען געווען סעדיה שושני, שלום פעכטער און איך. דער דאָקטאָר, וועלכער האָט אונטערזוכט די קאַנדידאַטן און פעסטגעשטעלט צי זיי זענען פּאַסיק פון מעדיצינישן שטאַנדפּונקט, איז געווען ד״ר בנימיני. דער ערשטער מפקח (אינספּעק־טאָר) — חיים האַלפּערין, וועלכער האָט אַמטירט אויף דעם פּאָסטן ביז עס איז געקומען קרעמער. פון אָנפאַנג זענען געווען פערציק שוטרים. מיר האָבן באַשטימט אַלע ענינים און מען האָט אונז גערופן „די פּאַטערס פון דער פּאָליציי". די שוטרים פלעגן ברענגען זייערע אָנקלאָגעס צו אונז.

דאָס דאָזיקע קאַפּיטל איז ראוי, אַז מיט אים זאָל זיך אָנהויבן די גע־שיכטע פון דער יידישער פּאָליציי אין ארץ־ישראל.

## ג. די דזשענטלמענער פון ליפתא און די דזשענטלמענער פון לאָנדאָן

ווער עס האָט גאָרנישט געלערנט פון דעם, וואָס האָט פּאַסירט אין יפו, איז געבליבן בלינד כמעט צוואַנציק יאָר אין באַצוג צו יענער ווירקלעכקייט פון דער שפּראַך פון אַגרעסיוון כוח אינעם דרייעק יידן־אַראַבער־ענגלענדער. אָבער דער, וואָס איז געוואָרן זעעוודיק אויף איין־אויג אין מאַי 1921, איז געוואָרן זעעוודיק אויך אויפן צווייטן אויג אין די בלוטיקע אומרועו פון 1929.

אין מוצא איז אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אויסגעשאָכטן געוואָרן אַ גאַנצע משפּחה, די משפּחה מקלף צוזאמען מיט אַ משפּחה געסט, וואָס האָט זומער פאַרבראַכט אין דעם הויז.

אַנטקעגן יענעם הויז האָט געוווינט די משפּחה בראזא, וואָס האָט

פאַרמאָגט עטלעכע „שטיקלעך״ געווער, אָבער דאָס איז געווען גענוג צו ראַטעווען זיך און פאַרטרייבן די רוצחים פון ליפתא. דאַן איז געקומען דער דריטער צד מאַכן אַ משפט און פאַרשטייט זיך — קעגןביידע צדדים, קעגן די מערדער און די דערמאָרדעטע. אָבער אַזוי ווי מען האָט נישט געקאָנט אוועקזעצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק די דערמאָרדעטע יידן, איז גע־שטעלט געוואָרן פאַרן געריכט די משפחה בראַזא, וואָס האָט באַוויזן צו ראַטעווען איר לעבן, ווייל זי האָט זיך פאַרטיידיקט. אַזוי ווי עס האָבן זיך נישט געפונען קיין עדות קעגן די מערדער, און זיי, די מערדער, האָבן נישט געוואָלט עדות זאָגן קעגן זיך זעלבסט, האָט דער אַדוואָקאַט, דער אַראַבישער דזשענטלמען, וואָס האָט זיי פאַרטיידיקט, דערקלערט: „קעגן די דזשענטל־מענער פון ליפתא איז נישטאָ קיין שום באַווייזן״, און די ריכטער, די דזשענטלמענער פון לאָנדאָן, האָבן געפסקנט: עס איז ווירקלעך נישט פאַראַן קיין שום באַווייזן; די אַראַבער זענען אומשולדיק און פריי. דאַקעגן זענען געווען געפונענע אַראַבישע עדות קעגן דער משפחה בראַזא, וואָס איז געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט פאַר באַזיצן אומלעגאַל געווער און — הימל עפן זיך! — פאַרן באַנוצן זיך מיט אים. נאָך מיט פיל באַמיאונגען הינטער די קוליסן, איז זיי געלונגען אויסצומיידן אַ שווערן אורטייל. ווירק־לעך, פאַראַן גערעכטיקייט און גלייכגעוויכט...

אָבער כדי אויסצופאָרשן, צי די מאַכט היט אָפּ די גלייכגעוויכט צווישן די מערדער און די דערמאָרדעטע, איז געשיקט געוואָרן אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון לאָנדאָן, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען שאָו־קאָמיסיע.

די דאָזיקע דזשענטלמענער פון דער קאָמיסיע האָבן אויך געוואָלט עפּעס לערנען וועגן דעם ענינים־צושטאַנד אין דער צייט פון דער טער־קישער הערשאַפט. זיי האָבן געפרעגט דעם תל־אָביבער בירגערמייסטער, מאיר דיזענגאָף, ווער פון די יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער וועט זיי קאָנען געבן ידיעות וועגן דעם. דיזענגאָף האָט זיי אָפּגעשיקט צו מיר און ווייזט אויס, כדי אויסצומיידן די מעגלעכקייט איך זאָל קאָנען מיט עמיצן זיך באַראַטן, איז דערשינען פאַר מיר די קאָמיסיע אומגעריכט.

אָט איז דער פאַרלויף פון דער אויספאָרשונג וואָס איך בין דורכ־געגאַנגען:

— ביסטו גרייט צו ענטפערן אויף עטלעכע פראַגן?

— פאַרשטייט זיך, אָבער מיטן באַדינג, אַז איר זענט גרייט אויך צו הערן געוויסע ענטפערס, וואָס וועלן פאַר אייך נישט זיין אָנגענעם. אויב נישט וועט איר זיך קאָנען באַגנוגענען מיט אַ שוואַרצן קאַפע, וואָס איך וועל אייך דערלאַנגען לויטן שטייגער פון אָריענט.

נאָך דעם ווי זיי האָבן אָנגענומען דעם קלאָרן באַדינג און דעם שוואַרצן קאַפּע, האָבן זיי פאָרגעזעצט די אויספאָרשונג:

— וואָס האָסטו געטאָן אין דער וועלט־מלחמה?

איך ווייס נישט צי זיי האָבן געהאַט פון פריער וועלכע עס איז ידיעה וועגן מיינע מעשים, אָדער זיי האָבן געוואָלט הערן פון מיר, אַז איך בין געווען אַ הונגעריקער אימיגראַנט, וואָס האָט גאָרנישט פאַרמאָגט, כדי זיי זאָלן קאָנען פעסטשטעלן אין זייער פראָטאָקאָל ווי ווייט איך בין געשטיגן אונטער די פליגלען פון דער בריטישער הערשאַפט.

איך האָב געענטפערט:

איך בין געווען אויף אַ הויכן אַמט ביי דער טערקישער מאַכט און געקעמפט קעגן גרויס־בריטאַניע.

— ביסטו מאָביליזירט געוואָרן?

— ניין. איך האָב זיך מאָביליזירט פון מיין ווילן.

— צי באַדויערסטו דאָס נישט איצט?

— ביז היינט האָבן מיר נאָך די פאַקטן נישט באַוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ פעלער.

— צי איז, לויט דיין מיינונג, דער טערקישער רעזשים געווען בעסער פונעם רעזשים וואָס הערשט היינט אין לאַנד?

— יעדנפאַלס עפּעס אַזוינס, וואָס האָט פּאַסירט אין מוצא צוועלף אַזייגער אינמיטן העלן טאָג, האָט נישט געקאָנט פּאַסירן, און די טערקישע פּאָליציי זאָל נישט קאָנען געפינען די מערדער; עס איז דאָך נישט צו באַהויפּטן, אַז די קרבנות האָבן זיך אַליין דערמאָרדעט. ביי אייך, אין לאָנדאָן הערשט אָרדענונג און די פּאָליציי איז פיל בעסער. דאָרט האָט איר אַ סקאָטלאַנד־יאַרד און די הילף פון דער געזעלשאַפט. דאָ לאָדן נישט איין די מערדער קיין עדות ווען זיי גייען מאָרדן און אייך געלינגט נישט צו באַקומען די הילף פון דער געזעלשאַפט ביים אויסגעפינען די מערדער.

— ווי וואָלטן, למשל, די טערקן געהאַנדלט אין אַזאַ פאַל?

— איינפאַך. נאָך אַזאַ פאַל וואָלטן אינעם דאָרף זיך באַוויזן אויספאָרשער פון דער רעגירונג און מיט זיי אַן אָפּטיילונג פון פּאָליציי. זיי וואָלטן זיך באַזעצט אין דאָרף און וואָלטן געפאָרשט טעג און וואָכן. פאַרשטייט זיך, אַז זייער זיצן אין דאָרף וואָלט געווען אויפן חשבון פון די דאָרף־איינוווינער, וועלכע וואָלטן געוועזן פאַרפליכטעט אויסצוהאַלטן די אויספאָרשער, פּאָליציי און אויך די — פערד. יעדן טאָג וואָלטן זיי געדאַרפט קוילן היינער און שעפסן. צום סוף וואָלטן זיך געעפנט די מיילער פון די דאָרף־איינוווינער. און וויייל דער טערקישער אויספאָרשער וואָלט נישט אָנגעהויבן זיין אויספאָרשונג לויטן שטייגער ווי איר ווענדעט זיך

צום מערדער: „דו קאָנסט אויך נישט ענטפערן אויב דו ווילסט", וואָלטן די אויספאָרשער נישט געדאַרפט דאָ לאַנג זיצן און וואָלטן שנעל פאַר־לאָזט דאָס דאָרף על פּי רוב — מיטן מערדער אין זייערע הענט.

— ווייזט אויס, אַז דו ביסט אַ גרויסער טערקאָפיל — האָט אַ זאָג געטאָן איינער פון די קאָמיסיע־מיטגלידער.

—אדרבא — האָב איך געענטפערט — באַווייזט מיט פאַקטן, אַז אַ ייד קאָן אויך זיין אַן אַנגלאָפיל.

אין פלוג — ווערטער ווי טשוועקעס, נישט אמת? אָבער ווייזט אויס, אַז זיי האָבן געהאַט אַ האַרטע הויט, די דאָזיקע דזשענטלמענער פון לאָנ־דאָן, ווייל נישט בלויז דאָס, וואָס זיי האָבן נישט פּרובירט מיך איבער־צייגן, אַז אַ ייד קאָן זיין אַן אַנגלאָפיל, נאָר פאַרקערט: פיל, זייער פיל, וואָס זענען ביז דאַן געווען אַנגלאָפילן בלב ונפש, האָבן אויפגעהערט צו זיין אַזעלכע נאָך די געשעענישן פון 1929 און נאָך דעם באַריכט פון די דזשענטלמענער פון דער שאָו־קאָמיסיע, וואָס איז געקומען נאָך די גע־שעענישן און מיט זייער השראה.

אגב: נישט די גאַנצע משפחה מקלף איז דאַן דערמאָרדעט געוואָרן. איין קינד איז ניצול־געוואָרן אַדאַנק דעם, וואָס עס איז באַהאַלטן געוואָרן הינ־טער אַ וואַש־שיסל. די אַראַבישע דזשענטלמענער באַדויערן געוויס זייער שטאַרק, וואָס זיי האָבן אים דאַן נישט געפונען, ווייל זה הקטן גדול היה; דאָס דאָזיקע קליינע קינד איז געוואָרן איינער פון די זיילן פון דער יש־ראל־אַרמיי און ער האָט געוויס נקמה גענומען און באַצאָלט די מערדער פאַר דעם בלוט פון זיינע עלטערן. דאָס דאָזיקע קינד איז געווען מרדכי מקלף, דער שפּעטערדיקער שעף פון גענעראַל־שטאַב (רמטכ"ל) פון צבא הגנה לישראל.

## ד. דאס „מעבלירטע" געווער

די פּרימיטיווע ראָמאַנטישע תקופה פון „קינזשאַלן" איז פאַריבער אויף אייביק. מיטן פּראָגרעס פון דער ציוויליזאַציע „פּראָגרעסירט" אויך דאָס געווער. עמיצער, אַ ציניקער, קאָן זאָגן פאַרקערט: מיטן „פּראָגרעס" פון געווער פּראָגרעסירט אויך די ציוויליזאַציע. אַזוי צי אַזוי, נישט בלויז דער קינזשאַל, נאָר אויך דאָס מאָדערנע געווער, וואָס מיר האָבן דערפונדן, די שטעקנס מיט די קעפּלעך פון בלײַ, זענען שוין מער נישט געווען גענוג. מיר האָבן אָנגעהויבן זאָרגן צו פאַרשאַפן זיך געווער אין גרויסע קוואַנ־טומס — געווער ממש.

די ערשטע קניה איז געמאַכט געוואָרן אין דייטשלאַנד דורך אונזער

ספּעציעלן שליח ד״ר זלאָטשיסטי. דאָס איז געווען די ערשטע אונטערנעמונג פון אַ „מלוכה׳שן״ פאַרנעם ממש. ער האָט געקויפט פיר הונדערט „פּאַראַבעלומס״, האָט זיי גוט פאַרפּאַקט און געבראַכט זיי אין פרייען פּאָרט אין האַמבורג. אָבער אויף דער דאָזיקער שוועל פון אונזער גליק און רייך ווערן האָט פּאַסירט אַן אומגליק. איין קאַסטן איז געוואָרן צעבראָכן. דאָס וואָלט אפשר אַריבער בשלום, ווען עס וואָלטן אין פּאָרט נישט געווימלט די שליחים פון „אינטעלידזשענס סערוויס״. זיי האָבן, ווייזט אויס, פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ טראַנספּאָרט קיין „פּאַלעסטיין״ איז נישט באַשטימט פאַרן מופטי חאדזש אמין און זיי האָבן געטאָן וואָס זיי האָבן געקאָנט, כדי צו פאַרהאַלטן דעם טראַנספּאָרט. אפשר האָט זיי געצויגן צו די קאַסטנס די... פאַרפּאַקונג? אַרום דעם געווער זענען געווען ענגלישע „זיכער־נאָדלען״... מען האָט דאָס געווער מער נישט געקאָנט אַרויסנעמען פון פּאָרט. עס איז דורכגעפאַלן דער ערשטער פּרוּוו און עס איז אויך געווען אַ באַדייטנדיקער געלט־פאַרלוסט. דאָס געלט האָבן מיר צונויפגעזאַמלט צווישן פריוואַטע פערזאָנען. קיין פאָנדן פאַר אַזעלכע צוועקן זענען נאָך נישט געווען.

נאָך דעם דאָזיקן דורכפאַל זענען געפאָרן שליחים קיין עסטרייך. דאָרט האָבן זיי זיך פאַרבונדן מיט צוויי אַמעריקאַנער יידן. זיי האָבן געקויפט דריי הונדערט ביז פיר הונדערט „כלים״.

דאָס מאָל האָבן זיי זיך מער נישט פאַרלאָזט אויף ענגלישע „זיכער־נאָדלען״. זיי האָבן געקויפט פיר קאָמפּלעטן מיט לעדער באַדעקטן קלובמעבל און האָבן פאַרפּאַקט דאָס געווער אין דער בעטונג פון דעם מעבל. דער דאָזיקער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען אין אָרדענונג. דאָס מעבל איז געבראַכט געוואָרן אין דער ווױנונג פון אלדמע און דאָרט האָבן מיר עס געעפנט אין טיפער געהיימקייט. אָבער די פרייד איז נישט געווען קיין גאַנצע, ווייל די כלים זענען נישט געווען „גאַנץ״. מיר זענען געווען דערשטוינט, זעענדיק פאַר זיך „פערטלעך״ און „העלפטן״. דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די פאַרקויפער, אָדער די פאַרמיטלער, האָבן איינגערעדט די קויפער, אַז פערטלעך און האַלבע ברוינינגס זענען בעסער פון „גאַנצע״.

יאָ, איך האָב כמעט פאַרגעסן דעם עיקר. די פּרעכטיקע פאָטעלן און קאַנאַפּעס האָבן מיר פאַרקויפט דער בריטישער זשאַנדאַרמעריע. זי האָט זיי איבערגעפירט אין קלוב אין סאַראַפענד און „גוט״ געזעסן אין זיי.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין סך נחת פון דער דאָזיקער טראַנזאַקציע, אָבער עס זענען בעסער „פערטלען״ אין מעבל וואָס קומען אָן, ווי „גאַנצע״ אין „זיכער־נאָדלען״ וואָס האָבן נישט די זכיה אָנצוקומען.

פון איצט אָן האָבן מיר באַשלאָסן צו לערנען פון דער דערפאַרונג

און די הגנה־מענטשן גופא פלעגן פאָרן און זאָרגן פאַרן איינקויף און פאַר־פּאַקונג. טראָץ דעם זענען געווען דורכפאַלן. איינמאָל איז פאַרלוירן געגאַנגען אַ גרויסער טייל פון טראַנספּאָרט, וואָס איז פאַרפּאַקט געוואָרן אין פעסער צעמענט. עטלעכע פעסער זענען צעבראָכן געוואָרן אין יפו׳ער פּאָרט און עס איז אַנטדעקט געוואָרן וואָס זיי אַנטהאַלטן.

אַ געוויסע צייט פלעגט מען ברענגען געווער אין „בינען־שטאָקן". ביז דאַן האָבן מיר זיך באַזונדערס באַשעפטיקט מיטן קליין־געווער. מיר האָבן זיך אויך באַנוצט מיט „סייפן", וואָס צווישן זייערע טאָפּלטע ווענטלעך האָט מען געקאָנט אַריינלייגן ביקסן אָן קאָלבעס. אַמאָל איז אַנטדעקט געוואָרן אויך אַזאַ טראַנספּאָרט. סי.איי.די. האָט שוין געוואָרפן אַן אויג אויף אויף אונזער גרופּע. איצט איז דער חשד געפאַלן דירעקט אויף מיר.

מיין מעבל־פאַבריק איז דאַן געווען אויף הערצל־גאַס. איינמאָל אין די מיטאָג־שעהן האָבן זיך אין דער פאַבריק אַריינגעריסן ענגלישע פּאָלי־ציסטן מיטן קאַפּיטאַן סמיט און קאפּאראטא (דער „העלד" פון חברון) און מיר געמאָלדן, אַז זיי זענען געקומען דורכפירן אַ רעוויזיע.

איך האָב זיך נישט דערשראָקן פאַר זיי און אַ זאָג געטאָן מיט תקיפות:

— איך וויל זען דעם רעוויזיע־באַפעל.

זיי האָבן מיר פאָרגעלייגט אַ רעוויזיע־באַפעל, אונטערגעשריבן דורך איינעם פון די ענגלישע ריכטער. אין באַפעל ווערט געזאָגט: איך, קאַפּאַ־ראטא, שווער, אַז איך באַזיץ ידיעות וועגן געווער־טיילן, וואָס קריגיצי־אַרבעט אויס אין זיין פאַבריק.

כדי אַרויסצוווייזן מער תקיפות האָב איך געזאָגט, אַז איך וויל זען דעם באַפעל און נישט בלויז הערן.

נאָכן איבערלייענען אים האָב איך געפרעגט:

— אַלזאָ, דו ווילסט זוכן ביי מיר?

— צי האָסטו געמאַכט די האָלץ־טיילן פאַר ביקסן?

— יאָ, געוויס האָב איך געמאַכט, צענדליקער טויזנטער.

קאַפּאראטא האָט געקוקט אויף סמיטן און זיין פּנים האָט אויסגע־דריקט נצחון.

— און פאַר וועמען?

— פאַר דער טערקישער רעגירונג בעת דער מלחמה.

דאָס פּנים פון „מנצח" איז פאַרקרימט געוואָרן און ער האָט אַ מורמל געטאָן צווישן די ציין:

— אָבער איצט, איצט?

— איצט האָב איך נאָך נישט געמאַכט.

— פאַרוואָס?



דער „ווייסער כביש” 1915 (איצט רחוב ביאליק אין רמת־גן




צעשטערונג כדי צו בויען. עס ווערט באזייטיקט די אַלטע שול כדי צו בויען א נייע

— ווייל מען האָט ביי מיר נישט באַשטעלט.
— מיר ווען זען, קום מיט אונז און מיר וועלן זוכן.
— אַנטשולדיקט, איר האָט באַקומען אַ באַפעל צו זוכן און נישט איך. ביי מיר איז איצט מיטאָג. איר וועט זוכן און איך וועל עסן.

און זיי האָבן געזוכט. ערגעץ־ווו זענען אין פאַבריק געווען באַהאַלטן עטלעכע „זאַכן" פון דעם מין, אָבער זיי האָבן זיי נישט געפונען. בעתן אונטערשרייבן דעם רעוויזיע־פּראָטאָקאָל האָב איך געלאַכט פון דעם, וואָס עס איז דאָרט געווען געשריבן: „עס איז גאָרנישט גענומען געוואָרן".

— ביי מיר איז שווער צו נעמען, די מעבל־שטיק זענען צו גרויס און מען קאָן זיי נישט אַוועקשלעפּן...

סמיט איז רויט געוואָרן און אַ זאָג געטאָן:

— איך בין געווינט צו זען דיך אַלס מער דזשענטלמען.

— דיר קאָן איך זאָגן: ווער עס שטייט אין שפּיץ פון אַ פּאָליציי, דאַרף זיין אינטעליגענט לפּחות אויף אַזוי פיל, אַז ער זאָל פאַרשטיין, אַז אַזעלכע זאַכן, וואָס קאָנען געמאַכט ווערן אין אַ קעלער דורך איין פּערזאָן, וועלן נישט געבראַכט ווערן, כדי צו מאַכן זיי אין אַ גרויסער און אָפּענער פאַבריק. אָבער אין באַצוג צו דעם דאָזיקן צווייטן הער, קאַפּאַראַטאַ, ווייל איך בכלל נישט זיין קיין דזשענטלמען.

דערויף האָט סמיט מיט אַ האַלב מויל אַ זאָג געטאָן: „דו ביסט גערעכט".

מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט די ערשטע רעוויזיע צו אַנטדעקן געווער אין דער מעבל־פאַבריק. וואָס אַן אמת האָט זי זיך פאַרענדיקט מיט גאָרנישט, אָבער מיין „תּיק" אין דער סי. איי. די. (ענגלישע געהיים־פּאָליציי) איז געוויס נאָך מער געשוואָלן געוואָרן...

## ה. אין פּערמאַנענטן הונגער

אַ פאָלקס־ווערטל זאָגט: קליינע קינדער — קליינע זאָרגן; גרויסע קינדער — גרויסע זאָרגן. די ישראל־אַרמיי האָט געוויס זייער גרויסע זאָרגן פאַר געווער און אין פאַרגלייך מיט זיי זענען אונזערע דאגות געווען קליינע. נישט קיין טאַנקען און נישט קיין עראָפּלאַנען האָבן מיר געזוכט. אָבער „יפתח בדורו כשמואל בדורו". ווער ווייסט צי אַ קויל־נוואָרפער אין די בראשית־טעג פון דער „הגנה" האָט נישט געהאַט אַ גרעסערן ווערט ווי אַ באָמבאַרדיר־עראָפּלאַן איצט!

די ערשטע געווער־פאַרשאַפער זענען געווען דוד סווערדלאָוו און סעדיה שושני. אין די פינצטערע און סכנה־פולע נעכט פון דער וועלט־מלחמה און טערקישער שרעק־הערשאַפט, פלעגן זיי גיין מיט פולע רוק־

זעק אויף די פּלייצעס. אין דער דאָזיקער פינצטערניש דאַרף מען זיך דורכשלייכן נישט אָנצינדנדיק אַפילו אַ טאַשן־לעמפּל. אויב דו וועסט נאָר שטעלן אַ נישט ריכטיקן טריט, אויב דו וועסט נאָר פאַלן און וועסט אַרויסרופן אַ רעש — איז דער דורכפאַל אַ זיכערער. און מיטן דורכפאַל — די תליה. אליהו גאָלאָמב און שושני האָבן אויסגענוצט מיין פּאָזיציע אין דמשק צו פאַרשאַפן אויפרייס־מאַטעריאַל. אָבער דאָס איבערפירן דעם מאַטעריאַל פון מיר אין זייער רשות איז געווען גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט דער סכנה פון איבערפירן אים אין אַ מיליטערישן צוג פון דמשק אין לאַנד אַריין.

אונזער ערשטער געווער־אויפהיטער איז געווען דער שלאָסער דוד לעמפּערט. זיין אויפגאַבע איז געווען צו פאַריכטן דאָס געווער, וואָס מען האָט געפונען און אַרויסגענומען פון אונטער כל מיני מיסטן, קאַליע־געוואָרענע און פאַרזשאַווערטע. אויך די דאָזיקע אַרבעט האָט ער, פאַרשטייט זיך, געמוזט מאַכן אין די בעכט.

וואָס איז געווען אונזער געווער?

איין תשובה איז מעגלעך אויף דער דאָזיקער פראַגע: וואָס פאַראַ געווער איז נישט געווען אין אונזער באַזיץ? נאָר אויף היסטאָרישע אויסשטעלונגען און אין מיליטערישע מוזייען קאָן מען זען אַזאַ „אַסאָרטימענט“. עס שיינט מיר, אַז עס איז נישט געווען קיין געווער און עס איז נישט געווען קיין לאַנד און נישט קיין סאָרט, וואָס זענען נישט געווען „פאַרטרעטן“ אין אונזער „אַרסענאַל“.

ווילסטו ביקסן? וואָס דיין האַרץ גלוסט נאָר: ענגלישע, דייטשע, פראַנצויזישע און אַפילו גריכישע „אַנטיקן“ פון 1871, וואָס זייער היסטאָרישער יחוס דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס אין זייער לופע קאָן מען נישט אַריינגעבן מער ווי איין קויל (גריכישע קאַראַבינעס!). איבעריק צוצוגעבן, אַז עס האָט אויך נישט געפעלט ביי אונז קיין יאַגד־ביקסן פון יעטווידן קאַליבער.

דער „רייכער“ אויסוואַל האָט זייער באַשווערט בעת די איבונגען, ווייל מען האָט געהאַרפט צופאַסן צו יעדער כלי איר קויל און די אונטערשיידן זענען טיילמאָל געווען מינימאַלע. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די דאָזיקע אַרבעט האָט מען נישט געקאָנט מאַכן אָפן. דאָס איז פאַרן מאַגאַזיניער געווען אַן עבודת־פרך.

מיט גראַנאַטן איז געווען דער זעלבער מצב בערך, אָבער דאָ האָבן מיר בעת די איבונגען געקאָנט זיין מער פאַרשווענדעריש, ווייל דאָס פּראָבלעם פון אויפרייס־מאַטעריאַל איז געווען פילפאַך לייכטער פונעם קוילן־פּראָבלעם. מיר האָבן, אַלזאָ, געהאַט גראַנאַטן אָנהויבנדיק פון „מילס“, ביז פוילישע און פראַנצויזישע גראַנאַטן, און אויך — סאַראַ ווונדער! — גראַ־

נאַטן פון אייגענער אויסאַרבעטונג. דעטאַנאַטאָרן און אויפרייס־מאַטעריאַל וואָס האָבן נישט איינמאָל אַנטוישט און דווקא אין די קריטישסטע מאָמענטן: בעת די איבונגען איז אין פלוג אַלץ אין אָרדענונג, אָבער בעת אַ צוזאַמענשטויס — אַ שטיק פגר, וואָס „אַרבעט" נישט!

אויך מאַשינען־געווער זענען ביי אונז געווען פאַרטרעטן ווי אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַרק. אָנהויבנדיק פון „כלים" פון יאָר 1914 און ענדיקנדיק מיט די לעצטע אויפטועכן פון טשעכישער, פוילישער, ענגלישער און אַמעריקאַנער פראָדוקציע. אָבער ווידער און ווידער אַמאָל איז אַרויסגעשווומען די זעלבע צרה — קוילן. נישט איינמאָל איז אַ מאַשין־געווער געווען נישט מער ווי אַ שטיקל אייזן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ איז געקומען פון נישט פלאַנירטער קניה, ווייל מיר האָבן געקויפט אַלץ, וואָס מען האָט נאָר געקאָנט באַקומען, אומעטום, צו יעדער צייט און מיר זענען נישט געווען צופיל איבערקלייבעריש. אמת, נישט איינמאָל האָט זיך אונז געמאַכט צו קויפן בזיל הזול גוט געווער. אָבער עס האָט אונז נישט אויך אויסגעמיטן אַ פאַרקערטער גורל: באַצאָלן אַ טייערן פרייז פאַר „מיסט".

אין אַזאַ מצב איז פאַרשטענדלעך געווען די התלהבות, וואָס האָט אונז באַהערשט ווען מיר האָבן אין 1930 בערך, צום ערשטן מאָל אויסגעפרווט אַ גראַנאַטן־וואַרפער פון אייגענער פראָדוקציע. אייגענע גראַנאַטן־וואַרפערס און אייגענע גראַנאַטן. דער פרווו איז געמאַכט געוואָרן אין תּל־ליטווינסקי, אויף דעם פלאַץ, וווּ עס איז שפּעטער אויפגעשטעלט געוואָרן דער בריטישער מיליטערישער לאַגער. זינט דאַן האָב איך, דוכט זיך, נישט געפילט אַזאַ טיפע פרייד ביז איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען די געווער־אינדוסטריע פון מדינת־ישראל.

און כדי נישט צו פאַרשעמען, וועל איך אויך דערמאָנען דאָס „נעבעכל", דעם סטען, וואָס פּרובירנדיק אים צום ערשטן מאָל האָבן מיר זיך געפרייט ווי קליינע קינדער און געמיינט, אַז קיין בעסער געווער פון דעם איז בכלל נישט פאַראַן. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז פאַראַן אַן אידעאַלערער געווער ווי דער סטען, אָבער אונזער שמחה דאַן איז געווען אַן אמתע שמחה.

אויב דאָס פּראָבלעם פון געווער־פאַרשאַפונג איז פאַרהעלטנישמעסיק געווען לייכט, איז ביז צו פאַרצווייפלונג שווער געווען מיט קוילן. ראשית, איז שווער געווען צו באַקומען קוילן פאַר אַזוי פיל מינים געווער. צווייטנס, נישט שטענדיק האָט דער פאַרקויפער געוווּסט ווי זיי אויפצוהיטן. זיי זענען געווען דורכגענומען מיט פייכטקייט. אַ לאַנגע צייט האָבן מיר אויך נישט געוווּסט ווי צו בייטן די קויל־שפּיצן, און מיר האָבן דאָך אויך געמוזט זיי באַהאַלטן אונטער באַלאַטן און אין קעלערן.

דערציבער איז קיין ווונדער נישט, וואָס אין די בעסטע צייטן זענען מיר נישט דערגאַנגען מער ווי צו 100 קוילן פּאַר אַ ביקס, 25—50 קוילן פּאַר אַ פּיסטאָלעט. אין אַזאַ מצב איז כמעט אוממעגלעך געווען צו געבן די חברים „לעבעדיקע" קוילן צו לערנען זיך שיסן צום ציל. אַזאַ זאַך איז געווען אַ פאַרשווענדערישקייט.

מיר זענען געווען הונגעריק נאָך קוילן און אַ מאַשין צו פּראָדוצירן קוילן איז געווען אַ חלום. איינמאָל האָט זיך אונז אויסגעדוכט, אַז אָט וועט פאַרווירקלעכט ווערן דער חלום. אליהו האָט אין ווין געקויפט אַזאַ מאַשין פון עסטרייכישן מיליטער. אָבער ער איז אַרעסטירט געוואָרן און די מאַשין איז נישט אָנגעקומען אין לאַנד.

בלויז אין דער גראַנאַטן־פּראָדוקציע האָבן מיר געקאָנט מער דערגרייכן, די ערשטע גראַנאַטן האָט אליהו געגאָסן אין גליל.

## ו. ערשטע שפּאַלטונגען

פון אָנהייב אָן האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז דער דאָזיקער ענין, וואָס הייסט „הגנה", וועט קאָנען בלייבן אויסערהאַלב דעם תחום פון פּאַרטייאישע רייבונגען. אַזוי ווי די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט מען אָנגערופן „די מדינה אונטערוועגס", האָט די „הגנה" געדאַרפט זיין „דאָס מיליטער אונטערוועגס", און ווי געפינט מען עס אין דער וועלט אַ מיליטער, וואָס זאָל זיין איינגעטיילט לויט אַ פּאַרטייאישן שליסל? אָבער ווייזט אויס, אַז ייִדן זענען נישט ווי אַלע פעלקער; ווייזט אויס, אַז נישט בלויז אַ „מדינה אונטערוועגס" און „מיליטער אונטערוועגס" זענען מיר געווען, נאָר אויך אַ „פּאָלק אונטערוועגס". עס זענען דאָך געווען צווישן אונז אַזוי פיל אַפילו קעגן דעם געדאַנק פון אַ ייִדישער מדינה און ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז זיי האָבן אויסגעלאַכט דעם באַגריף ייִדיש מיליטער און דעם גאַנצן „מיליטאַריסטישן" ענין בכלל.

אין 1929 איז פאָרגעקומען די ערשטע שפּאַלטונג אין דער „הגנה". די שפּאַלטונג איז געקומען צוליבן באַהערשן פון די לינקע דעם „הגנה"־אַפּאַראַט. די נישט־לינקע קערפּערשאַפטן, די אַזוי גערופענע „בירגער־לעכע", זענען ביסלעכווייז אַוועקגערוקט געוואָרן אין אַ זייט און פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין נישט מער ווי שטיצע־ און עצה־געבער.

ווי האָט דאָס פּאַסירט? מצד די פירער פון די לינקע איז אַלץ געטאָן געוואָרן מיט אַ כוונה פון פריער. אָבער דאָס באַהערשן דעם „הגנה"־אַפּאַ־ראַט איז דערמעגלעכט געוואָרן דורך דעם, וואָס דאָס אויסברייטערן זיינע פונקציעס האָט פאַרלאַנגט באַלויִנטע אַרבעט אַנשטאָט דער ביז־איצטיקער

פריוויליקער אַרבעט. דער בירגערלעכער טייל האָט נישט געקאָנט צו־שטעלן מענטשן צו אַזאַ אַרבעט. די לינקע האָבן געבראַכט מענטשן פון קיבוץ, וואָס פלעגט זיי „אויסבאַרגן״ (אין גרעסטן טייל זענען די דאָזיקע „אויסגעבאָרגטע״ נישט „צוריקגעגעבן״ געוואָרן און זענען געוואָרן שטאָטישע עסקנים, נאָר דער נאָמען פון קיבוץ, אַלס זייער „סטאַבילער״ וווינאָרט איז געבליבן באַהאַפטן צו זיי, פאַר דעקאָראַציע) און פאַרשטייט זיך, אַז ווער ס'איז זיך מטפל מיט די טאָג־טעגלעכע ענינים פון אַ מוסד, ווערט ממילא דער בעל־הבית איבער אים.

אין 1930 האָט זיך אָנגעהויבן די זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע פון אירגון ב׳. עס זענען געווען קאָלאָניעס, וואָס אַלע זייערע באַוווינער זע־נען געווען חברים פון אירגון ב׳. עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן נייע קאַדרען, זעלבשטענדיקע מאַגאַזינען. אין רמת־גן האָט זיך אָנגעהויבן די טעטיקייט פון אירגון ב׳ שוין אין די טעג פון די בלוטיקע אומרוען אין 1929. עס איז אים איבערגעגעבן געוואָרן די שמירה אויף אַ טייל פון זשאַבאָ־טינסקי־שאָסיי ביז שכונת באָראָכאָוו און סלמה. טראָץ די נאָך פרישע וווּנדן פון דער שפּאַלטונג זענען געווען קעגנזייטיקע באַציאונגען מיטן אירגון א׳ (די „הגנה״). עס איז געווען עפּעס ענלעכס צו אַ בשותפותדיקער לייטונג און אויך קעגנזייטיקע הילף. אַזאַ מצב האָט אָנגעהאַלטן ביז 1936.

אליהו גאָלאָמב האָט אומאויפהערלעך געשטרעבט ווידער צו פאַר־איייניקן די צוויי קערפּערשאַפטן. אין ביוראָ פון דער „פרדס״־געזעלשאַפט זענען פאָרגעקומען די גורלדיקע צוזאַמענטרעפן. נאָך אַ זיצונג פון אַ גאַנ־צער נאַכט איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו פאַראייניקן. אַזאַ איז געווען די דערגרייכטע פשרה: אין אַלע פונקציעס סיי די באַצאָלטע און סיי פריי־וויליקע, וועלן ביידע צדדים באַקומען גלייכע טיילן — 50 פּראָצענט יע־דער. די געווער־מאַגאַזינען בלייבן, ווי ביז איצט, אין רשות פון די, אין וועמענס באַזיץ זיי געפינען זיך אויף די פלעצער. פאַרשטייט זיך, אַז מיטן אויסברוך פון אומרוען איז דאָס געווער איבערגעגעבן געוואָרן פאַרן אַל־געמיינעם געברויך. די בירגערלעכע האָבן געהאַט געבוגנדיקע מאָטיוון מסכים צו זיין צו אַזאַ הסכם, וואָס האָט אָבער גורם געווען צו אַ פילפאַך ערנסטערער שפּאַלטונג שפּעטער. די, וואָס האָבן נישט געגריגט צו דער פאַראייניקונג, האָבן שפּעטער געשאַפן דעם ארגון צבאי לאומי.

## ז. געוויקס און ביקס

זינט דעם טאָג ווען איך האָב אָנגעהויבן זיך מטפל זיין מיט די ענינים פון רמת־גן, האָב איך געזאָרגט פאַר אירע זיכערקייט־ענינים. אַזוי ווי עס

איז שווער אַ קינד צו ענטפערן אויף דער פראַגע ווען עס האָט ליב מער, דעם פאָטער צי די מוטער, אַזוי איז מיר שווער צו ענטפערן אויף דער פראַגע, וואָס איך האָב מער ליב: ג ן (גאָרטן) אָדער מ ג ן (שוץ) – דאָס געוויקס, אָדער די ביקס. און אפשר איז דאָס די זעלבע פראַגע? דעם גאָרטן האָט מען ליב ווי מען האָט ליב אַ צאַרטע מוטער, וואָס מען רוט אין איר שויס, אין איר שאָטן, און געווער האָט מען ליב ווי מען האָט ליב אַ פאָטער, וואָס גיט זיכערקייט און שוץ.

יעדנפאַלס האָב איך שטענדיק געזאָרגט דערפאַר, אַז מיר זאָלן האָבן אַ געווער־מאַגאַזין, וואָס זאָל נישט בלויז זיין ראוי צו אַזאַ נאָמען, נאָר אויך ראוי צום געברויך. מיר פלעגן קויפן אַלץ, וואָס איז נאָר געקומען אין דער האַנט. אין די ערשטע יאָרן איז געווען אַ געווער־שותּפות פון גאַנצן גוש דן. אַזאַ איז געווען די שותּפות: רמת־גן האָט געגעבן דאָס געלט און גבעתיים האָט געהאַלטן דאָס געווער. אַזאַ מין שותּפות איז מיר נישט איבעריק געפעלן געוואָרן און מיר האָבן „אָפּגעלאָזט דעם שידוך". מיר האָבן אָנגעהויבן אויפשטעלן אייגענע מאַגאַזינען. מיר האָבן געקויפט געווער ביי די אַראַבער. און מיר האָבן געקויפט געווער ביי דער... „הגנה".

איבעריק צו זאָגן, אַז מען האָט געקאָנט קויפן געווער ביי די ענגלענ־דער. מיר האָבן אויך געקויפט ביי זיי. די פּאָליציי אין רמת־גן איז געווען אַ גוטע קוועלע פון דעם „פּראָדוקט".

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן מיר געקויפט געווער ביי פּוילישע און טשעכישע סאָלדאַטן, פאַר זייער פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

די בעסטע און געאָרדנטסטע קניה איז דורך אונז געמאַכט געוואָרן נאָך פאַר דער מלחמה אין פּוילן, דורכן אירגון ב' (וואָס האָט זיך דער־נאָך אָנגעשלאָסן צום אצ"ל). דער מפקד פון אירגון ב', אברהם, האָט גע־בראַכט דאָס געווער פון פּוילן פון אַ מיליטערישער פאַבריק. נייע ביקסן, נייע אַמוניציע און אויך נייע „שמייסערס". און דער פּרייז איז געווען זייער אַ ביליקער. — צען ארץ־ישראל־פונט — אַ ביקס, דרייסיק — אַ „שמיי־סער". דאָס איז, לויט מיין מיינונג, געווען דער געלונגענסטער טראַנספּאָרט פון אַלע יאָרן פון פאַר דעם באַפרייאונגס־קריג. דאָס מאָל איז אַלץ געווען באַשטימט פאַר רמת־גן אָן שותּפים. און דער עיקר — צום ערשטן מאָל האָבן מיר באַקומען מאָדערן געווער גלייך פון דער פאַבריק, געווער אָן אַ פּגם.

אין די אומרוען פון 1936 האָט מען אונז געוואָלט אונטערשטעלן אַ פּולאַפּקע און צווינגען אונז צו אַנטדעקן אַ געווער־מאַגאַזין, וואָס זאָל צוגענומען ווערן דורך די ענגלענדער. דאָס איז אַ געשיכטע מיט אַ ברי־

טישן סערזשאַנט טאָמאַס, וועלכער האָט צוגעגרייט אַ פּראָוואָקאַציע קעגן רמת־גן. ער האָט געעפנט אַ שיסעריי אין גאַס. גלייכצייטיק האָט ער אויף דער צווייטער זייט צוגעגרייט אַן אַנדער בריטישע אייבהייט. ער האָט גע־וואַרט מיר זאָלן אַרויס מיטן געווער אין האַנט און דאַן וועלן מיר אַריין אין אַ פייער פון צוויי זייטן. די פּראָוואָקאַציע האָט זיך נישט איינגעגעבן, אָבער איך האָב זיך געווענדעט צום מאַיאָר פּאַלי און געפּאָדערט, אַז דער דאָזיקער סערזשאַנט זאָל גלייך באַזייטיקט ווערן פון דעם פּלאַץ, ווייל ער האָט געוואָלט דורכפירן אַ פּראָוואָקאַציע. דער סערזשאַנט איז איבערגע־טראָגן געוואָרן אויף אַן אַנדער אָרט.

דער דאָזיקער פּאַל האָט אויך משפיע געווען אויף אַ צווייטן ענגלישן קאָרפּאָראַל, ער זאָל האָבן „גאָרנישט געזען" דאָרט, ווו עס איז געווען וואָס צו זען. נאָך דעם ווי ער האָט נאָכשפּיאָנירט די „הגנה"־חברים איז ער דערגאַנגען צו אַ צימער אין נחלת־גנים. ער האָט געטראָפן אַן אָפענע טיר, אָבער זעענדיק וואָס דאָס צימער אַנטהאַלט, האָט ער גלייך פאַרמאַכט די טיר און אַ זאָג געטאָן צו זיינע מענטשן אין דרויסן: „אַלץ איז אין אָרדענונג". און מיר האָט ער אין אַ געוויסער צייט אַרום געזאָגט: „זאָג דיינע מענטשן, אַז אַזוי היט מען נישט קיין געווער".

אין דעם זכות האָב איך אַ דרוק געטאָן ווו מען האָט געדאַרפט און ער איז געשטיגן צו דער ראַנגע פון סערזשאַנט. ער האָט געקאָנט טרינקען און געוווסט צו נעמען געלט. און מיר האָבן געוווסט ווי אויסצונוצן די דאָ־זיקע צוויי אייגנשאַפטן זיינע. די ערשטע גפירים (יידישע הילפס־פּאָלי־ציאַנטן) אין לאַנד האָבן זיך באַוויזן אין רמת־גן. איך האָב פאָרגעשלאָגן, מען זאָל זיי געבן ספּעציעלע אוניפאָרמען און היטלען. מיר האָבן אַליין אָנגעהויבן צו איבן זיי. מיר האָבן אינסטאַלירט אַ קאַזאַרמע ממש מיט בעטן. מיר פלעגן דורכפירן רעוויזיעס אויף די שאָסייען ביי די אַראַבער און קיינער האָט נישט געוואַגט זיך קעגנשטעלן און פאַרלאַנגען אַ פאַר־אָרדענונג פון דער בריטישער „הויפּט־קוואַרטיר". די רעגירונג האָט זיך וועגן דער גאַנצער זאַך דערוווסט ערשט אין אַ האַלב יאָר אַרום. אמת, דער מאַיאָר פּאַלי האָט נישט בלויז געוווסט, נאָר פלעגט אויך קומען אין דער קאַזאַרמע. איינמאָל האָט ער צוזאַמען מיט אונז זיך מיטבאַטייליקט אין אַ ראַפּאָרט.

„אַזאַ פּלאַץ איז כדאי צו העלפן" — האָט ער געזאָגט און ער האָט ווירק־לעך געהאָלפן. אויף אַ צווייטן פּלאַץ, וואָס האָט אונטערליגט זיין באַפעל, האָט מען פאַרלאַנגט פופצן ביקסן פאַר פאַרטיידיקונגס־צוועקן און ער האָט געגעבן בלויז פינף. מיר האָבן באַקומען מ ע ר ווי מיר האָבן פאַר־לאַנגט.

די דאָזיקע באַציונגען מיטן מאַיאָר האָבן משפיע געווען אויף דער באַציונג פון אַלע פּאָליציסטן צו אונז. זיי האָבן זיך באַמיט נישט אַרויסצורופן ביי מיר קיין אויפמערקזאַמקייט אויף זיי צום שלעכטן...

ווי לאַנג דער פּלאַץ איז געווען קליין האָבן מיר זיך באַגנוגנט מיט איין שומר, אָדער צוויי. און אַזוי ווי אין יענע אידילישע טעג איז נאָך אַזאַ בירגער ווי איך געווען דערלויבט אַריינצומישן זיך אין זיכערהייט־ענינים, פלעג איך צייטנווייז אַרויסגיין אין די נעכט צו קאָנטראָלירן די וואַך און נישט איין מאָל איז מיר געלונגען „צוצוגנבענען" דאָס פערד אָדער די ביקס פונעם שומר. אויב נישט אַדאַנק מיין פלינקייט, איז עס אַדאַנק זיין... שלאָפן. פונדעסטוועגן זענען מיר געווען אַ קוואַל פון שרעק פאַר דער אַראַבישער סביבה. אין 1936 האָט דאָס גרויסע דאָרף סלמה נישט געוואַגט אונז אָנצורירן. דער ראש פון דאָרף, שייך עבד, האָט זיך מיט אונז געטראָפן ביים דיסטריקט־קאָמיסאַר אין יפו און אונז געפרעגט, צי מיר האָבן באמת מיטראַליעזן און האַרמאַטן (אפשר האָט זיך דערקייקלט צו זיי די שמועה וועגן מיין אַרבעט אין אַ מיליטערישער פאַבריק אין דמשק און אין זייער רייכער פאַנטאַזיע האָבן זיי געמיינט, אַז איך „האַלט" זיך נאָך ביי מיין „פאַך"). ער האָט אויך געפרעגט, צי מיר קלייבן זיך חרוב צו מאַכן סלמה.

איך האָב געענטפערט: פאָרלויפיק נישט. אָבער אויב עמיצער וועט איבערשרייטן אונזער גרענעץ, אַ מענטש אָדער אַ הונט, וועט ער נישט אַרויס קיין לעבעדיקער.

אין יענע טעג פלעגט מען בעטן ביי אונז, דורך אַ שליח, אַ דערלויבעניש דורכצוגיין דורך דער קאָלאָניע. איינמאָל זענען זיי געגאַנגען אין אַ רייע אויף אַ חתונה צו אַבו־קישעק און מען האָט זיי געגעבן באַגלייטונג אַהין און צוריק.

מיטן פאַרשאַרפן זיך פון די אַראַבישע טעראָר־אַקטן אין די אומרוען פון 1936, בין איך גערופן געוואָרן אויף אַ „שטרענג געהיימער" זיצונג אין ירושלים. ווי ווייט די דאָזיקע זיצונג איז געווען געהיים קאָן עדות זאָגן דער פאַקט, אַז מען האָט נישט אַריינגעלאָזט אָן אַ פערזענלעכן דאָקומענט...

אויפן סדר־היום איז געשטאַנען די פראַגע פון די אַלץ־אָפטערע אָנפאַלן און באַשעדיקונגען פון יידישן פאַרמעגן. אונטערצינדונגען פון הייזער, אויפרייסן פון ברונעמס, אויסרייסן פרדסים־ביימער איז געוואָרן אַ טאָגטעגלעכע זאַך און נישט ווי פריער, וואַנדאַליזם אין שוץ פון דער נאַכטפינצטערניש.

מיין פאָרשלאַג איז געווען אַ פשוטער; יעדנפאַלס האָט ער מיר זיך אויסגעוויזן צו זיין פשוט: די אַראַבער שטעקן אַריין זייערע לאַפעס אַר־

מעטום און מיר פאַרלירן דעם קאָפּ. מיר דאַרפן זיי באַווייזן, אַז מיר האָבן נישט נאָר אַ קאָפּ, נאָר אויך הענט. און פרדסים און ברונעמס האָבן נישט בלויז מיר, נאָר אויך זיי. בקיצור, איך האָב פאָרגעשלאָגן איבערצורייסן די „הבלגה" און אָנהויבן אָפּענטפערן זיי און נישט דווקא לויט אַ גענויעם חשבון: אַ בוים פאַר אַ בוים, אַ ברונעם פאַר אַ ברונעם, נאָר דווקא: צוויי דונאַם פרדס זייערע פאַר יעדן אויסגעריסענעם דונאַם פרדס אונזערן. צוויי ברונעמס זייערע פאַר יעדן אויפגעריסענעם ברונעם אונזערן. דאָס וועט געבן אַ קלאַפּ זייערע פאַרמעגן־באַזיצערס און עס איז ביי מיר נישטאָ קיין שום ספק, אַז קיין בעסערער וועג אָפּצושטעלן זייערע ווילדע מעשים איז נישט פאַראַן.

ווייזט אויס, אַז מיין פאָרשלאָג איז געווען ביז גאָר רעוואָלוציאָנער און עקסטרעם, ווייל ער האָט געהאַט אַ שאַרפן קעגנער — אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז דאָס געווען מאיר יערי, וועלכער פאַרטרעט כמעט די „רעוואָלוציע" ביי אונז. ער האָט געבראַכט אַ קעגן־פאָרשלאָג: מיר טאָרן נישט — האָט ער געזאָגט — אַריינציען זיך אין פּראָוואָקאַציעס. דער בעס־טער וועג איז דער וועג פון אויפקלערונג צווישן די אַראַבער. מיר דאַרפן געבן צו פאַרשטיין די אַראַבישע אַרבעטער, אַז זיי קאָנען פאַרלירן זייערע אַרבעטס־פּלעצער.

אַנשטאָט מיר, האָט אים געענטפערט אין זייער שאַרפע ווערטער ה׳ הכרמלי פון מפא״י:

„איך בין פון חברון — האָט הכרמלי געזאָגט מיט די דאָזיקע ווער־טער בערך — און וועגן די אַראַבער האָב איך נישט געלייענט אין די ביכער. נאָר אויפגעהאָדעוועט זיך צווישן זיי און אַפילו זיך געחברט מיט זיי. און זיי, די דאָזיקע „חברים" ממש, זיי האָבן עס אויסגעמאָרדעט מיין גאַנצע משפחה אין חברון. עס טוט מיר זייער לייד, מיין חבר יערי, וואָס דו ביסט אויך נישט געווען דאַן אין חברון, כדי „אויפצוקלערן" זיי מיט דיין דיאַ־לעקטיק, נאָר איך האָב מורא, אַז דו וואָלסט שוין נישט געקאָנט זיצן מיט אונז אויף דער זיצונג און געבן אונז אַזעלכע עצות טובות".

טראָץ דער דאָזיקער קאָאַליציע פון קעגנער צו יעריס פאָרשלאָג, וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן מיר און אַ מפא״י־חבר, זענען אויף דער דאָזיקער זיצונג נישט אָנגענומען געוואָרן קיין שום פּאָזיטיווע באַשלוסן, אויסער דעם באַשלוס צו באַהאַנדלען דעם ענין אויף אַ צווייטער זיצונג. אָבער פונדעסטוועגן קאָן איך זיך נישט באַקלאָגן, אַז מען האָט נישט אויפגענומען מיינע ווערטער. זיי זענען שוין גראָד „אויפגענומען" גע־וואָרן זייער גוט פאַר מיין „תיק" אין דער סי.איי.די., דער ענגלישער גע־היים־פּאָליציי. איך האָב נישט באַוויזן זיך אָפּצורוען פון וועג, און נאָך

מער פון דער מידקייט פון דער דאָזיקער גאָרנישט געבנדיקער זיצונג, ווי עס האָט זיך שוין באַוויזן ביי מיר דער מאַיאָר שיף, וועלכער איז געווען איבער דער פּאָליציי ביי אונז, און מיר מודיע געווען, אַז ער האָט באַקו־מען אַן אינסטרוקציע צו „האַלטן אויג" אויפן פאַרזיצער פון זיין מועצה. די דאָזיקע אינסטרוקציע איז געקומען צוזאַמען מיט אַ פולן און אויס־פירלעכן ראַפּאָרט וועגן מיין פאַרשלאַג. מאַיאָר שיף האָט נאָך צוגעגעבן אַ גוטע עצה, אַז עס איז נישט כדאי צו רעדן אויף „געהיימע" זיצונגען וועגן זאַכן, וואָס מען דאַרף טאָן. און דאַן איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ווענט האָבן ווירקלעך אויערן און ווער עס האָט מיך געמסרט — דאָס איז מיר נישט אויפגעקלערט געוואָרן גענוי.

צו מיין „שוואַרצן תיק" איז צוגעקומען נאָך אַ בלאַט. און בחורים האָבן אינסטאַלירט אַ דירעקטע רער פונעם קאָפּ, וואָס טראַכט און באַ־שליסט, צו דער האַנט, וואָס פירט אויס, אָן דער לאַנגער פאַרמיטלונג פון דער צונג. די אַראַבער האָבן אָנגעהויבן פילן די דאָזיקע שטאַרקע הענט, וואָס האָבן אָנגעהויבן באַצאָלן כפל כפליים. דער אַלגעמיינער חשבון איז פאַרשטייט זיך נישט פאַרענדיקט געוואָרן. אָבער די באַשעדיקונגען און סאַבאָטאַזש־אַקטן אין אונזער געגנט האָבן אויפגעהערט.

אָבער הגנה און זיכערהייטס־ענינים לאָזן זיך ווייניקער פון אַלץ באַ־שרענקען אין די גרענעצן פון איין פלאַץ און וועגן זיי וועט ברייטער גערעדט ווערן אין די קומענדיקע קאַפּיטלען.

אין די טעג פון מלחמת־השחרור זענען אויף אונז, צוליב אונזערע ברייטע גרענעצן, אַרויפגעלייגט געוואָרן ברייטע פאַרטיידיקונגס־אויפגאַבן. כדי צו פאַרטיידיקן זיך נישט פאַר אַראַבישע כנופיות, נאָר פאַר אַרמייען ממש, איז אונזער געווער געווען ווייניק. די נויטיקע געלטער צום אָרגאַ־ניזירן די פאַרטיידיקונג האָבן מיר צונויפגעזאַמלט אין רמת־גן גופא. מיר האָבן אינסטאַלירט פיל פּראָזשעקטאָרן. מיר זענען געווען די ערשטע צו אינסטאַלירן פעלד־טעלעפאָן פון פּאָזיציע צו פּאָזיציע אין אַ ראַדיוס פון בערך 18 קילאָמעטער. אין די פּאָזיציעס זענען צוגעגרייט געוואָרן בעטן מיט דעקן פאַר די קאַלטע נעכט פון ווינטער תש"ח. מיר האָבן כסדר גע־זאָרגט פאַרן צושטעלן שפּייז צו די קעמפער, טאָג און נאַכט.

אַזוי ווי דאָס איז געווען פאַרן אַנטשטיין פון אַן איינהייטלעך מילי־טער, האָב איך פאָרגעזעצט דאָס שטיצן אויך די אונטערגרונט־אָרגונים, וועלכע האָבן געקעמפט אויף אַ זעלבשטענדיקן אופן, טיילמאָל אין קאָאָר־דינאַציע מיט דער „הגנה" און טיילמאָל נישט. אויך די אצ"ל און לח"י־קעמפער זענען געווען אין שוץ־פּאָזיציעס און שפּייז איז זיי צוגעשטעלט

געוואָרן אויף אַן „אומלעגאַלן" אופן. עס האָט זיך מיט דעם באַשעפטיקט אַ גרופּע פרויען מיט מיין טאָכטער מרים אין דער שפּיץ.

די רמת־גנער פרוי איז שיין אַרייַנגעוועבט אין דער ראַם פון רמת־גנער גן (גאָרטן) און אין דער ראַם פון מגן (שוץ). די רמת־גנער פרויען האָבן קאָנקורירט צווישן זיך מיט זייער זאָרג און אויפטוען פאַר דעם קעמפער אין די פּאָזיציעס.

עס זענען געווען אַ מוטער און אַ שוועסטער, אַ טאָכטער און אַ געליבטע, וואָס האָבן געזאָרגט פאַר שפּייז פאַר די טאַטעס און ברידער און קינדער און געליבטע, וואָס ליגן אין שוץ־גרובנס אויף די פעלדער. געוויס האָבן די חיילים עסנדיק די סענדוויטשן, געפילט נישט בלויז דעם טעם פון עסן, נאָר אויך דעם טעם פון ליבשאַפט און וואַרעמען געפיל פון די פרויען, וואָס האָבן דאָס צוגעגרייט, אויסגעפילט מיט זיי יעדעס ברעקעלע.

געוויס געדענקען נאָך פיל חיילים פון יענע טעג, פון מלחמה מיט די אַראַבער, די רמת־גנער פרויען, וואָס פלעגן באַזוכן אין די שפּיטעלער און נישט חלילה מיט ליידיקע הענט. און די מסיבות אין פּריוואַטע הייזער און עפנטלעכע פּאַרקן געדענקט איר, חיילים פון מח"ל און נח"ל? און דעם טעם פון די עוגות, וואָס אויך איבער זיי האָבן די פרויען־גאַסטגעבער קאָנקורירט צווישן זיך, געוויס געדענקט מען אים נאָך.

און דער ערשטער קלוב פאַר חיילים אויף אורלויב איז אויך געעפנט געוואָרן אין רמת־גן און איז געווען אַ ווינקל פון וואַרעמקייט און רו פאַרן קעמפער.

פון צייט צו צייט פלעג איך דורכפירן קאָנטראָל־באַזוכן אין אַלע פּאָזיציעס. פאָרנדיק איז מענדער בין איך דורכגעגאַנגען אַלע ליניעס פון דער „הגנה" און פּאָזיציעס פון אצ"ל און לח"י און געזען ווי כ'האָב נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן די קעמפער און געהאָלפן יעדן איינעם, וואָס פאַרטיידיקט דאָס פאָטערלאַנד, וואָס איז זיך מקריב פאַר אונזער פרייהייט און פאַר די לעבנס פון מענער, פרויען און קינדער, אַזוי האָב איך זיך געפרייט צו זען מיט וואָס פאַראַ האַרציקייט עס פלעגן מיך אויפנעמען אַלע חיילים אין אַלע פּאָזיציעס און קיינער האָט נישט געוווּסט פון קיין אונטערשייד פון פּאַרטיי און שטאַנד.

אַזוי האָב איך געהיט מיין ווייַנגאָרטן, מיין רמת־גן, ווי איך האָב נאָר געקאָנט, נישט בלויז פון אַראַבישע בלוט־פאַרגיסער פון דרויסן, נאָר אויך פון פאַרגיסן יידיש בלוט דורך אַ ברודער. עס איז כמעט נישט געווען קיין ייד, וואָס האָט געוואַגט אויפצוהייבן אַ האַנט אויף אַ ייד אין רמת־גן.

דאָס איז פאַר מיר געווען אַ קוואַל פון גליק און פרייד.

# ח. דער פרייז פון איבערגעטריבענער פארזיכטיקייט

„זיי פאָרזיכטיק!" איז געוויס אַ גרויסע מצוה, און אויב דאָס איז אַ גרויסע מצוה אין דיני ממונות (געלט־זאַכן), איז דאָך אַוודאי און אַודאי־אין דיני נפשות, ווען עס האַנדלט זיך וועגן מענטשלעכע לעבנס. מען דאַרף דאָך נישט צוגעבן, אַז דער ענין, וואָס האָט אַ צוזאַמענהאַנג מיט געווער, מיטן באַקומען און אויפהיטן אים, איז בגדר דיני נפשות.

נאָר וואָס? אויך פאָרזיכטיקייט האָט אירע גרענעצן. אַ מענטש דאַרף פאַרמאָגן אַ זייער שאַרף אויג און פיל דערפאַרונג, כדי אויפצוכאַפן ווו עס איז די גרענעץ צווישן דעם, וואָס איז נאָך פאָרזיכטיקייט, אָבער איז שוין אין גאָר נאָענטער באַרירונג מיט פחד. חעריבער געשעט, אַז דער פחד דרינגט אַריין אין לבוש פון פאָרזיכטיקייט און ברענגט גאָר שאָדן.

אָט זענען צוויי ביישפילן פון יענער צייט. אייניקע טעג פאַר דער גרויסער רעוויזיע אין רמת־גן האָט מען אונז איבערגעגעבן, אַז צוויי ענגלענדער האָבן זיך אַרומגעזדרייט און געמאַכט אויסמעסטונגען אין דער סביבה פון דער טריקאָטאַזש־פאַבריק „ווערל". אַזוי ווי „אויפן גנב ברענט דאָס היטל", זענען מיר געווען זיכער, אַז די ענגלענדער האָבן זיך דערווסט וועגן געווער־מאַגאַזין, וואָס געפינט זיך אויף יענעם פלאַץ. אָבער איידער עס איז אונז געלונגען צו באַזייטיקן פון דאָרט דאָס געווער, האָט זיך אויף אונז אַראָפגעלאָזט די גרויסע רעוויזיע מיט איר גאַנצער שטרענגקייט און האַרבקייט. ווייל וואָס איז האַרבער און שטרענגער פאַר אַזאַ קליינעם פלאַץ, ווי דריי טויזנט סאָלדאַטן, אויסער די פאָליציי־כוחות און מיט זיי די סי.איי.די.־לייט. און אין זייערע הענט די בעסטע מאַגנעטישע מכשירים צו אַנטדעקן באַהאַלטענעם אייזן און אחרון אחרון, אָבער בכלל נישט חביב: הינט, הינט אויף פיר פיס, וואָס מיינען נישט, חלילה, דיין לייב, נאָר דיין געווער; דיין אייזן, וואָס איז דיר טייערער פון דיין לייב.

אַז אַזאַ היישעריק לאָזט זיך אַראָפּ אויף דיר, זוכט טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט, נישטערט און גראַבלט דאָ און דאָרט איין מאָל און נאָך אַמאָל, און אין רעזולטאַט פון אָט דעם גרויסן טאַראַראַם, גייט ער אַרויס מיט אַ ריזן שלל פון... צוויי ליידיקע אייזערנע פעסער און איין צעבראָכענעם סטען — מעגסטו דאָך ווידער זיין רואיק. ווייל דער אל צבאות היט דיך און אויב דאָס מאָל איז נישט אַנטדעקט געוואָרן יענער מאַגאַזין פאַר וועלכן דו האָסט זיך אַזוי שטאַרק געזאָרגט, איז עס אַ סימן, אַז זיי האָבן נישט געהערט און נישט געוווסט וועגן אים און יענער ענין מיט די צוויי ענגלענדער איז געווען נישט מער ווי אַ צופאַל. ווער ווייסט וואָס

זיי האָבן געזוכט דאָרט, די מעסטער? אפשר האָבן זיי פאַרלוירן די מאָס פון מאָראַל און גערעכטיקייט, אָדער די ווינקל־מאָס פון שכל הישר?

בקיצור, די לאָגיק האָט געזאָגט: עס איז נישטאָ מער וואָס מורא צו האָבן. אָבער וואָס קאָן מען טאָן, אַז עס גנבעט זיך אַריין יענער „מסתנן", וואָס זיין נאָמען איז פּחד און פאַרזיכטיקייט איז זיין מלבוש און שעפּטשעט דיר אַריין: „און פונדעסטוועגן"?

אין אַזעלכע ענינים איז דאָך באַוווסט: פון דעם מאָמענט, ווען עמי־צער האָט אין דיר אַריינגעבראַכט דעם ספק, האָסטו שוין נישט מער קיין מנוחה און דו ווילסט נישט נעמען אויף דיין אחריות די זיכערקייט פון געווער־מאַגאַזין. עס איז דערויבער געגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג: איבערטראָגן. און ער איז איבערגעטראָגן געוואָרן. אָט דאָס געווער, וואָס האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאָמען פון די ענגלענדער און פון די היינט און די מאַגנעטן, איז איבערגעטראָגן און באַהאַלטן געוואָרן אין אַ פּרדס.

און דאָרט האָט אים עמיצער דערשנאַפּט. דער דאָזיקער עמיצער באַזיצט דווקא נישט קיין מאַגנעטישן כוח און קיין היגטישע נאָזלעכער. איך ווייס נישט מיט וועלכן כוח. אפשר מיטן כוח פון די אויגן, אויגן פון גנבים. די אַראַבער פון סלמה האָבן דערשמעקט דעם מאַגאַזין און אָנגע־הויבן סיסטעמאַטיש אויסליידיקן אים.

אַז מיר האָבן זיך געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר, איז געשיקט געוואָרן קיין סלמה אַ „שטראָף־עקספּעדיציע", וואָס האָט געזוכט און גענישטערט און אַרויס בערך מיט דעם, מיט וואָס די ענגלענדער זענען אַרויס פון זייער זוכן ביי אונז, דאָס הייסט: מיט גאָרנישט. פונדעסטוועגן האָט זיך נאָך מיט דעם נישט פאַרענדיקט די פּרשה מיט די ווילד־פּרוכט, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער בוים פון פּחד. מען האָט, פאַרשטייט זיך, געדאַרפט ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך. בעתן איבערפירן די שארית הפליטה פונעם געווער האָט זיך די גרופּע אָנגעטראָפן אויף אַן ענגלישער וואַך. אַזוי ווי אין יענע טעג איז נאָך די „הגנה" געווען ווייט פון געזעץ: „געווער באַ־שיצט מען מיט געווער", זענען אַלע באַגלייטער פונעם טראַנספּאָרט מיטן אויסנאָם פון איינעם, פאַנאַנדערגעלאָפן זיך און דאָס גאַנצע געווער איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די ענגלענדער. דער איינער, וואָס איז גע־כאַפּט געוואָרן מיט אַ ביקס אין דער האַנט, איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף צען יאָר טורמע. ער איז געווען פון דער רמת־גנער „הגנה", איינער פון די בעסטע און איבערגעגעבנסטע. אָנהויב קריג מיט די אַראַבער האָט ער פּרובירט אַנטלויפן פון טורמע און איז דערהרגעט געוואָרן בעתן אַנטלויפן. דאָס איז געווען לאָופער.

אָבער ער איז נישט געווען דער איינציקער קרבן פון יענער איבער־געטריבענער און גרונטלאָזער פּאָרזיכטיקייט; ווער ווייסט און ווער קאָן אויסרעכענען די קרבנות, וואָס זענען געפאַלן פון די ביקסן פון יענעם מאַגאַזין, וואָס איז דירעקט אָדער אויף אַן אומוועג, אַריבער צו די אַראַ־בער?

נאָך אַ מערקווירדיקן עפּילאָג האָט געהאַט יענע פּרשה:

מיטן געווער, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די ענגלענדער, האָט זיך אויך געפונען דאָס אָפּיציעלע געווער, וואָס איז געווען אין רשות פון דער רמת־גנער עיריה. מיט דעם דאָזיקן געווער האָבן זיך באַנוצט די שומרים, די באַגלייטער פון דעם טראַנספּאָרט. עס איז אַביסל שווער גע־ווען געבן צו פאַרשטיין דער ענגלישער מאַכט יענעם ראָמאַנטישן „ראַנ־דעוווּ", בעת עס האָבן זיך צונויפגעטראָפן „ער", דאָס אָפּיציעלע געווער פון דער עיריה, מיט דער אומבאַקאַנטער און נישט אנשטענדיקער „זי" פון דער „הגנה", אָבער וואָס עס איז שווער געווען צו דערקלערן פאַרן גרינעם טיש און אונטער די צאָרנדיקע בליקן פון די ענגלישע לייבן אויף דער וואַנט, איז געוואָרן לייכטער ביי שיין־געדעקטע טישן, בעת אַ פעטן מיטאָג־עסן... און וואָס עס וועט נישט מאַכן די צונג, וועט מאַכן דער וויסקי. דער סוף פון דער געשיכטע: די עיריה האָט באַקומען אַ נייע דער־לויבעניש.

און דער צווייטער ביישפּיל:

דאָס אַרויסבאַקומען געווער פון ענגלישע מאַגאַזינען איז געווען דער מאָנאָפּאָל פון די אונטערגרונט־קעמפער פון אצ"ל און לח"י. זיי האָבן נישט איין מאָל באַצאָלט פאַר דעם מיט קרבנות. די „הגנה" האָט זיך מיט דעם נישט באַשעפטיקט.

אָבער אין צווישנצייט האָבן זיך געענדערט די באַדינגונגען. אָנהויב קריג האָט איינער אַ ייד, וועלכער איז געווען דער אויפזעער איבער אַ געווער־מאַגאַזין מיט 800—1000 נייע ביקסן אין ענגלישן מיליטערישן קעמפּ אין תל־ליטווינסקי, געבראַכט אַ לייכטן פּלאַן „אַוועקצושלעפּן" דעם דאָזיקן אוצר.

דער פּלאַן האָט זיך געלאָזט אויספירן אַז „אַ האָן זאָל קיין קריי נישט טאָן", אָן איין שאָס און אָן קרבנות. דער פאָרשלאָג איז געבראַכט געוואָרן פאַר די פאַראַנטוואָרטלעכע אין דער „הגנה" אין רמת־גן און זיי זענען צוגעטרעטן אויספירן אים. אַלץ איז געווען גרייט: דער פּלאַן, די מענטשן, די אויטאָס. אין דער לעצטער מינוט ממש איז אָפּגערופן געוואָרן די אַקציע. וואָס האָט פּאַסירט? פּשוט. עמיצער האָט געפונען פאַר נויטיק מודיע צו זיין וועגן דעם די „קאָמפּעטענטע" קערפּערשאַפטן און די דאָזיקע „קאָמ־

פעטענטע״ קערפּערשאַפטן האָבן נישט באַשטעטיקט דעם פּלאַן, טאָמער חלילה וועט דאָס פאַרדריסן די ענגלענדער.

יענער מאַגאַזין איז אין אַ געוויסער צייט אַרום איבערגעטראָגן געוואָרן אין דער פּאָליציי אין לוד. די זאַך איז באַקאַנט געוואָרן (געוויס דורך אַ מלאך...) די אַראַבער. די דאָזיקע „ווילדע״, וואָס האָבן נישט קיין מינימאַלן באַגריף וועגן „דעמאָקראַטיע״, זענען נישט געלאָפן צו קיין „קאָמפּעטענטע״ קערפּערשאַפטן (און ווער ווייסט, אפשר זענען זיי געלאָפן, נאָר זייערע „קאָמפּעטענטע״ קערפּערשאַפטן זענען אויך אַזעלכע „ווילדע״ ווי זיי) און זיי האָבן צוגערויבט די ביקסן מיט דער אַמוניציע.

און ווידער: ווער ווייסט און ווער וועט אויפציילן אונזערע קרבנות וואָס זענען געפאַלן פון דעם געווער? אויך די דאָזיקע געשיכטע האָט אַן עפּיזאָד וואָס איז ענלעך צו דעם, וואָס האָט פּאַסירט מיט לאָופערן, ווי איך האָב פריער דערציילט: אין אַ געוויסער צייט אַרום האָבן אונזערע „קאָמפּעטענטע״ קערפּערשאַפטן געענדערט זייער מיינונג און באַשטעטיקט אַ פּלאַן פון אַ „שלעפּ״־טאָן געווער פון אַן ענגלישן מאַגאַזין.

וואָס זיי האָבן געפונען איז געווען שברי כלים און ביקסן־פּסולת, וואָס זיי האָבן באַצאָלט איז געווען: איין דערהרגעטער און עטלעכע פאַרווונדעטע.

## ט. „הגנה״־ותק

ווייניקע זענען מיר געבליבן פון דער „אַלטער גוואַרדיע״.

מיין „הגנה״־ביכל עפנט זיך מיטן יאָר 1914 און שליסט זיך מיטן יאָר 1947.

אָבער דאָס איז נאָר די „פאָרמעלע״ לעגיטימאַציע. איך האָב זיך דאָך באַשעפטיקט מיט „הגנה״־ענינים אויך פאַר 1914 און אויך נאָך 1947. ווען איך האָב אויפגעהערט זיין אַ מיטגליד פון דער „הגנה״־לייטונג אין גוש דן, פלעג איך נאָך אַלץ קומען פון צייט־צו־צייט אויף די זיצונגען פון דער לייטונג אַלס גאַסט מיט באַראַטונגס־רעכט אין ענינים פון דעצידירנדיקער באַדייטונג. אין די טעג פון מלחמת־השחרור האָב איך נישט געהאַט קיין מנוחה אין שטוב. איך פלעג אַרויסגיין אויף די שוץ־ליניעס און באַפעסטיקונגען און איך האָב ממש אויפגעלעבט צווישן די חיילים; און אויב איך האָב נישט געקאָנט זיין קיין חתן, ווי איינער פון זיי, אָבער ווי אַ מחותן האָב איך געוויס זיך געפילט צווישן זיי. איך ווייס נישט, צי דאַרף איך זיך שעמען מיט דעם, וואָס איך האָב נאָך אויך היינט הנאה און פריי זיך זייער, זעענדיק אַ סימפּאַטישן יידישן חייל און אַ שיינעם אָפיציר, און אויב זיי האָבן נאָך מיט זיך גוט געווער, איז דאָך מיין גליק ממש

ווי דאָס גליק פון אַ קינד, דאָס הייסט פולקאָם גליק. געוויס קום איך פאַר אין אַזאַ מאָמענט ווי יענער קאַוואַלעריע־פערד, וואָס איז שוין אַלט געוואָרן, אָבער ווען עס דערגייט צו זיינע אויערן דער טרומייטער־שאַל הויבט ער אָן צו שטעלן פיס לויטן טאַקט פון דער דאָזיקער קריגס־„מוזיק”.

געוויס וועלן די דאָזיקע זכרונות פון די ערשטע טעג פון דער „הגנה” נישט אַרויסרופן קיין גערירטקייט אין די הערצער פון דעם יונגוואַרג, וואָס האָט געעפנט די אויגן כמעט גלייכצייטיק מיט די קלעפּ פון דער אונטערגרונט און די קאַמפן פון צבא הגנה לישראל. אַזוי אויך איז מיט די, וואָס זעען אַן אויסגעבויטע שטאָט און עס איז זיי שווער פאָרצושטעלן זיך די וויסטעניש פון דעם פּלאַץ פאַר זיין אויפבוי.

ווירקלעך, באַהויכט מיט ראָמאַנטיק זענען געווען די ערשטע טעג פון דער „הגנה”. אַנהויבנדיק פון דער געהיימער „אויפנאַם־קאָמיסיע” און ענדיקנדיק מיט דער טרייהייט־שבועה. דאָס האָט באַצויבערט די יוגנט. אַרבעטער פאַר לוין זענען געווען ווייניק. די אינסטרוקטאָרן האָבן געאַרבעט פרייוויליק. זיי האָבן געגעבן נעכט און שבתים. און דווקא דאָס האָט מער געצויגן דאָס האַרץ און געשאַפן אַ וואַרעמע באַציונג צו דער זאַך. עס האָט געשאַפן אַ באַציונג פון קדושה.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן זיך פאַרנעפּלט די געזעלשאַפטלעכע האָריזאָנטן, אָבער פון אָנפאַנג איז קיינעם אויפן געדאַנק נישט געקומען דאָס פּראָבלעם פון מיינונגס־ און קלאַסן־אונטערשיידן. די „הגנה” איז געווען דער פּלאַץ, ווו עס האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן מענטשן פון אַלע שיכטן און קלאַסן: דער קליינהענדלער און פאַבריקאַנט, באַאַמטער און אַרבעטער, לערער און שילער, אָן דיסקרימינאַציע און אָן אַ מאָנאָפּאָל פאַר וועמען עס איז אויף חלוציות און איבערגעגעבנקייט.

דערנאָך האָבן זיך אַנטוויקלט די ענינים ווי זיי האָבן זיך אַנטוויקלט. עס זענען פאָרגעקומען שפּאַלטונגען און עס האָבן באַהערשט די מאַכט־גיריקע. די „הגנה” גופא איז געוואָרן אַ פּאָזיציע פאַר עמיצן, וואָס האָט זי דעראָבערט. אָבער כלפּי יענעם טייערן עבר און כלפּי יעדן יידישן חייל באַזונדער, ווו ער זאָל נישט זיין, איז נישט פאָרגעקומען קיין שום שינוי אין מיין האַרצן ביזן היינטיקן טאָג. כבוד פאַר איבערגעגעבנקייט און כבוד פאַר געווער! מיר האָבן זיי ווייניק און זיי זענען אונז זייער טייער!



די פרייד מיטן וואַסער פון דעם ערשטן ברונעם



די ערשטע מתיישבים גייען אַרויף אויפן באָדן



די תלמידים פון דער ערשטער שולע אין אַ צריף



„...וואָס וועלן באַשיצן קינד און בוים"

# י. רמת-גן אין די טעג פון אל-עלמיין

א. דער וויכוח אַרום דער יידישער בריגאַדע

דאָס הארץ פון ישוב איז געווען צעריסן אויף צווייען אין די טעג פון דעם גרויסן נסיון אַרום דער מאָביליזאַציע אין דער יידישער בריגאַדע אין קריג קעגן די דייטשן. די דעציזיע איז געווען אַ שווערע, ווייל עס זענען געווען וואָגיקע אַרגומענטן פאַר און קעגן.

טענה׳ט איין צד:

די געפאַר פאַרן לאַנד איז אומגעהויער גרויס. די דייטשן און זייערע פאַרבינדעטע דערנענטערן זיך. קלאָר, וואָס אונז דערוואַרט, נישט בלויז פון די אָקופּאַנטן, נאָר אויך פון די אַראַבער, וואָס וואַרטן אויף זייער קו־מען. יעדער יונגער מאַן דאַרף בלייבן דאָ און זיך גרייטן צו יענע שוואַרצע טעג.

און אַ צווייטער אַרגומענט:

אין פלוג גענומען שטייט דאָך דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אין איין גע־מיינזאַמען פראָנט מיט אַלע פאַרבינדעטע קעגן שונא פון דער מענטשהייט: היטלער. אָבער דער דאָזיקער פאַקט שטערט נישט דער ענגלישער מאַכט אין לאַנד צו באַגיין זיך מיט אונז ווי מיט פיינט. אין די בלוטיקסטע טעג דערלאָזט נישט די דאָזיקע מאַכט קיין רעטונגס־עליה. זי פאַרטרייבט מעפּילים אויפן מאַוריציוס־אינדזל, זי צווינגט שיפן אומצוקערן זיך אין מיטן ים און גיט זיי איבער אין די הענט פון טויט — אין אייראָפּע אָדער אין די אָפּגרונטן פון ים: סטרומא. ענגלישע ביקסן שיסן אויף שיפן און אויף יידן, וואָס ווילן אויסשטייגן אויפן ברעג פון לאַנד. עס פאַלן מענער, פרויען און קינדער. די בריטישע אימפּעריע מיט איר „פּאַלעסטינער" אַדמיני־סטראַציע זענען געהיימע שותפים צו דער אויסראָטונג פון יידישן פאָלק. איז מעגלעך זיך צו מאָביליזירן אין דער אַרמיי פון דער דאָזיקער בריטאַניע?

דאַקעגן טענה׳ט דער צד שכנגד:

אין דעם מאָמענט פאַרשווינדן אַלע אַנדערע חשבונות. איצט דאַרף מען צולייגן אַ האַנט צום קריג קעגן גרעסטן צורר ישראל. דער פראָנט איז נישט בלויז דאָ, עס איז נישט ריכטיק צו זאָגן, אַז מיר וועלן דאָ וואַרטן אויף אים. מען דאַרף אַרויס אַנטקעגן אים, מען דאַרף זיך איינ־גלידערן אין די געמיינזאַמע כוחות, וואָס קעמפן קעגן אים; מען דאַרף אויסנוצן די גלענצנדע געלעגנהייט, וואָס מיר באַקומען אין די ראַמען

פון דער בריגאַדע אויסצושולן סאָלדאַטן און אָפיצירן. דאָס, וואָס יידישע
יונגעלייט וועלן קאָנען לערנען אין די איבונגס־לאַגערן און אויף די פראָנטן
גופא, וועלן זיי נישט קאָנען לערנען אין די אונטערגרונט־קעלערן.

און נאָך עפּעס: אַז מיר וועלן אָפּשטויסן דעם שונא וועלן מיר קאָנען
קומען אין באַריִרונג מיט אונזערע לעבנגעבליבענע ברידער און מ׳וועט
זיי דאַרפן דערלאַנגען הילף, טרייסט און רעטונג. און אפשר וועט מען נאָך
קאָנען דאָס טאָן פאַר דעם, היִנטערן רוקן פונעם שונא.

איך בין געווען מיט דער צווייטער מחנה. דער אַרגומענט פון קאָנען
אויסשולן און צוגרייטן אונזערע קינדער פאַרן מאָרגנדיקן טאָג איז ביי
מיר געווען ביז גאָר וואָגיק. אויך כדי צו מאַכן דעם חשבון מיט די, וואָס
לאָזן נישט ראַטעווען אונזערע ברידער, איז גוט, אַז מיר זאָלן האָבן אַזאַ שול.

נאָכדעם ווי איך האָב דורכגעטראַכט די זאַך און דעצידירט ביי זיך,
בין איך אַרויס איבערצייגן אַנדערע. טראָץ מיין נאַטירלעכן ווידערווילן
צו רעדעס, בין איך אויפגעטראָטן אין שולן, קינאָ־זאַלן, אויף אומצאָליקע
פאַרזאַמלונגען. אויך אין שמועסן פּה־אל־פּה מיט צווייפלענדיקע און זאָרגב־
דיקע טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער. דער האַלדז איז מיר
טרוקן געוואָרן, אָבער נישט מיין האַרץ. מיטן גאַנצן ברען האָב איך גע־
רופן פאַר דעם הייליקן ענין, אין וועלכן איך האָב געגלויבט, און מצליח
געווען. איך האָב באַוויזן איבערצוצייגן זייער פיל, נאָר אויף איין פראָנט
בין איך נכשל געוואָרן. ביי מיר אין שטוב איז מיר נישט געלונגען איבער־
צוצייגן מיין זון. אַלץ וואָס איך האָב געטאָן אין לעבן פלעג איך זיך שטענדיק
נוהג זיין לויט דעם, וואָס די חכמים האָבן באַשטימט: קשוט עצמך ואחר
כך קשוט אחרים. איך וועל נישט פאַרלאַנגען פון אַנדערע דאָס, וואָס איך
אַליין בין נישט מקיים. דעריבער האָט אין מיר געברענט דער ווייטיק פון
דעם דאָזיקן דורכפאַל. מיין זון איז געווען מיטן לאַגער פון מאָביליזאַציע־
קעגנער. און זיין הויפּט־אַרגומענט: עס איז אים נישט צום האַרצן דאָס
מאָביליזירן זיך אין דער אַרמיי פון בריטישן שונא.

עס זענען געווען צווישן אונז שווערע און פיינלעכע וויכוחים, וואָס
האָבן אַרויסגערופן פיל אויפרעגונג און פאַרדרוס און מיר האָבן כמעט
אויפגעהערט רעדן צווישן זיך.

אַז עס איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, איז געקומען די איבעראַשנ־
דיקע ווענדונג. אַ געוויסן טאָג האָט ער זיך באַוויזן ביי מיר און אַ זאָג
געטאָן מיט פשטות:

„איך בין נישט איבערצייגט געוואָרן און קיינער באַזיצט נישט דעם
כוח מיך איבערצוצייגן, אָבער איך האָב באַשלאָסן זיך מאָביליזירן צוליב —
כיבוד אב”.

אָפּשאַצן אַזאַ שריט איז נישט פאַר מיינע כוחות, געגוי ווי איך קאָן נישט ברענגען צום אויסדרוק מיינע געפילן אין יענעם מאָמענט. און אָט וואָס איך האָב אים געזאָגט בעתן געזעגענען זיך:

„זאָלסט, מיין קינד, נישט זוכן קיין מיליטערישע קאַריערע. דין דיין פאָלק ערלעך און אין אַלץ וואָס דו וועסט טאָן, זוך נקמה צו נעמען אין שונא, כדי זאָלסט קאָנען זיך אומקערן און דערציילן דיינע קינדער, אַז דו האָסט בייגעטראָגן דיין חלק אין קריג און האָסט נקמה גענומען פאַר דיין פאָלק אין גרעסטן שונא אונזערן, וואָס איז אויפגעשטאַנען אונז אויס־צוראָטן".

אין יענע טעג איז נישט שווער געווען פאַר איינעם מיט אַ געוועל־שאַפטלעכער פּאָזיציע זיך אָן „עצה־געבן" און „איינאָרדענען" זיין זון אויף אַ דזשאָב ערגעץ־ווו אין הינטערלאַנד, אָנשטאָט אויפן פראָנט.

מיין זון איז געשיקט געוואָרן אויף די ערשטע פראָנט־ליניעס ווי אַ פּשוטער שלאַכט־סאָלדאַט און יעדן טאָג האָבן געציטערט די אויגן פון פאָטער אַרום די טרויער־מעלדונגען אין די צייטונגען, טאָמער חלילה האָט פּאַסירט מיט מיין זון דאָס, וואָס איז אַזוי נאַטירלעך אין אַזאַ בלוטי־קער מלחמה.

אויך דאָס געהערט צו מיין גרויסן שטאָלץ מיט מיין רמת־גן, וואָס האָט געגעבן אירע זין און איר בלוט פאַר דער דאָזיקער הייליקער מלחמה, ווייל עס איז כמעט נישט געווען קיין משפחה אין רמת־גן, וואָס האָט נישט געהאַט קיין דערוואַקסענע זין און וואָס האָט נישט אויף אַזאַ אָדער אַנדערן פראָנט דערפילט איר פליכט פאַרן פאָלק.

ב. אַ שאָקאָלאַד־„גרוס"

אין יענע שווערע טעג, ווען דער דייטשער צורר איז געשטאַנען אין אל־עלמיין, נאָך דעם ווי ער האָט פאַרנומען טאָברוק און בענגאַזי און דער גאַנצער מדבר איז געווען פאַר אים אָפן, בין איך געפאָרן זיך אָפּרוען אַביסל פון דער שווערער מי און דאגות, וואָס האָבן דאַן נישט געפעלט. איך בין געפאָרן, ווי מיין שטייגער, אויף דעם פלאַץ, וואָס איז נאָך רמת־גן מיר צומליבסטן, ווייל ער איז באַשאָנקען פון גאָט מיט פרישער לופט און אַן אויג־פאַרכאַפּנדיקן פּייזאַזש אין דער ריכטונג פון די בערג און פון ים — זכרון יעקב.

אין יענע טעג האָט מען זיך נישט באַגנוגנט מיט הערן די אָפיציעלע ראַדיאָ־סטאַנציע „קול ירושלים", נאָר מען האָט אויך געהערט די פיינט־לעכע סטאַנציעס.

איינמאָל, אוונט־צו, ווען איך האָב געהערט די דייטשע אוידיציע

פאַר די מזרח־לענדער, כאַפּ איך פּלוצים אויף צווישן די אַלע מעלדונגען, וואָס זענען פול געווען מיט האָפּערדיקע באַרימערייען וועגן נצחונות. אמתע, איבערגעטריבענע אָדער אויסגעטראַכטע — אַ גרוס פאַר... רמת־גן.

אינם גרויסן שלל, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין די דייטשע הענט אין טאַברוק, מיטן געווער, אַמוניציע און שפּייז־פּראָדוקטן, האָט זיך אויך גע־פונען שאָקאָלאַד פון רמת־גנער פּראָדוקציע.

דער ספּיקער האָט מיט אַ פול מויל געלויבט די קוואַליטעט פון דער שאָקאָלאַד און אויסגעדריקט זיין האָפענונג, אַז בקרוב וועט ער קאָנען דאַנקען פאַר איר פערזענלעך די אייגנטימער פון דער שאָקאָלאַד־פאַבריק אין רמת־גן.

אַ לאַנגע ווײַלע בין איך געווען ווי אַ פאַרשטיינטער. פּלוצים איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז זיצנדיק אין דעם מאָמענט אין זכרון יעקב, בין איך ווי אַ קאַפּיטאַן, וואָס פאַרלאָזט זיין שיף אין אַ שטורעם.

איך האָב נישט איינגעפּאַקט, באָר פּשוט אַריינגעוואָרפן מיינע זאַכן אין דער וואַליזע און צו־פוס געלאָזט זיך צום הויפּט־שאָסיי חיפה—תל־אביב. עס איז שווער געווען צו באַקומען אַ פאַרבינדונג אין יענע טעג. די אויטאָס זענען געפאָרן אין די נעכט און אָן ליכט. לאַנגע שעהן האָב איך זיך געשלעפּט און אַזייגער דריי בייגאַכט אָנגעקומען קיין רמת־גן.

טראָץ דעם, וואָס עס זענען שוין געהאַט פאַריבער פיל שעהן זינט איך האָב געהערט די ווערטער פון דייטשן ספּיקער, האָב איך זיך נאָך אַלץ נישט געהאַט באַרואיקט. אויך דער קאַלטער טוש האָט נישט געקאָנט לינ־דערן מיין טיפע געריגטקייט.

שרעק־געשפּענסטער האָבן מיך פאַרפאָלגט און איך האָב נישט געקאָנט איינשלאָפן.

צומאָרגנס איז פאָרגעקומען די פייערונג פון פאַרטיילן די צייגנישן פאַר די אַבסאָלווענטן פון דער פאָלקס־שול. די פייערונג איז געפּענט גע־וואָרן מיט אַ פליטן־קאָמפּאָזיציע. דאָס שפּילן איז עפּעס געווען זייער טרויעריק און צוגעפּאַסט צו דער פּסיכישער דערשלאָגנקייט פון אַלע אַנוועזנדיקע.

און אָט איז געקומען מיין ריי צו זאָגן אַ פאָר ווערטער די שילער.

מיין האַרץ איז געווען פול מיט זאָרג און יאוש. איך האָב געזען ווי אַלץ, וואָס מיר האָבן אויפגעשטעלט אין לאַנד בכלל און אין רמת־גן בפרט, מיט אַזויפיל שווייס און בלוט, איז אין אַ סכנה חס וחלילה אָפּגעמעקט צו ווערן פון דער ערד.

און איך האָב גערעדט צו די תלמידים ווי צו דערוואַקסענע.

„די לאַגע איז נישט קיין גוטע. מיר ווייסן נישט וואָס עס קאָן פאַסירן.

אָבער ווער עס וועט בלייבן לעבן, זאָל נישט פאַרגעסן זיין לאַנד און זיין שטאָט. ווער עס וועט נאָך האָבן אַ מעגלעכקייט צוריקצוקומען זאָל אַהער צוריקקומען נאָכן חורבן און ווידער אויפבויען רמת־גן, אויפבויען זי פאַר יעדן פרייז".

פלוצים האָט פּאַסירט אַן אויסערגעוויינלעכע זאַך. ספּאָנטאַן איז אויפגעשטאַנען אַ מיידעלע, אַ געבוירענע אין רמת־גן, איינע פון די אַבסאָלווענטינס פון דער שול, און געזאָגט מיט גרויס גערירטקייט:

„ווי קאָן דער ראש־המועצה טראַכטן בלויז איין וויילע, אַז די קינדער פון רמת־גן וועלן פאַרגעסן זייער שיינע שטאָט. יעדעס ווינקל, יעדער בוים דאָ, יעדע בלום פאַרמאָגט דאָך אַ באַזונדערע שיינקייט, וואָס איז אַ לויב־געזאַנג פאַרן באַשאַף. איך בין נישט געווען אין חוץ־לארץ און איך האַלט, אַז דאָס איז דער שענסטער פּלאַץ אויף דער וועלט. אַפילו די זשאַבעס זענען ביי אונז שענער ווי אויף וועלכן עס איז אַנדער פּלאַץ אויף דער וועלט. די ליבע צו רמת־גן און צו אונזער לאַנד איז אין אונזער בלוט און ווי וועלן מיר זיי קאָנען פאַרגעסן!".

איך האָב זיך דאַן פאַרשעמט און נאָך ביז היינט שעם איך זיך, דערמאָנענדיק זיך די טרערן, וואָס האָבן בשפע גערונען פון מיינע אויגן אין אָנוועזנהייט פון די קינדער, הערנדיק די דאָזיקע ווערטער.

און אַרויסגייענדיק פון דער דאָזיקער פייערונג האָב איך זיך געזאָגט אין האַרצן:

אָט שניידן מיר די ליבשאַפט, וואָס מיר האָבן פאַרפלאַנצט אין די הערצער פון אונזערע קינדער.

ג. באַצאָלט אַ חוב

אַז די חיילים זענען צוריקגעקומען אַהיים, זענען אַנטשטאַנען פיל פּראָבלעמען פון אַרבעט, פאָסטנס (ווייל אין דער צייט פון זייער אָפּוועזנהייט זענען זייערע פּלעצער פאַרנומען געוואָרן דורך אַנדערע), און באַזונדערס די וווינונגס־פראַגע.

געווי אַזוי ווי עס זענען געווען זייער פיל מענטשן וואָס האָבן זיך מיט זיי מטפל געווען בעתן מאָביליזירן זיך, זענען געווען ווייניקע, וואָס זאָלן זיך מיט זיי מטפל זיין בעתן צוריקקומען.

נאָך דער מלחמה האָבן זיך געפונען ווייניק מענטשן, צו וועמען מען האָט זיך געקאָנט ווענדן נאָך הילף און ראַט.

די באַפרייטע סאָלדאַטן האָבן זיך געווענדעט צו מיר ווי צו אַ מענטש, וואָס האָט זיי געשיקט אין קריג, און איצט צוריקקומענדיק אַהיים און נישט האָבנדיק צו וועמען זיך צו ווענדן, בעטן זיי מיין הילף.

איך האָב דאָס פאַרשטאַנען אויף אַ פשוטן אופן, אַז זיי זענען גערעכט. עס דאַרף דערמאָנט ווערן לשבח די גרויסע הילף פון דער מאַנדאַט־רע־גירונג און איר פאַראינטערעסירן זיך מיט באַפרייטע חיילים, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט אַהיים. זי האָט געגעבן הלוואות אויף זייער לייכטע באַדינגונגען צו בויען אַ שיכון פאַר די „באַפרייטע סאָלדאַטן" און מיר איבערגעגעבן די קאָמפּעטענץ צו רעקווירירן פאַר זיי דירות.

איך האָב מיין אויפגאַבע דערפילט ערלעך, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס איך האָב אַזוי אַרום מיט דעם נישט דערוואָרבן זיך קיין פריינט פון צווישן די, ביי וועלכע איך האָב צוגענומען זייערע דירות. אָבער פון דער צווייטער זייט האָף איך, אַז אויך קיין שונאים זענען מיר נישט צוגעקומען פון מיין אומ־אָנגענעמער אָבער ניצלעכער אַרבעט.

איך האָב זיך שטענדיק באַמיט „ווייך צו מאַכן" ווי ווייט מעגלעך די דאָזיקע אַקציע, געבנדיק צו פאַרשטיין אונזער נאַציאָנאַלע פליכט און די מינימאַלע באַלוינונג וואָס מיר זענען שולדיק דעם חייל, וואָס האָט געדינט דעם פאָטערלאַנד, און דערמעגלעכן אים ער זאָל קאָנען חתונה האָבן און אויפשטעלן זיך אַ היים.

איך האָב געוווידמעט פיל צייט און כוח דעם דאָזיקן „שיכון חיילים המשוחררים" און איך האָב אויך באַקומען אַ באַלוינונג פאַר מיין אַרבעט.

ווען איך בין געזעסן אינטערנירט אין לאַטרון האָב איך געמאַכט דעם ערשטן באַזוך אין דער דאָזיקער שכונה. דער האַרציקער קבלת־פנים און רירנדיקער צוזאַמענטרעף מיט די משפחות פון די חיילים איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע און אומפאַרגעסלעכע איבערלעבונג און האָט מיר געגעבן די פולע באַפרידיקונג פאַר מיין אַרבעט.

## א. און געמאכטער עניוות

עניוות איז געוויס אַ שיינע מידה ביי אַ מענטש, אָבער עס איז בעסער אָפענע גאווה ווי געמאַכטע עניוות. אויב איך וועל זאָגן, אַז מיין הארץ ווערט נישט אָנגעפולט מיט גאווה זעענדיק מיין שטאָט רמת־גן אין איר פאַנאַנדערוווקס, פאַנאַנדערבלי און שיינקייט, וויסנדיק אַז איך האָב אין דעם אַ גרויסן חלק, וועט עס זיין נישט מער ווי צביעות.

ד״ר שייב האָט מיר דערציילט אַ שיינע מעשה אין ענין עניוות. עס איז אַ מעשה מיטן בעל־שם־טוב, וואָס האָט געהערט וועגן אַ קריסטלעכן גלח, וועמענס מידה פון עניוות איז איבערנאַטירלעך ממש. האָט דער בעל־שם־טוב געוואָלט וויסן צי דאָס איז אמת, געוואָלט זען אַ מענטש וואָס איז זיך מתגבר אויף דער נאַטירלעכער מענטשלעכער אייגנשאַפט פון אַ ביסל גרויסהאַלטן זיך און ער איז אַוועק צו דעם דאָזיקן גלח אין שטוב. ער איז געוועזן ביי אים דרייסיק טעג און געזען באמת, אַז די מענטשן האָבן נישט איבערגעטריבן אין זייער דערציילן וועגן דעם דאָזיקן גלחס עניוות. ווען עס איז געקומען די צייט צו פאַרלאָזן אים און ער האָט גע־האַלטן ביים געזעגענען זיך מיט פול פאַרערונג, האָט דער גלח אַ זאָג גע־טאָן: „נו, וואָס זאָגט איר עפעס וועגן מיין עניוות?״

וואָס מיר לערנען פון דער דאָזיקער געשיכטע איז, אַז איבערגעטרי־בענע עניוות ווערט פאַרוואַנדלט אין צביעות. דעריבער איז בעסער, אַז אַ מענטש זאָל נישט דערשטיקן די נאַטירלעכע מענטשלעכע שוואַכקייט וואָס הייסט גאווה, און זאָל די דאָזיקע שוואַכקייט אַנטפּלעקן. ער זאָל נישט זיין קיין צנוע און מאַכן זיך פאַר אַן ענוו, נאָר מיט אײן באַדינג, — אַז די זאַך מיט וועלכער ער שטאָלצירט, זאָל האָבן אַ ממשות. און איך האָב אַ יסוד צו גלויבן, אַז רמת־גן איז אַ — דבר שיש בו ממש.

דעריבער וויל איך אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען דערציילן עפעס פון דער געשיכטע פון אויפבוי פון מיין שטאָט, רמת־גן.

## ב. נישט געזעצן, נאָר מעגלעכקייטן

ווען איך בין אָנגעקומען אין יאָר 1925 באַזעצן זיך אין רמת־גן איז שוין דאָס געוועזן איר נאָמען, נאָך דעם ווי עס איז בטל געוואָרן איר פריער־

דיקער נאָמען „עיר גנים״, אויפֿן נאָמען פֿון דער געזעלשאַפֿט וואָס האָט זי געגרינדעט. אין איינעם פֿון די פּראָטאָקאָלן האָב איך געפֿונען פֿאָלגנ־דיקע קריטיק־ווערטער פֿון איינעם אַ רעדנער, וועלכער האָט מיט כּעס געזאָגט: „נישט קיין שטאָט און נישט קיין גאָרטנס״. אויך דאָס ענדערן דעם נאָמען האָט נישט באַוויזן צו ענדערן דעם מזל. עס איז טאַקע געווע־ דער חלום פֿון די גרינדער צו פֿאַרוואַנדלען דעם פּלאַץ אין אַ גאָרטן־ שטאָט און דער פּייזאַזש גופֿא האָט זיך ווי געבעטן: „באַדעקט מיך מיט גרינס. בעט מיך אויס מיט גראָז!״, אָבער דער עיקר האָט געפֿעלט צום פֿאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן חלום, צו דערפֿילן דאָס דאָזיקע געבעט: וואַסער.

דעריבער איז די ערשטע טעטיקייט מיינע, נאָך דעם ווי איך בין אויס־ געוויילט געוואָרן, אין די ערשטע וואַלן (מאַי 1926) אַלס יושב ראש המועצה, געווען — זוכן אַ וועג אָנצוטרינקען די מענטשן און די ערד מיט וואַסער.

פֿון אָנפֿאַנג האָב איך געדאַרפֿט גובֿר זיין די... זיצונגען פֿון דער מועצה. אויב עס האָט דעם פּלאַץ געפֿעלט וואַסער זענען די מועצה־מיט־ גלידער געווען ביז גאָר פֿאַרשווענדעריש מיט „וואַסער״ פֿון זייערע רעדעס. די זיצונגען פֿלעגן זיך פֿאַרציען ביז נאָך חצות, בעת טייל אַנוועזנדיקע האָבן געכאַפּט אַ דרעמל און אַנדערע זענען געווען פֿאַרטאָן מיט גרויס הנאה אין דיסקוסיעס אָן אַ סוף. וואָס פֿאַראַ תאווה צו רעדן סתם, אָן אַ תּכלית! אומזיסט פֿלעגט יעדער רעדנער פֿרעגן זיין קעגנער בעתן ענדיקן רעדן: „איצט איז דיר שוין אַלץ קלאָר?״. אומזיסט! ווייל דער דאָזיקער קעגנער האָט קודם־כּל ליב געהאַט צו הערן זיך גופֿא. זאָלן מיר מוחל זיין די חברים פֿון אַלע מועצות, אין וועלכע איך בין געווען דער פֿאָר־ זיצער זינט דער גרינדונג פֿון דער מועצה ביז היינט, אויב איך האָב זיי נישט געלאָזט הנאה האָבן אָן אַ סוף פֿון דעם דאָזיקן פֿאַרגעניגן צו הערן זיך אַליין. נישט צוליב בייזוויליקייט האָב איך זיי צוגענומען די דאָזיקע הנאה, נאָר לטובֿת די פֿאַרהאַנדלונגען. מיט דעם שפֿע וואַסער פֿון די דיס־ קוסיעס וואָלטן מיר נישט באַוואַסערט קיין איין נייעם פּלאַנץ, און בפֿרט נאָך, אַז יענע טעג האָט אונדז געפֿעלט נישט בלויז וואַסער צו באַוואַסערן, נאָר אויך וואַסער צום טרינקען.

די נאָרמע איז געווען פֿינף קוביק מעטער וואַסער. דער מאָטאָר איז געווען ממש אַ מוזיי־עקספּאָנאַט און מען האָט אים געדאַרפֿט „באַפּעסטיקן״... מיט פּאַפּירן פֿון „מספּרו״, אַנדערע פּאַפּירן האָבן נישט געטויגט.

דאָס וואַסער האָט געגעבן אַ ספּעציעלער פֿאַרטיילער, וועלכער פֿלעגט עפֿענען די קראַנען אויף אַ שעה אָדער צוויי. פֿאַרשטייט זיך, אַז עס איז נישט געקומען אין באַטראַכט צו באַנוצן זיך מיט דעם דאָזיקן וואַסער, וואָס איז געווען צוגעטיילט, אויף באַוואַסערונג. ווען איך האָב פֿאַרפּלאַנצט

די ערשטע בוימער. בין איך געווען געצוווּנגען צו ברענגען מיט אַ פּאַס וואַסער פון מוצררה־טייכל.

דער באַסיין איז געווען פון 100 קוואַדראַט־מעטער און אָן אַ צודעק. ער האָט געריצט די פּיס פון מידע אַרבעטער וואָס פלעגן זיך גערן אַוועקזעצן אויפן ראַנד פון באַסיין און איינטונקען אין אים זייערע פּיס.

איך האָב אָנגעהויבן זוכן אַ הלוואה, כדי צו לייזן דאָס דאָזיקע פּראָבלעם. דער ערשטער וואָס איז געקומען צו הילף איז געווען רוטענבערג. ער האָט אונז צוגעזאָגט אַ הלוואה פון 5000 פונט, אָבער דאָס געלט איז נישט קיין ענטפער אויף אַלץ. עס זענען פאַראַן געזעצן און לויט די געזעצן איז נישט דערלויבט אַ מועצה צו נעמען אַ הלוואה אָן דער באַשטעטיקונג פון דיסטריקט־הערשער. רמת־גן האָט דאַן געהערט צו ירושלים און אַדמיניסטראַציע, ווי איר שטייגער, איילט זיך נישט. צו אונזער מזל איז דאָס געווען דער אָרטיקער מושל מאַיאָר קאַמבעל, דער סימפּאַטישסטער פון אַלע מושלים וואָס איך האָב געקענט. איך בין געקומען צו אים און געגעבן אים צו פאַרשטיין, וואָס עס דערוואַרט אונז פון דעם לאַנגן ביוראָקראַטיע־פּראָצעס אין די אַמטן. איך האָב אים דערציילט די געשיכטע מיט דער רוסישער אַם, וואָס האָט נישט געוואָלט זייגן דאָס קינד, הגם זי האָט זיך פאַרפליכטעט דאָס צו טאָן. דער משפט האָט זיך געצויגן און איז אַריבער פון איין געריכט אין צווייטן. פון אַ פריידנס־געריכט אין אַ קרייז־געריכט, פון קרייז־געריכט אין אַ העכער געריכט, פון דאָרט אין אַפּעלאַציע־געריכט און פון דאָרט אין סענאַט, די העכסטע געזעצגעבערישע אינסטאַנץ, ביז סוף־כל־סוף האָט געזיגט די גערעכטיקייט און עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער אורטייל, אַז זי דאַרף זייגן דאָס קינד, ווי זי האָט זיך פאַרפליכטעט. אָבער אין צווישנצייט איז שוין דאָס „זויג־קינד" געוואָרן אַ גרענאַדיר אין מיליטער און איז שוין אַלט געווען פינף און צוואַנציק יאָר און ער האָט קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט צו זייגן. „צי דאַרף רמת־גן וואַרטן ווי דאָס קינד? — האָב איך געפרעגט קאַמבעלן — און זי מוז דאָך שוין טרינקען און וויל אויך באַוואַסערן די ערד". דעם מושל איז דער משל געפעלן געוואָרן און ער האָט געזאָגט: „געזעץ איז געזעץ, מען טאָר נישט אָנרירן דאָס געזעץ, אָבער טיילמאָל קאָן מען אים לאָזן אויף זיין פּלאַץ און גיין אַרום־און־אַרום...". איך האָב פאַרשטאַנען און אויך רוטענבערג האָט פאַרשטאַנען. די חברת החשמל האָט געגעבן דאָס געלט און אַזוי ווי עס איז נישט געמאַכט געוואָרן קיין קאָנטראַקט, האָט דער מושל נישט געהאַט וואָס צו באַשטעטיקן און באין ברירה זענען מיר געווען גליקלעך אָן אַ באַשטעטיקונג...

„מיר זענען געווען גליקלעך" — דאָס איז נישט מער ווי אַ גוזמא.

אַ שפּריכוואָרט זאָגט: דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן. דאָס ווערטל זאָגט נישט, צי דער דורשט קומט מיטן וואַסער, אָבער רמת־גן זאָגט דאָס. ווען מיר זענען געקומען אויסברייטערן די וואַסער־פאַרזאָרגונג האָבן מיר זיך שוין געגוויטיקט נישט אין פינף טויזנט, נאָר אין פופצן טויזנט קוביק מע־טער און דער מושל איז שוין נישט געווען קאַמבעל, נאָר פאַלק, און דער דאָזיקער פאַלק האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן די הלוואה און געבראַכט מיך צום ערשטן צוזאַמענשטויס מיט דער מאַכט.

די באַדערפעניש זענען איבערגעשטיגן די פאַרזאָרגונגס־מעגלעכקייטן. די וואַסער־סטאַציע איז געווען אין אַ שלעכטן צושטאַנד און געהאַלטן ביים פונאַנדערפאַלן זיך. ערב ראש השנה האָב איך פאַרלאָזט רמת־גן און געשיקט אַ טעלעגראַמע צו דער מאַכט, אַז איך וועל נישט צוריקקומען קיין רמת־גן. איך קאָן נישט ווי געהעריק אויספילן מיין אַמט אַלס פאָרזי־צער פון דער מועצה און דער באַפעלקערונג דראָט אַ געפאַר צו בלייבן אָן וואַסער.

איצט האָבן זיי אָנגעהויבן מיר נאָכלויפן. מען האָט מיך געזוכט אין שטאָט און באַשטימט מיר אַ דרינגענדע אוידיענץ ביים מושל אויף זונטיק. איך האָב אים, ווייזט אויס, „פאַרשטערט" זיין „וויק־ענד" און ער איז געווען זייער אויפגערעגט.

— איך האַלט, אַז דו, הער קריניצי, האָסט בכלל נישט נויטיק קיין רעגירונג. דו שטעלסט אונז פאַר געשעענע פאַקטן. דעם ערשטן ברונעם האָסטו אַוועקגעשטעלט נישט פרעגנדיק אַפילו.

איך האָב געענטפערט:

— איך האָב נישט געבראַכט די רעגירונג קיין ארץ־ישראל. אייער חלק אין דעם לאַנד איז מיר גוט באַקאַנט. אין כינע איז פאַראַן אַ בעסערע רעגירונג פון אייערער דאָ. איר ווייסט נאָר צו מאַכן שוועריקייטן אויף יעדן טריט.

בעתן געשפּרעך איז אויך געווען אַנוועזנד דער אָפיציר שמשי. ער האָט נישט געוואָלט איבערזעצן די דאָזיקע ווערטער מיינע. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדעס וואָרט וואָס איך זאָג. „זעץ איבער און זאָג בפירוש: אין כינע איז פאַראַן אַ רעגירונג, וואָס איז בעסער פון אייערער דאָ".

— פאַלק האָט זיך אָנגעצונדן פון כעס:

— איך וועל נישט אונטערשרייבן קיין שום זאַך, אויב מען שטייט איבער מיר מיט אַ פּיסטאָלעט אין האַנט!

— טאָ שרייב נישט אונטער. איך האָב פאַרלאָזט רמת־גן און איך

וועל זיך נישט אומקערן אַהין אָן דער באַשטעטיקונג. איך בין גרייט צו ברענגען דיר די שליסלען. קיין שטעקן אין אייערע הענט וועל איך נישט זיין.

אַראָפּגייענדיק פון די שטיגן, האָט מיך אָנגעיאָגט דער איבערזעצער און געזאָגט מיר אין נאָמען פון מושל: „אויב איר וועט עפּעס ענדערן אין בודזשעט וועט איר מאָרגן באַקומען די באַשטעטיקונג".

די פאַרלאַנגטע ענדערונג איז געווען אויף דער סומע פון... פערצן פונט.

דער מושל האָט געזוכט אַ בכבודיקן אויסוועג און רמת־גן האָט באַקומען די הלוואה און דאָס וואַסער.

עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין צוזאַמענשטויסן אינערהאַלב דער מועצה. במשך פון זיבן יאָר האָב איך געפירט אַ געראַנגל פאַר מיין מיינונג, אַז כדי צוצואיילן די אַנטוויקלונג ווי אַ פאַרקן־שטאָט באמת, דאַרף מען די מגרשים־אייגנטימער געבן וואַסער אָן אָן אָפּצאָל, לויטן זייגער. דאָס מיינט, אַז יעדער איינער, סיי ער פלאַנצט, סיי נישט, צאָלט די זעלבע סומע. ערשט נאָך דעם ווי עס איז מיר געלונגען דורכצוזעצן אין דער דריטער מועצה דעם דאָזיקן פּרינציפּ איז געגעבן געוואָרן דער שטויס צו פאַרמערן גרינס. דאָס איז אויך געווען אַ לעקציע פאַרן לעבנס־אמת און באַזונדערס פאַרן אמת פון אַנטוויקלונג: נישט קיין געזעצן זענען נויטיק די מענטשן, נאָר מעגלעכקייטן. פאַרן מענטש איז דער שאַנס ווי וואַסער פאַרן געוויקס.

## ג. אביסל נישט דעמאקראטיש

דער בראשית פון אונזערע שולן איז געווען אין אַ מין צריף, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן פון טירן פון צעשטערטע הייזער, וועלכע עס האָט מיט זיך געבראַכט אַ ייד פון ריגע. דער צריף איז געווען אויפן באַרג, ווו עס געפינט זיך היינט דער באַסיין אין „גן שאול". קיין שווים־באַסיין איז נאָך אויף דעם פּלאַץ נישט געווען, אָבער וואַסער פון אַן אַנדער מין האָט דאָרט נישט געפעלט. אין רעגן־טעג פלעגט דער לערער מיט די שילער זיצן מיט פאַראַסאָלן אין די הענט. און ווער ווייס צי דער דאָזיקער צריף וואָלט נישט אָנגעהאַלטן ביזן היינטיקן טאָג ווען ער וואָלט... אויסגעהאַלטן. איינמאָל, נאָך אַ שטורעם־נאַכט, זענען די קינדער געקומען אין זייער שולע און — זי איז נישטאָ מער. דער ווינט האָט זי אַוועקגעטראָגן פונעם באַרג. אַנטקעגן אַזאַ קאַטעגאָרישן עקסמיסיע־באַפעל קאָן מען גאָרנישט טאָן, נאָר געפינען אַן אַנדער צריף.

אין יענער צייט האָבן מיר אין שולע געהאַט איין גננת און איין לערערין. זייער געהאַלט איז זיי אויסגעצאָלט געוואָרן מיט פיל שווערקייטן און

נישט אין מזומנים, נאָר מיטן „בעסטן" געלט אונזערס, מיט קוויטלעך. אָבער דאָס געהערט נישט צו פעדאַגאָגיע און דעריבער וועגן דעם — אין קאַפּיטל פינאַנסן.

איך בין צוגעטרעטן צו בויען אַ שולע אָן געלט, מיט האַלבע און שטיק־לעך ציגל, וואָס מיר האָבן באַקומען אַלס מתנה פון סיליקאַט־אַפּאַל, פון דער משפחה גאָלדבערג. די אַרבעט איז געוועזן טיילווייז פרייוויליק און טיילווייז אויפן חשבון פון די מיסים (די דאָזיקע שיטה פון אַרבעט אַנשטאָט מיסים איז אָנגעווענדעט געוואָרן אין פיל פאַלן). און וואָס עס האָט געפעלט אין אַרבעט און מאַטעריאַלן איז געקויפט און געבויט געוואָרן אויף באָרג. אָבער עס האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן, אַז די נייע שולע וועט נישט קאָנען אויפנעמען אַלע קינדער.

אויף אַ וואַנט פון דער שולע איז איינגעמויערט געוואָרן אַ טאָוול צום אָנדענק פונעם זון פון דער משפחת גאָלדבערג, וועלכער איז געפאַלן אין די אומרוען פון יאָר 1921.

דעם בנין פון דער נייער שולע האָבן מיר געקויפט ביי ד"ר קאָלער. אויך פאַר דעם האָט מען געדאַרפט קעמפן. איינער האָט געטענה'ט, אַז דער בנין איז פון דריי שטאָק און עס וועט שווער זיין דאָס אַרויפגיין. איין מיטגליד פון דער מועצה האָט אויסגעפונען, אַז די שולע... וואַקלט זיך. גאַנץ פשוט — דער בנין איז נישט פעסט. לגבי דער ערשטער טענה האָב איך געקאָנט מודיע זיין, אַז איך האָב אַ מנהל מיט געזונטע פיס. און לגבי דער צווייטער טענה? איך געדענק שוין נישט וואָס איך האָב אים געזאָגט, אָבער דער דאָזיקער בנין שטייט נאָך ברוך השם ביזן היינטיקן טאָג.

דאָס עצם קויפן דעם בנין האָב איך דורכגעפירט אָן דער צושטימונג און קעגן דער מיינונג פון דער מועצה. דאָס איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער שריט אין דער באַשרענקטער ווירקלעכקייט פון יענע טעג.

## ד. ווי מאַכט מען „אומזאָץ" אויף דער פּאָסט

די יידן זענען, ווי באַקאַנט, אַ פאָלק פון בריוו־שרייבער. אויב אַזוי, ווי קאָנען יידן זיין אַ לענגערע צייט אויף איין פּלאַץ אָן אַ פּאָסט? אָבער די מעשה איז וואָס אַ פּאָסט איז נישט קיין פּריוואַטער און אויך נישט קיין מוניציפּאַלער ענין, נאָר אַ מלוכהשער; און די רעגירונג האָט נישט געזען קיין נויטווענדיקייט אויפצושטעלן אַ פּאָסט־אָפּטיילונג פאַר עפּעס אַ נייער שכונה. ערשט נאָך פיל באַמיונגען האָבן מיר באַקומען אַ פּאָסט־אַגענטור, עפּעס צווישן אַ קיאָסק פאַר פּאָסט־מאַרקן און אַ פּאָסט־אַמט. די רעגירונג

האָט זיך באַטייליקט מיט אַ סומע פון דריי פונט אַ חודש פאַר אַ באַאַמטן און אַ דירה.

דער הויפּט־לייטער פון דער רמת־גנער פּאָסט איז געווען ה׳ יעקב מאַט־מאַן, אַ גוט־האַרציקער מענטש, ממש אַן נערוון. צוויי מאָל אין וואָך פלעגן מיר אָפּהאַלטן די זיצונגען פון דער מועצה און, ווי געזאָגט, פלעגן די זיצונגען זיך פאַרציען ביז האַלבער נאַכט און נישט איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז מיר פלעגן אַרויסגיין איינס אַזייגער און אַנטרעפן עמיצן וואָס גייט אויף דער „פּאָסט״ אַוועקשיקן אַ בריוו אָדער קויפן מאַרקן און מאַטמאַן פלעגט אומקערן זיך און עפענען דעם „אַמט״ — גיט וואָס מען בעט און נעמט וואָס אים קומט. און ער האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן פאַר־דרוס אויף אונז.

כדי צו האָבן אַ פּאָסט ממש האָבן מיר געדאַרפט באַווייזן, אַז דער פּלאַץ האָט דאָס בויט״ק און עס איז פאַראַן אַ גרויסע בריוו־צירקולאַציע, וואָס ברענגט הכנסה דער רעגירונגס־קאַסע. ווי באַווייזט מען אַזאַ זאַך אין דער צייט ווען עס איז נישטאָ? האָבן מיר דאָס „געמאַכט״. מיר האָבן געקויפט מאַרקן אין דער פּאָסט און פאַרקויפט דער עלעקטריע־געזעלשאַפט, אַנדערע אונטערנעמונגען — און סתם מענטשן אין תל־אָביב. אַזוי זענען געשטיגן די הכנסות פון דער אַגענטור און מיר האָבן באַקו־מען אַ פולקאָמען פּאָסט־אַמט.

דעם ערשטן רעקאָמענדירטן בריוו האָב איך געשריבן צום... פּאָסט־דירעקטאָר גופא. איך האָב אים געשריבן, אַז איך וואַרט צו באַקומען אַ טעלעפאָן. זיין ענטפער איז געווען: „לויט דיין ענערגיע איז מעגלעך, אַז דו וועסט דערגיין אייך צו אַ טעלעגראַף״.

ווען מיר זענען דערגאַנגען צו 400 טעלעפאָנען האָט יענער דירעקטאָר געזאָגט: „מען קאָן אייך נישט דעריאָגן. אין טול־כרם קומען־צו יערלעך צוויי טעלעפאָנען און מיר האָבן נישט קיין צרות פון דאָרט״.

ריכטיק! מיר זענען געלאָפן לויט די באַדערפענישן פון יידישן פאָלק און לויט די באַדערפענישן פון ארץ־ישראל. אָבער ווי מיר זענען נישט געלאָפן האָבן מיר נישט אַנגעיאָגט. פאַר די ענגלענדער איז דאָס געווען צו שנעל. וואָס לויפן זיי אַזוי?

## ה. אַ „מקום קדוש״
## אונטערן שוץ פון הויך־קאָמיסאַר

אַלס אָרט צום דאַוונען האָט געדינט אַ צעבראָכענער צריף, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן וועג, וווּ עס איז איצט דער אומקרייז אויפן פּלאַץ פאַר

דער שול. דער צריף, אַן באַקוועמלעכקייטן, האָט פאַרמערט שמוץ אַרום און בכלל נישט צוגעגעבן צום קדושה־געפיל. מיר האָבן באַשלאָסן אויפ־צושטעלן אַ שול ווי עס דאַרף צו זיין. ס׳איז אונז אויפן געדאַנק נישט גע־קומען, אַז די מתפללים וועלן נישט מסכים זיין דערצו. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער ענין איז גאָרנישט אַזוי פשוט. דער צריף איז „היי־ליק" און קיין מקום קדוש צעשטערט מען נישט, לויטן כלל: „מעלין בקודש ואין מורידין" — איז געווען די טענה.

אויך אין דעם ענין האָב איך באַשלאָסן נישט נאָכצוגעבן און איך האָב באַפוילן פונאַנדערצוגעמען דעם צריף, נאָך דעם ווי מיר האָבן פאַרענדיקט בויען די נייע שול. שוין געווען אַ העלפט צעשטערט, האָבן זיך באַוויזן די מתפללים און עס האָבן זיך צו זיי אָנגעשלאָסן סתם „אָפּאָזיציאָנערן", בכלל נישט קיין פרומע, און אָנגעהויבן זיך קעגנשטעלן מיט כוח. אויסער דעם האָט די דאָזיקע מערקווירדיקע „קאָאַליציע" אָוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צום הויך־קאָמיסאַר וואוקאָפּ, אַז ער זאָל זיך אַריינמישן אין דער זאַך, ווייל ער, אַלס הויך־קאָמיסאַר, איז דער אפּוטרופּוס איבער אַלע „הייליקע פּלעצער" אין לאַנד. אַזוי ווי וואוקאָפּ איז, ווי באַוווּסט, געווען אַ „גוטער הויך־קאָמיסאַר", איז ער אַנטקעגנגעקומען דעם פאַרלאַנג פון די יידן און געשיקט אַ טעלעגראַמע צום דיסטריקט־קאָמיסאַר אָפּצושטעלן דאָס צע־שטערן אַ „הייליקן פּלאַץ".

די „אָפּאָזיציע" האָט אָבער נישט געוואָלט זיך פאַרלאָזן אויף מיין רעספּעקטירן דעם הויך־קאָמיסאַרס באַפעל און אָוועקגעשטעלט אַ נאָכט־וועכטער ביים צריף וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרלאָזענע שטאַל.

אַזייגער איינס נאָך האַלבער נאַכט האָב איך מיט אַ וועלכן עס איז אויסרייד באַפוילן צו אַרעסטירן דעם וועכטער. צוויי אַזייגער האָב איך פאַרענדיקט די מלאכה. איך האַלט נישט, אַז עמיצער פון די שול־באַזוכער היינט טראָגט אויף מיר אַ פאַרדרוס. דער בריטישער „אַפּוטרופּוס" איבער די הייליקע ערטער האָט מיך פאַר דעם נישט געשטעלט פאַרן געריכט און איך האָף, אַז אויך אין בית דין של מעלה וועל איך אַרויס ריין פון דעם דאָזיקן חטא...

## ו. דער פלומער־שאָסיי

אין רמת־גן גופא זענען קיין שאָסייען נישט געווען. אויך דער הויפּט־שאָסיי, וואָס פאַרבינדט תל־אביב מיט פתח תקוה, איז געווען זייער אַ שלעכטער. אין דער רעגירונג איז דער ענין שאָסיי געוואָרן אַ פּאָליטישער ענין פון ערשטראַנגיקער באַדייטונג. דאָס באַאַמטנטום, און אינערהאַלב



רמת־גן: אַלגעמיינער אויסבליק



קינדער און ביימער





באַסיין און אַ שאָטן־וויַנקעלע אין גן שאול

אים אויך איין ייד, איז געווען קעגן אונז. די כותנה איז געווען אַנטקעגנ־צוקומען די אַראַבער און דורכפירן דעם הויפּט־כביש דורך יהודיה. דער־ווייל האָט מען בכלל נישט געלייגט קיין שאָסיי.

דער ענין האָט זיך נאָך אָנגעהויבן אין דער קאַדענץ פון הערבערט סעמועל, „אונזער" הויך־קאָמיסאַר. די קאָלאָניעס האָבן פאַרגעשלאָגן פון זייער זייט צו געבן פינף טויזנט פונט, אָבער אויך דאָס האָט נישט משפיע געווען, ווייל, ווי געזאָגט, נישט די געלט־פראַגע איז געווען דער אָפּהאַלט. אין די טעג פון סעמועל איז דער משא־ומתן נישט געקומען צו קיין ענדע.

אַז עס איז אָנגעקומען לאָרד פּלומער האָבן מיר פאַרשטאַרקט דעם דרוק. ישראל ראָזאָוו האָט אויפגעשטעלט אַ גאַנצן „דרוק"־אַפּאַראַט. אין תל־אביב איז געשטאַנען צו זיין דיספּאָזיציע אַן אַמט מיט כלערליי שטעמפּלען. דער דאָזיקער אַמט האָט אָנגעהויבן צו „פּראָדוצירן" מעמאָראַנדומס אין נאָמען פון קאָלאָניעס, אַנשטאַלטן, אונטערנעמונגען און פּערזענלעכקייטן. אַ רעגן פון אָנקלאַגעס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף פּלומערן. מעמאָראַנדומס און טעלעגראַמעס. סוף־כל־סוף איז אים נמאס געוואָרן די זאַך און ער האָט דעלעגירט צו אונז דעם מושל פון ירושלים, ער זאָל אויפן אָרט זען „הכצעקתה"; צי קאָן מען זיך ווירקלעך נישט באַנוצן מיטן פאַראַנענעם וועג? איך האָב באַשלאָסן צו לערנען מיט סטאָרסן אַ קאַפּיטל אין שאָסיי־אָנגעלעגנהייטן. איך האָב אָוועקגעשיקט זיין שאָפער מיט דער טעקסי, ער זאָל עפּעס צובייסן אין ראָזענבלומס רעסטאָראַן אויפן חשבון פון די גאַסט־געבער און דערנאָך האָב איך סטאָרסן געפירט אין אַ טעקסי, וואָס איז פריער באַשטימט געוואָרן פאַר דעם צוועק. אונזער שאָפער האָט גוט געקענט דעם וועג און נישט דורכגעלאָזט קיין איין גרוב ער זאָל נישט אַריין אין אים. סטאָרס איז זייער שנעל „איבערצייגט" געוואָרן און אָנגעהויבן ממש שרייען: „איך פאַרשטיי. זאָלן מיר זיך אומקערן!". און ער האָט גלייך אויפן פּלאַץ אונטערגעשריבן די באַשטעטיקונג צו לייגן דעם שאָסיי.

דאָ האָבן זיך פּלוצים די באַאַמטע, וואָס האָבן זיך ביז איצט קעגנגעשטעלט דעם גאַנצן ענין, דערמאָנט אין דער פאַרפליכטונג, וואָס אונזערע קאָלאָניעס האָבן געגעבן צו באַטייליקן זיך אין די הוצאות פון לייגן דעם שאָסיי מיט אַ סומע פון פינף טויזנט פונט, אָבער פּלומער, וועלכער איז געווען אַ מיליטער־מאַן, האָט נישט אָנגענומען דעם דאָזיקן דרייდל.

— צי וועלן אויף דעם דאָזיקן שאָסיי פאָרן בלויז יידן? — האָט ער געפרעגט.

— ניין, — האָט מען אים געענטפערט.

— די יידן צאָלן שטייערן און מען דאַרף ביי זיי נישט נעמען קיין צוגאָב־געלטער.

דעריבער, אָדער צוליב אַנדערע סיבות, האָט דער דאָזיקער שאָסיי באַקומען דעם נאָמען „פּלומער־שאָסיי".

## ז. אין קאמף מיט נישט-פארגינערס

פון ענין שאָסיי צום פּאַרקער־ענין, פון ענין געראַנגל מיט אויסער־לעכע פיינט צום געראַנגל מיט אייגענע נישט־פאַרגינערס.

וואָס איז אַ שאָסיי אויב מען פאָרט נישט אויף אים? צווישן תל־אביב און רמת־גן האָט קורסירט איין אויטאָ צוויי מאָל, אָדער דריי מאָל אין טאָג. אַנשטאָט זיך־פּלעצער זענען אין אויטאָ געווען ליידיקע נאָפּט־בלעכן. דער אויטאָ איז געקומען ביז „עלית" און פונדאַנען האָט מען געדאַרפט קלעטערן צופוס. אַ סך האָבן מוחל־געווען דעם דאָזיקן „פאַרגעניגן" און פלעגן גיין צופוס פון תל־אביב און קיין תל־אביב. אַזוי ווי עס איז נאָר געווען איין מאַשין אין דינסט, איז נישט קיין וווּנדער וואָס אין יעדער נסיעה זענען געווען צוויי־דריי פּאַנטשערס. און עס איז דאָך אַן אייביקער געזעץ: ווען טרעפן פּאַנטשערס? אין קאַלטע און רעגנ־דיקע ווינטער־נעכט.

מיר האָבן אָנגעהויבן קעמפן פאַר פאַרגרעסערן די צאָל אויטאָס. היינט הערט מען אָפט אָנקלאַגעס קעגן מאָנאָפּאָל פון פּאַרקער־געזעלשאַפטן. אָבער אַזעלכע מאָנאָפּאָלן האָבן שוין אויך דאַן עקזיסטירט, נאָר אין אַ באַשרענקטער פאָרם. עס איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן די, וואָס האָבן געהאַט און צווישן די, וואָס מיר האָבן געוואָלט, אַז זיי זאָלן האָבן. די איינוווינער פון שכונת באָראָכאָוו זענען געווען ביים רודער; די רמת־גנער — נישט. אַז עס זענען אַרויסגעפאָרן אונזערע אויטאָס, האָט די פּאָליציי פּלוצים באַקומען אַ ידיעה, אַז אויפן שאָסיי געפינט זיך אַ צעבראָכענע מאַשין און נישט איינמאָל אויך אַ פאַרוווּנדעטער רמת־גנער שאָפער. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט נישט געקאָנט אַנטדעקן די אומ־באַקאַנטע שולדיקע אין די פאָרפאַלן.

אין אַ צייט אַרום האָבן אויפגעהערט די סכסוכים. עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן „רגב" און „אחוד־רגב".

## ח. די לאקאלע זעלבסט-פארוואלטונג און די צענטראלע מאכט

פון דעם אַלעם וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן קאָן מען באַקומען

אַ פאָרשטעלונג ווי עס איז בערך געווען די באַציונג צווישן אונז און דער מאַכט. אויף וויפל עס איז געווען מעגלעך, האָבן מיר אַליין געטאָן און אויב עס איז נישט מעגלעך געווען און זי האָט זיך אויך קעגנגעשטעלט, מילא — האָבן מיר טראָץ דעם געטאָן. אַזוי למשל איז געווען איין געזעץ, וואָס מיר זענען אים אַרומגעגאַנגען כמעט די גאַנצע צייט. ממש ווי ער וואָלט נישט עקזיסטירט.

פערצן יאָר האָבן מיר געבויט אָן דעם „געזעץ וועגן שטאָטישער בויאונג״, אָן צו דערלאַנגען די בוי־פּלענער צו באַשטעטיקן דורך דער מאַכט. מיר האָבן זיך גוהג געווען לויט די געזעצן, וואָס מיר אַליין האָבן באַשטימט און די אייגנוויגער און די בויער האָבן זיך אונז אונטערגעוואָרפן. אויף אַזאַ אופן האָבן מיר געשאַפן אָן אייגענעם „געזעץ וועגן שטאָטישער בויאונג״. אַז מיר זענען זיך סוף־כל־סוף פונאַנדער־געוואָקסן און מען האָט שוין נישט געקאָנט מער באַהאַלטן דאָס גרויס־געוואָרענע „קינד״ הינטערן פאַרטוך, האָבן מיר גענומען אויף זיך די גזירה פון „פּלאַנירונג פון דער שטאָט־בויאונג״. אָבער אין דעם עקזיסטירנדיקן מצב איז עס נישט געווען מער ווי אַ דע־פאַקטאָ אָנערקענונג פון „אומגעזעצלעכן פּראָיעקט פון שטאָטישער בויאונג״, אָבער אַ פון פאָראויס רעגולירטער.

אַז דער דירות־מאַנגל איז דערגאַנגען צו זיין העכסטער שטופּע, האָבן מיר באַשלאָסן בויען און זאָל זיין וואָס עס וועט זיין. אויך בוי־שטייערן האָבן מיר באַקומען קעגן קבלות פון דער מועצה אויפן חשבון פון אַנטוויקלען רמת־גן, ווייל קיין אָפיציעלע בוי־דערלויבעניש האָבן מיר נישט געקאָנט געבן, אָבער די עיקר מעשה איז געווען ערשט נאָכן אָנהייבן בויען, אַ מעשה מיט משפטים.

פרידנס־ריכטער איז דאָן געווען איינער, וואָס עס איז אַ גרויסער ספק, צי ער וואָלט מסכים געווען היינט, אַז עמיצער זאָל מאַכן קעגן אים אַזאַ קנוניה ווי ער האָט געמאַכט מיט אונז קעגן די ענגלישע קרייז־אַמטן. זיין נאָמען איז בכור שיטרית — דער איצטיקער פּאָליציי־מיניסטער.

אַזאַ איז די מעשה: אַז עמיצער האָט אָנגעהויבן בויען „אָן אַ דערלויבעניש״, איז ער געבראַכט געוואָרן פאַרן געריכט און מען האָט אויף אים אַרויפגעלייגט אַ שטראָף פון צען פונט פאַר יעדן „אומגעזעצלעכן״ צימער. דאָס געלט האָט, פאַרשטייט זיך, באַקומען די קאַסע פון דער עיריה. דער פרידנס־ריכטער בכור שיטרית האָט זיך נישט באַגנוגנט מיטן קנס,

נאָר האָט אויך צוגעגעבן צום אורטייל אַ שאַרפן פאָרוואורף בזו הלשון:
„עס איז אויף דיר אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ שטראָף פון צען פונט פאַר בויען אַ צימער אָן אַ דערלויבעניש און זיי געבענטשט, וואָס דו האָסט געבויט אַ שטוב און אַ דאַך איבערן קאָפּ פאַר נאָך אַ יידישער משפחה".

אַזוי זענען אויפגעשטעלט געוואָרן 60 הייזער (600 פונט) און די זאַך האָט אָנגעהויבן מאַכן אַן איינדרוק, אויף מיר אומבאַדינגט אַ גוטן איינדרוק, אָבער נישט אויפן וויצע־דיסטריקט־קאָמיסאַר, וועלכער איז געווען באַפּולמעכטיקט איבער די ענינים פון דער „שטאַטישער בויאונג" און ער האָט אָנגעהויבן פרעגן קשיות — מער ווי פיר. מיר האָבן אים געענטפערט פשוט: מיר זענען געווען שקלאַפן פונעם געזעץ, מיר האָבן די אומגעזעצלעכע בויער געבראַכט פאַרן געריכט, מיר האָבן זיי באַשטראָפט לויטן געזעץ און וואָס קאָן מען נאָך טאָן?

דאָס דאָזיקע אַוועקשטעלן די מאַכטהאָבער פאַר געשעענע פאַקטן, האָט זיי אַרויסגעבראַכט פון די כלים. נישט איין מאָל זענען געגעבן געוואָרן באַפעלן פאַנאַנדערצולייגן אויפגעשטעלטע געביידעס. און מען האָט געדאַרפט צוטראַכטן פאַרשידענע תחבולות, כדי זיך אַרויסצודרייען פון די באַפעלן. און ווידער איז אָנגעגאַנגען אַ וועט־לויף צווישן יידן, וואָס בויען, און אַ באַאַמטנטום, וואָס איז הינטערשטעליק מיט אירע גזירות.

קיין נחת האָבן מיר נישט געקליבן פון דעם דאָזיקן געראַנגל, אָבער עס איז געווען די סאַטיספאַקציע פון בויען, פונאַנדערוואוקס, אָפּגעזעען די געזעצן פון „שטאַטישער בויאונג".

ערגער פון דעם זענען געווען די אינערלעכע סכסוכים, וואָס זענען דערגאַנגען צו דעציזיעס פון אויסערלעכע פאַקטאָרן.

עס איז געווען אַ צייט ווען די לינקע האָבן געהאַט אַ מערהייט אין דער מועצה און איך בין געווען פאָרזיצער פון דער מועצה. אַזוי ווי איך האָב מער געזאָרגט פאַר בויען ווי פאַר פּאָליטיק, האָב איך נישט שטענדיק געקאָנט מקפיד זיין, צי דאָס וואָס איך טו, איז אין איינקלאַנג מיט דער מיינונג פון דער מערהייט, אָדער נישט. איינמאָל פאַר די וואַלן, האָט די מערהייט באַשלאָסן אויסצודריקן מיר אומצוטרוי און איך האָב זיי געענטפערט מיט — אַ געלעכטער, ווייל עס איז מיר קיינמאָל אויפן געדאַנק נישט געקומען צו טראַכטן, אַז זיי האָבן צו מיר „צוטרוי". זיי האָבן נישט געוווסט ווי זיך אַרויסצודרייען פון דעם ענין און זענען געלאָפן צום דיסטריקט־קאָמיסאַר, קראָסבי, וועלכער איז געווען געצוווּנגען געבן זיי צו פאַרשטיין, אַז אַ מועצה איז נישט קיין פּאַרלאַמענט און דער פאָרזיצער פון דער מועצה האָט נישט נויטיק מען זאָל אים אויסדריקן צוטרוי.

איינמאָל בין איך געווען געצווונגען אויפצושטעלן איבער נאַכט אַ „נייע" מועצה, אַ מועצה „אַד האָק".

דער דיסטריקט־קאָמיסאַר קראָסבי האָט אונז מיטגעטיילט, אַז סטאָרס, דער דיסטריקט־קאָמיסאַר פון ירושלים, האַלט ביים פאַרלאָזן דאָס לאַנד און אַזוי ווי רמת־גן האָט אַמאָל געהערט צום ירושלימער דיסטריקט, וויל ער זיך מיט אונז געזעגענען.

פון שושקערייען פון מויל צו אויער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די מועצה־מיטגלידער זענען נישט איבעריק געניגט איינצואָרדענען אַ קבלת־פנים, וואָס זאָל זיין אַ כבוד פאַרן גאַסט, פאַרן גאַסט־געבער און אויך איך האָב נישט געהאַט קיין איבעריקע התלהבות פאַר דעם „יום־טוב". אָבער עס האָט עפּעס געהאַלטן ביים פּאַסירן. איך בין געווען פאַראינטערעסירט, אַז אַלץ זאָל לפּחות דורכגיין מיט אויסערלעכן עטיקעט. עס זענען געווען קלאַנגען, אַז סטאָרס וועט צוריקקומען אין לאַנד אַלס הויך־קאָמיסאַר און וואַרשיינלעך וואָלט דאָס געשען, ווען נישט דער צופאַל וואָס האָט מיט אים פּאַסירט אין ציפּערן, וואָס מען האָט אונטערגעצונדן זיין הויז און ער איז אַנטלאָפן קוים מיטן לעבן.

איך האָב זיך דעצידירט אויף אַ געוואַגטער זאַך. איך האָב געבעטן דעם סעקרעטאַר ער זאָל צו אַ באַשטימטער שעה צונויפרופן צען יידן מיט אַ רעפּרעזענטאַטיוון אויסזען, שבתדיק געקליידעט, בקיצור: זיי זאָלן מאַכן אַ רושם. אויף דער פראַגע פון סעקרעטאַר „נאָך וואָס?" האָב איך קורץ געענטפערט: מען וועט זען".

סטאָרס איז געקומען און צוזאַמען מיט אים זיבן טעקסיס מיט באַ־גלייטער פון ירושלים און קרייז־באַאַמטנטום. קיין איינער פון די מועצה־מיטגלידער איז נישט געווען. ווען די פמליא איז אָנגעקומען אויפן פּלאַץ, האָב איך אָװעקגעשטעלט די צען איינגעלאַדענע יידן און פאָרגעשטעלט זיי פאַר סטאָרסן אַלס מיטגלידער פון דער מועצה. ער האָט יעדן איינעם געדריקט די האַנט און מיר האָבן זיך אויך צוזאַמען פאָטאָגראַפירט: די גאַסט, דער פאָרזיצער פון דער מועצה און די נייע רמת־גנער מועצה, וואָס איז געבוירן געוואָרן איבער נאַכט...

## ט. דורכברעכן!

מיר האָבן באַשלאָסן, אַז וואָס עס זאָל נישט זיין: דאָס דאַרף וועט ווערן אַ שטאָט! און דווקא אַ שיינע און רחבותדיקע שטאָט. וואַרטן אויף אַ באַ־פעל, אָדער אויף אַ דערלויבעניש פון אויבן, האָט נישט געהאַט קיין זין. „עת לעשות — הפרו תורתך", האָבן געזאָגט אונזערע חכמים. און אויב

מיט דער תורה אַזוי, איז דאָך מיט פרעמדע געזעצן אוודאי און אוודאי.

אָבער די הויפּט־שוועריקייטן זענען געקומען נישט דווקא פון אויבן, זיי זענען געווען איז דער ווירקלעכקייט. די ערשטע, וואָס האָבן געבויט רמת־גן האָבן נישט געטראַכט, נישט וועגן קיין שטאָט און נישט וועגן רחבות. דעריבער זענען די גאַסן געווען ענגע און די הייף אַרומגענומען מיט בעטאָן צוימען, וואָס זאָגן־אָן תקיפותדיק: ריר מיך נישט אָן. ווער עס האָט מעגלעכקייטן צו בויען אַלץ לויט אַ פון פריער באַשטימטן פּלאַן — איז אים נישט שווער די זאַך. עס איז ווי מענטשן זאָגן: „דער גביר האָט אַלץ בזיל־הזול, ווייל ער מאַכט אַלץ פאַר אַמאָל". ווען מיר וואָלטן געבויט און געמאַכט צוזאַמען די הייזער מיט די שאָסייען און די טראָטואַרן און געפלאַנצט אין זיי די ביימער, וואָלטן מיר זיך אייַנגעשפּאָרט סיי מי, סיי געלט, סיי פּאַרדוס און אומצופרידנקייט. נאָר אַזוי ווי רמת־גן איז געבויט געוואָרן נישט מיט קיין געלט פון גבירים און נישט מיט געלט פון פאָנדן און אינסטיטוציעס, נאָר מיטן געלט פון פשוטן מענטש און דעם יחיד אין ארץ־ישראל, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן ווען מיר זענען געקומען ברייטער מאַכן די גאַסן.

פון ביידע זייטן גאַס האָבן דאָך געוווינט מענטשן און פאַר יעדן הויז זענען דאָך געפלאַנצט געוואָרן ביימער, וואָס מען דאַרף זיי אויסרייסן און איבערטראָגן. דעם ווייטיק איבער אַזאַ זאַך דאַרף מיר קיינער נישט קו־מען דערציילן — איך האָב אַלץ דורכגעמאַכט און דורכגעווייטיקט. אויך מיין הויז האָט דאָס געטראָפן און דעם טאָג ווען מען האָט געדאַרפט אויסרייסן מיינע ביימער, בין איך אַוועק פון שטוב, כדי נישט צוזען דעם צער פון אַ בוים, וואָס איך האָב אים געפּלעגט צוויי צענדליק יאָר. וועלכער מענטש וועט דאָס שטיין און צוקוקן זיך מיט אַ לייכט האַרץ צו דער צעשטערונג פון זיין הויז, פון זיין גאָרטן?

אָבער מיר האָבן גובר געווען דאָס דאָזיקע געפיל און דווקא ווייל מיר האָבן צוגעזען דעם גרויסן צער האָבן מיר באַשלאָסן פאַרצוזעצן און אויסברייטערן די פּלענער. אויב מיר האָבן צוערשט געזאָלט אויסברייטערן נאָר איין גאַס, זענען מיר בשעת מעשה געקומען צו דער מסקנה: מיט יעדן יאָר וואָס גייט פאַריבער וועט גרעסער ווערן דער צער. איז בעסער וואָס פריער אויסצוברייטערן וואָס מער גאַסן, כדי אייַנצושפּאָרן אַ נאָך גרעסערן צער אין אַ צייט אַרום.

אין אַזאַ אַלגעמיינער זאַך, וואָס קומט אין צוזאַמענשטויס מיט איג־טערעסן פון פּרט, אַנטפּלעקן זיך די אייגנשאַפטן פונעם מענטש. איך האָב געזען אין זייער קליינלעכקייט מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען און גע־קריגט זיך איבער צען סענטימעטער באָדן, קנאה און שנאה צווישן שכנים.

און איך האָב געזען מענטשן אין זייער גרויסמוטיקייט — משפחות פון ותיקים, און זיי האָבן דאָך אַממערסטן געליטן, ווייל ביי זיי זענען אויס־געריסן געוואָרן מער יאָרן פראַצע, טיפערע וואָרצלען. און ווען מיר זענען געקומען פלאַנצן נייע בוימער אויף די אויסגעברייטערטע גאַסן האָבן די דאָזיקע מענטשן אָנגעטאָן שבתדיקע מלבושים, אַרויסגעטראָגן טישן אויף די גאַסן און אָנגעשטעלט אויף זיי מכל טוב, ווי אין אַ יום־טוב.

אויך ווען איינער טוט אַ זאַך נישט פאַר זיין טובה וועגן, נאָר לטובת דעם כלל, און ער איז געצוווּנגען — און על פי רוב איז עס אַזוי — איבער־צושרייטן עמיצנס גרענעץ, אַוועקנעמען עפּעס פון עמיצן, פאַרשאַפט דאָס נישט קיין איבעריקן פאַרגעניגן. דער רשות הרבים פאָדערט קרבנות פונעם רשות היחיד, און פונדעסטוועגן איז פאַר יעדן מענטש דער רשות היחיד ווי אַ מין היילקטום, וואָס מען דאַרף אַכטן און מען דאַרף האָבן צער אויב מען האָט נישט קיין ברירה און מען מוז עפּעס צונעמען ביי אים. דעריבער איז עס אַ דאָפּלטע דערמוטיקונג פאַר אַ געזעלשאַפט־לעכן טוער, אויב ער טרעפט זיך נישט אָן מיט אַ פאַרדראָסיק פּנים, אויב ער געפינט פאַרשטענדעניש און גוטן ווילן. עס איז אים לייכטער צו זיין אָן אכזר ווען די טובה פונעם כלל פאָדערט אכזריות. ווי לעבעדיק שטייט פאַר מיינע אויגן אַזאַ מין „גזלה"־אַקט, ווי דער, וואָס מיר זענען געווען געצוווּנגען דורכצופירן. עס איז אַ מעשה מיט אַן אָפּשניט פון דער הערצל־גאַס צווישן ככר רמב"ם און חלום, וואָס איז געווען אַזוי קרום, אַז ער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ סכנה פאַרן פאַרקער. איך האָב באַ־שלאָסן אויסצוגלייכן די גאַס און אַזאַ זאַך מוז דאָך עמיצן אָנרירן. איז געפאַלן דער גורל אויף דער משפחה צביק ארצי, אַז דאָס אויסגלייכן די גאַס זאָל ביי איר אַוועקנעמען אַ שפּאַר שטיקל באָדן.

איך בין נישט געווען רואיק, איך בין אַוועק זען דאָס אָרט, לויט די סימנים פונעם אויסגלייכן.

די איבערלעבונג איז געווען אַזאַ טיפע, אַז איך געדענק נאָך אַלץ ווי עס וואָלט נעכטן פאַסירט. עס איז געווען אַ פאַרוואָלקנטער און רעגנ־דיקער טאָג, איך האָב געטראָפן די גאַנצע משפחה צביק מיט די קינדער און איידעמס שטיין פאַרן הויז און עס איז נישט שווער געווען צו פאַר־שטיין וואָס זיי לעבן איבער. פּלוצים הער איך ווי די פרוי צביק זאָגט צו דער גאַנצער גרופּע:

„קינדער, איר האָט דאָך געוואָלט גיין צום ראש המועצה: אָט שטייט ער פאַר אייך"!

דערנאָך האָט זי זיך געווענדעט צו מיר:

„צי איז נישט פאַראַן קיין מעגלעכקייט אויסצוגלייכן די גאַס אַזוי

אַז מען זאָל נישט דאַרפן צונעמען פון אונז אַזאַ שטיק באָדן?".

„צי מיינסטו, אַז ווען מיר וואָלטן געקאָנט אַנדערש דאָס מאַכן וואָלטן מיר גענומען אייערס?".

זי האָט מער נישט געפרעגט, נישט דיסקוטירט, זי האָט זיך געווענדעט צו דער משפחה און געזאָגט:

„איר האָט געהערט? הער קריניצי זאָגט, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין אַנדער מעגלעכקייט. גייט בשלום אַהיים". און די „דעמאָנסטראַציע", וואָס איז געווען גרייט לאָזן זיך צו מיר, איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען אָן טענות.

דאָס איז געווען אַ ביישפּיל פון טריישאַפט צו דער שטאָט און פון צוטרוי צו מיר. אַזעלכע מעשים האָבן מיר געגעבן דעם כוח פאָרצוזעצן דאָס שענער מאַכן, דאָס אויסברייטערן רמת־גן.

אַן אַנדער פאַל איז געווען מיט אַ ייד, וואָס האָט געפּרוווט גיין מיטן כוח פון געזעץ, ווייל אַלץ וואָס איך האָב געטאָן מיטן צעשטערן און בויען, איז דאָך נישט געטאָן געוואָרן געזעצלעך. האָט דער דאָזיקער ייד געפּרוווט ברענגען מיך פאַרן געריכט. דער משפט איז באַשטימט געוואָרן אויף מאָנטיק. איך האָב זיך צוגעאיילט און זונטיק אָפּגעטאָן ביי אים, וואָס מען האָט געדאַרפט טאָן. צומאָרגנס, מאָנטיק, האָט ער אָנגענומען מיין „אורטייל" און מוותר געווען אויפן אורטייל פונעם ריכטער.

אויב לויטן געזעץ פון שטאָטישער בויאונג האָט אַ גאַס נישט גע־טאָרט האָבן מער ווי אַכט און אַ האַלבן מעטער די ברייט האָב איך דען נישט צוגעגעבן צו דעם אַנדערהאַלבן מעטער אויפן סמך פון אונזער אייגענעם פּריוואַטן־עפנטלעכן רמת־גנער געזעץ פון שטאָטישער בויאונג? און אויב צום צ"ים פון פרעמדן געזעץ האָב איך זיך אויך אָנגעטראָפן אויף צעמענט־, אָדער אייזן־אַרומצוימונגען פון בעלי־בתים און אינזשינירן, וואָס זענען געשטאַנען און געפרעגט: וואָס זאָל מען טאָן? האָב איך פשוט געענטפערט: דורכברעכן!

געוויס זענען געווען פיל אומצופרידענע. אָט איז איינער געבליבן מיט זיין הויז אויף אַ באַרג־אַראָפּ און ביי אַ צווייטן זענען מיר געווע־ געצוווּנגען צו גראָבן אונטער זיין הויז. עס האָט זיך באַקומען, אַז ביי־ אײנעם איז זיין שטוב איבע"ן שאָסיי, ביי אַ צווייטן אונטערן שאָסיי, וואָס גרייכט כמעט ביז צו זיין דאַך (זעט דעם שאָסיי זשאַבאָטינסקי־מאָנטע־פיאָרי). נאָר אַזאַ איז דער שטייגער פון דער וועלט. דער פּרט דאַרף זיך איינשרומפּן פאַרן כלל, און אין ענדגילטיקן רעזולטאַט קומט אויס, אַז אויך זיין פאַרלוסט ווערט בטל אינעם נוצן, וואָס באַקומט זיך. די ברייט־קייט פון די שאָסייען און טראָטואַרן האָט נישט איין קינד און נישט איין דערוואַקסענעם געראַטעוועט פון אַן אומגליק־פאַל; אַזוי אַרום האָבן מיר

אויפגעהאַלטן וועלטן גאַנצע. ראַטעוועגדיק מער ווי איין יידיש נפש.

די אַלע אינזשיניערן, וואָס אין קעגנזאַץ צו זייער מיינונג האָב איך באַשלאָסן אויסצוברייטערן גאַסן, און די אַלע בעלי־בתים, וואָס האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט פאַרדרוס אויף מיר, פאַרוואָס איך בין אַריין אין זייער רשות — אַלע, אַלע האָבן מיר געוויס מוחל געווען, אָדער וועלן מיר מוחל זיין מיין תקיפות און עקשנות: אַלץ וואָס איך האָב געטאָן, האָב איך געטאָן נאָר פאַר דער שיינקייט און וווּל פון אַ יידישער שטאָט.

נישט געקוקט אויף די דאָזיקע אַלע שוועריקייטן, מוז איך זאָגן: עס איז נישט ריכטיק וואָס מען האָט אויסגעטראַכט אויף יידן, אַז זיי זענען אַ „שווער" פאָלק און עס איז שווער צו הערשן איבער זיי. אין פיל אַלטע שטעט און קאָלאָניעס (פתח תקוה, חדרה, ראשון־לציון, רחובות) זענען נאָך פאַראַן אייגענע היפּאָטעק־ביכער, אָן וועלכן עס איז אָפיציעלן באַ־שטעטיקונגס־דאָקומענט פון דער מאַנדאַט־רעגירונג, און די איינוווינער האָבן זיי געהיטן אויס אינער־לעכער דיסציפּלין. שטאָטלעכקייט נאָך פאַרן שטאָט. פון דעם, און שטיצנדיק זיך אויף מיין דערפאַרונג, האָב איך גע־ענטפערט די אַלע, וואָס זענען געקומען צו מיר פון אַנדערע מקומות און געפרעגט: ווי אַזוי האָסטו באַוויזן דאָס צו מאַכן? ווי אַזוי האָסטו אויס־געברייטערט? ווי אַזוי האָסטו גובר געווען שוועריקייטן? ווי אַזוי? — מיטן כוח פון דער נויטווענדיקייט און געוואַגטקייט.

מען דערציילט וועגן ליובאַוויטשער רבין, אַז קומענדיק קיין אַמעריקע האָט ער זיך באַזעצט דווקא אין אַ נישט־רעליגיעזן וווין־קוואַרטאַל, כדי דאָ צו פּראַוועןן און צו פאַרשפּרייטן חסידות. האָבן חסידים, פון צווישן די אָרטיקע איינוווינער, אים געזאָגט: רבי, עס איז נישט מעגלעך איר זאָלט דאָ מצליח זיין. האָט ער זיי געזאָגט: פונוואַנען ווייסט איר דאָס? איר האָט שוין פּרובירט?...

## י. פינאַנסן און געלט

עפּעס — וועגן אונזערע „פינאַנסן"... אָן געלט. איך האָב שוין אויבן דערמאָנט דעם ענין „קוויטלעך". דאָס איז געווען „אַנשטאָט" געלט, ווייל געלט ממש איז נישט געווען. די איינוווינער פלעגן צאָלן זייערע שטייערן מיט באַנקנאָטן פון צוויי און דריי פונט. מיט די דאָזיקע באַנקנאָטן פלעגן מיר צאָלן אונזערע לערער און באַאַמטע. די דאָזיקע באַנקנאָטן זענען געווען גאַנגבאַר אויפן אָרט.

אָבער דער עיקר־דיקער פינאַנס־מיטל זענען געווען די קוויטלעך. די מועצה פלעגט זיי געבן די קרעמער, מילך־הענדלער, שניידער, שוסטער,

יעדן איינעם, וואָס האָט געהאַט וועלכן עס איז פאַרמעגן און האָט געדאַרפט צאָלן שטייערן. אויך אַלע אירע קניות האָט די מועצה געמאַכט מיט קוויט־לעך. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַ טאַריף: די דיסקאָנטע האָט באַ־טראָפן דרייסיק פראָצענט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נאָר געווען נוגע די הוצאות פון דער מועצה. דאַקעגן פלעגן די מועצה־מיטגלידער צאָלן מזומן געלט, אַ גרוש, אָדער צוויי, פאַר דער טיי, וואָס זיי פלעגן טרינקען, צו קויפן צוקער. פאַר דעם האָט מען נישט געצאָלט מיט די קוויטלעך פון דער מועצה.

## יא. כמעט אן אקושערין

ווי אַזוי איך בין כמעט געוואָרן אַן אַקושערין? — אַלץ צוליב מיין „אויטאָמאָביל".

דער דאָזיקער אויטאָמאָביל איז געווען דער ערשטער אין רמת־גן. נישט קיין „קרייזלער", חלילה, נאָר אַ נעבעכדיקער „אָפּעל" פון פיר פערד־קראַפט, וואָס אויס חוזק האָט מען אים גערופן „פרימוס". אויב ער פלעגט קאַליע ווערן, פלעג איך אים איבערלאָזן אין מיטן גאַס אָן דעם מינדסטן חשש טאָמער וועט זיך עמיצן פאַרגלוסטן אים צוגנבענען, אָדער צוגנבע־נען טיילן פון אים. עס זענען דאָך נישט געווען קיין גאַנצע אויטאָמאָבילן, צו וואָס דאַרף מען צונעמען טיילן?

פונדעסטוועגן איז באַשערט געווען מיין „פרימוס" צו דערפילן אַ באמת בכבודיקע מיסיע.

די מענטשן האָבן, אַפּנים, געהאַלטן, אַז כאָטש איך בין אַ מועצה־פאַרזיצער אָן געהאַלט, פונדעסטוועגן איז מיין אויפגאַבע צו פירן פון רמת־גן אין „הדסה"־שפּיטאָל אין תל־אָביב יעדע פרוי, וואָס דאַרף ברענ־גען אַ קינד אויף דער וועלט.

און ווען „פאַרגלוסט" זיך אַ פרוי צו געבוירן אַ קינד? נישט ביינאַכט? און ביינאַכט איז, ווי באַוואוסט, נישטאָ די געוויינלעכע פאַרבינדונג. טייל־מאָל קאָן די פרוי אויך בייטאָג נישט וואַרטן ביז צו דער שעה, ווען עס קומט דער אויטאָבוס, וואָס פאָרט אַרויס יעדע צוויי אָדער דריי שעה, און ער וועט זי דאָך אויך נישט ברענגען ווייטער ווי ביז „עלית".

אַזוי צי אַזוי האָט זיך איינגעשטעלט אַ מנהג: אַז אַ פרוי האַלט ביים געבורט, אַלאַרמירט מען דעם ראש המועצה און ער פירט זי אַוועק אין „הדסה". אויב דאָס פּאַסירט אין מיטן אַ זיצונג, לייגט מען אָפּ די זיצונג. און אויב איך בין ערגעץ־ווו אויף אַ באַזוך, האָט מען געוווסט ווו און מען

האָט מיך אָפּגעפּונען. דאָס איז געווען נאַטירלעך און זעלבסטפאַרשטענדלעך: דאָס איז מיין אויפגאַבע.

אַלס ביישפּיל וועל איך אויסקלייבן בלויז צוויי פאַלן פון מיין „פּראַקטיק" אין „קימפּעטאָרין־טראַנספּאָרט".

שפּעט ביינאַכט האָב איך זיך צוריקגעקערט פון אַ פאָרשטעלונג פון „הבימה" אין תל־אביב. עס איז איינס ביינאַכט, אַ פינצטערע נאַכט מיט אַ געדיכטן נעפּל. שווער צו פאָרן, ווייל דאָס ליכט אין מיין אויטאָ איז ווי די שיין פון אַ ליכטל ממש. ווי נאָר מיר האָבן זיך אויסגעטאָן — מען קלאַפּט. וואָס איז? פאַרשטייט זיך — אַ פרוי גייט צו־קינד. איך וועל נישט זאָגן, אַז איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט מיט דעם גאַסט. איך האָב פּרובירט אים שיקן צום אויטאָבוס. אָבער עס איז קלאָר געווען, אַז ער וועט נישט פאָרן, פּשוט אויס אַ־נערצייגונג, אַז די דאָזיקע „בכבודיקע אויפגאַבע" געהערט דעם ראש המועצה. מיין פרוי, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פרוי אין אַזאַ פאַל, האָט מיך איבערצייגט, אַז איך דאַרף פאָרן און זי וועט, פאַרשטייט זיך, באַגלייטן מיך צוליב דער פינצטערניש אין דרויסן.

בערך האַלב פיר זענען מיר אָנגעקומען אין שטאָט. געזעגענענדיק זיך מיט דער קימפּעטאָרין און איר מאַן, האָב איך געזאָגט:

— מילא, אַ גאַנצע נאַכט בין איך נישט געשלאָפן, איר זאָלט מיר כאָטש לפּחות מודיע זיין, אויב עס וועט געבוירן ווערן אַ זון.

מיר האָבן זיך אומגעקערט אַהיים און אַנטשלאָפן געוואָרן. ווידער קלאַפּט מען אין טיר. וואָס איז?

דער „יעקע" איז אַ פּינקטלעכער און ווייס וואָס עס איז אַזוינס אַ פליכט: ער איז געקומען אויף אַ וועלאָסיפּעד אָנזאָגן אונז די בשורה:

„מזל טוב, עס איז געבוירן געוואָרן אַ זון".

דער צווייטער ביישפּיל:

אַ פרוי וואָס האַלט ביים געבורט קומט צו מיר נישט ווען עס איז ביי מיר שפּעט, נאָר ביי איר איז שוין שפּעט. דער סוף איז געווען, אַז זי האָט דאָס קינד געבוירן ביי מיר אין „פּרימוס". אין אַוועקבאַכס שפּיטאָל האָבן מיר אַרויסגענומען די קימפּעטאָרין מיטן מיידעלע. קיינער וועט נישט חושד זיין, אַז די היגיענישע באַדינגונגען אין מיין אויטאָ זענען געווען ערשטקלאַסיקע. און טראָץ דעם האָט גאָרנישט פּאַסירט. דאָס מיידעלע האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן מזל, און זי איז אַ גרויסן קינד און אַ גוטע שילערין אין אונזער שולע.

און איצט זאָגט מיר: צי האָט נאָך עמיצער צוגעזאָגט פאַר די וואַלן, אַז ער וועט אויך זיין אַן „אַקושערין", אויב מען וועט אים אויסוויילן אַלס ראש המועצה?...

# יב. וויזיטן פון הויך-קאָמיסאַרן

איך האָב נישט געקענט גערן געזען די הויך־קאָמיסאַרן, נישט די „גוטע" און אַוודאי און אַוודאי נישט די „שלעכטע". אָבער צוליב מיין אַמט אין דער מועצה פלעג איך זיך צונויפטרעפן מיט זיי בעת זייערע באַזוכן. אָט זענען אייניקע איינדרוקן, וואָס איך האָב פון זיי אַרויסגעטראָגן.

דער ערשטער, מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט, איז געווען פלומער. דאָס איז געווען בעת זיין באַזוך אין מיין פאַבריק אויף הערצל־גאַס.

דאָס וואָס איז געווען אַמבולטסטן אין אים, איז געווען — זיין אויסערלעכקייט. אפשר איז דאָס צוליב מיין נייגונג צו מיליטאַריזם, אָבער ער האָט געמאַכט אויף מיר אַ גוטן איינדרוק: אַן אמתער גענעראַל. זיינע פראַגן — נישט פון קיין דיפּלאָמאַט. פשטות און גראָדליניקייט. איך האָב אויסגענוצט די דאָזיקע פשטות און די דאָזיקע ערלעכקייט און אָפּגעצאָלט אים מיט דער זעלבער מטבע. דאָס איז נישט געפעלן געוואָרן זיין באַגלייטער, סטאָרס, וואָס פלעגט מיר געבן אָנצוהערן, אַז איך זאָל מקצר זיין, ווייל „דער הויך־קאָמיסאַר איז מיד". אָבער ער איז באַשטאַנען דערויף, אַז איך זאָל אים אַלץ געבן צו דערקלערן, ער האָט אַלץ געוואָלט וויסן.

ווי אַ גענעראַל פון זיין נאַטור, האָט ער ליב געהאַט די שיינע האַלטונג, דעם ווי עס דאַרף צו זיין פאַרבונדענעם קראַוואַט און גלאַט־ראַזירטן פנים. אָבער דוכט זיך מיר, אַז דאָס אַלץ האָט ביי אים געהויזט צוזאַמען מיט אינערלעכער ריינקייט און ערלעכקייט.

איינמאָל האָט מיר אָרלאָזאָראָוו מודיע געווען טעלעפאָניש, אַז דער הויך־קאָמיסאַר אַרטור וואוקאָפּ קלייבט זיך באַזוכן רמת־גן. „דו דאַרפסט אים אויפנעמען און באַמיען זיך אים איבערצייגן מיט פאַקטן, אַז דאָס באַזעצן אַ משפחה און פאַרזיכערן איר עקאָנאָמישע באַזע אין אַ קליינעם משק פאָדערט נישט מער ווי 250 ביז 300 פונט. די אַדמיניסטראַציע טענה'ט, אַז צו דעם איז נויטיק פינף הונדערט פונט און לויט דעם וויל ער באַשטימען דעם סערטיפיקאַטן־שעדיול. דו דאַרפסט, אַלזאָ, איבערצייגן אים, אַז עס איז נישט אַזוי. איך פאַרלאָז זיך אויף דיר. איך וועל נישט קומען, כדי עס זאָל אָפּגעהיט ווערן דער ספּעציפישער כאַראַקטער פונעם באַזוך — דאָס באַקענען זיך מיט ווירטשאַפטלעכע פראַגן — אָן דעם פּאָליטישן כאַראַקטער".

איך האָב וואוקאָפן מקבל־פנים געווען און אים געפירט איבער די קליינע ווירטשאַפטן, וואָס זענען דאַן געווען ביי אונז אין אַ גרויסער צאָל. אין אַזאַ טיפּישן משק זענען געווען קי, טרוסקאַווקעס, ירקות. די אייגנטימער פון די ווירטשאַפטן האָבן אויף די פראַגן וואָס מען האָט זיי גע־

שטעלט, געענטפערט געגני אַזוי ווי מיר האָבן אָפּגערעדט: די התחלה איז געווען מיט 250 ביז 300 פונט.ווירקלעך, די דאָזיקע סומע איז נישט געווען צו שטאַרק איבערגעטריבן.

וואוקאָפּ איז געווען זייער באַאיינדרוקט פון דעם, וואָס ער האָט געזען און ער האָט מיר געזאָגט:

— זע, איך האָב באַדן אין מיין היים, נעבן לאָנדאָן. ווען איך האָב זיך אָפּגעגעבן מיט טאָמאַטן איז דער מאַרק געווען פאַרפלייצט מיט טאָמאַטן, צען פונט האָט מען געקאָנט קויפן פאַר זעקס פענס, און איך האָב נישט געזען קיין ברכה אין מיין אַרבעט.

האָב איך אים געענטפערט:

— זיי דאָ, טרעפן צו מיט זייערע ירקות צו דער ריכטיקער צייט — פריער אָדער שפּעטער — און שטופן זיך נישט צום סעזאָן, ווען דער מאַרק איז פאַרפלייצט דורך די גרויסע ווירטשאַפטן. אַזוי אַנטוויקלען זיי זיך. ווייזט אויס, אַז דו ביסט נישט קיין גוטער גערטנער. מען זאָגט, אַז דו ביסט אַ בעסערער הויך־קאָמיסאַר ווי אַ ירקות־ציכטער.

ער האָט הנאה געהאַט פון מיינע ווערטער און זיי איבערגעזאָגט זיין שוועסטער. ער האָט אַ פרעג־געטאָן:

— צי האַלטן אַלע אַזוי, אָדער איז דאָס בלויז דיין מיינונג?

— מיר האָבן אַזאַ געפיל.

— פאַרוואָס?

— ווייל מיר זעען אַ סך יידן קומען אין לאַנד.

ער האָט געשמייכלט. איך האָב אויסגענוצט די גינסטיקע שטימונג און פאַרגעזעצט:

— דו ווילסט, קאָן איך דיר ווייזן אַ משק, אין וועלכן עס איז איינגעוועסטירט געוואָרן צוואַנציק טויזנט פונט און זיי זענען פאַרשווענדעט געוואָרן דורך קינדער פויליאַקעס.

— אַזעלכע האָבן מיר אויך אין ענגלאַנד — האָט ער געזאָגט.

— נישט דאָס געלט באַשטימט, נאָר דער מענטש און די ענערגיע.

צוויי וואָכן נאָך דעם דאָזיקן באַזוך איז אַרויס דאָס געזעץ וועגן דעם בריטיקן מינימום אויף אויפצושטעלן אַ קליינע ווירטשאַפט — 250 פונט.

פון דאַן אָן פלעגט ער קומען צו אונז זייער אָפט.

אין די טעג פון די בלוטיקע אומרועו איז ער פלוצים דערשינען און זיין אויסזען האָט אויף אים עדות געזאָגט, אַז ער איז אינערלעך צעבראָכן. זיין לבוש איז געווען צעקנאָדערט און אָפּגעלאָזן, און מיט אַ פאַרצווייפלט קול האָט ער געפרעגט:

— ווי לאַנג נאָך וועט זיך גיסן בלוט אין לאַנד?

— דו ביסט דער הויך־קאָמיסאַר, דו האָסט די מאַכט און מיליטער, און דו פרעגסט מיך ?

— גלויב מיר, ווען איך זאָל האָבן דעם כוח, וואָלט איך פאַרמיטן בלוט־פאַרגיסונג.

איך האָב נישט געוווסט: גלויבן אים, אָדער נישט — —

מיט זיין מיליטערישער האַלטונג איז צו פלומערן געווען ענלעך לאָרד גאָרט. בעת זיין באַזוך האָט ער אוועקגעשיקט זיינע באַגלייטער עסן, זאָגנדיק: „נישטאָ וואָס מורא צו האָבן, איך בלייב מיט קריניצי״.

דאַקעגן האָט זיך נישט גוט געפילט ביי אונז דער הויך־קאָמיסאַר מעק־מייקל.

איין מאָל האָט ער אָפּגעשטאַט ביי אונז אַ וויזיט און מער איז ער נישט געקומען. וויזיט אויס, אַז ער האָט דערשמעקט אין דער לופט, אַז דער קלימאַט פון רמת־גן איז נישט גוט פאַר זיין געזונט. דער שונא האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגן, פון זיין אַרט רעדן. אַ פּרצוף אָן אַ שמייכל. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט איבעריק זיך באַמיט צו פאַרלענגערן זיין וויזיט. ער האָט גערעדט מיט שנאה וועגן יעדער דערגרייכונג און אויפטו אין אויפבוי פון לאַנד, וואָס ער האָט געזען, וועגן געלט וואָס יידן האָבן און וועגן דער גרויסער הילף וואָס זיי באַקומען פון אויסלאַנד. „וואָס איז דאָס וווּנדער, אַז איר האָט אַזעלכע שיינע גאָרטנס, איר זענט דאָך זייער רייך״. דאָס איז נישט געווען איבעריק אָנגענעם, אָבער אין אַלגעמיינעם חשבון איז מעגלעך, אַז זיין אָפענע שנאה האָט אונז געבראַכט נוצן פון פּראַקטישן און פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט.

נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער קעגנזייטיקער „סימפּאַטיע״ איז מעק־מייקל געווען געצווונגען אונטערצושרייבן מיט מיר אַ פאַרפאַכטונגס־קאָנטראַקט. און דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן עפּעס אַ קלייניקייט, נאָר וועגן.. צוויי דונאַם באָדן.

אַזאַ איז געווען די מעשה:

עס איז געווען אַ שטח באָדן פון פינף דונאַם, וועגן וועלכן די מועצה פון רמת־גן האָט זיך פּראָצעסירט מיט דער פּאַלעסטין־רעגירונג. די פינף דונאַם זענען געווען אין איר באַזיץ, און מיר זענען געקומען אַרויסנעמען זיי פון אירע הענט. דער פּסק־דין האָט אונז אָנערקענט דריי פון די פינף דונאַם און האָט איבערגעלאָזט ביי דער רעגירונג בלויז צוויי דונאַם. מצד דער רעגירונג איז אויפן משפּט אויפגעטרעטן אַדוואָקאַט דוכן, מצד דער מועצה פון רמת־גן בין איך אויפגעטרעטן.

מעגלעך, אַז מיר וואָלטן זיך מיט דעם באַגנוגנט, ווען מיר וואָלטן זיך נישט דערוווסט, אַז די רעגירונג קלייבט זיך פאַרפאַכטן די צוויי דונאַם

אירע צו אַן אַראַבער, וואָס וועט אויף זיי אויפשטעלן אַ קאַפע־הויז. דאָס אָרט איז איינס פון די העכסטע ביי אונז, אין „גן־אברהם", נעבן „אחלמה". נישט קיין שלעכטער פּלאַץ פאַר די באַזוכער פון אַן אַראַבישן קאַפע־הויז, וואָס קומען זיך צונויף נישט בלויז צוליבן קאַפע...

אַז עס איז דערגאַנגען צו מיר די דאָזיקע ידיעה האָב איך זיך מער נישט געקווענקלט. איך האָב אַרומגעצוימט די צוויי דונאַם און צוגעטראָגן פאַרפלאַנצן אַרום זיי סאָסנע־ביימער. לויטן געזעץ, וואָס עס האָט אַרויס־געגעבן פלומער איז פאַרווערט געוואָרן אויסצורייסן סאָסנע־ביימער.

אַז די מאַכט האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָט מען מיר געשיקט אַ מיטטיילונג אין אָפיציעלן נוסח, אַז איך דאַרף „אָוועקנעמען די הענט" פון דעם פּלאַץ. די דאָזיקע מיטטיילונג האָט, פאַרשטייט זיך, דערמוטיקט נאָך שטאַרקער אַרויפצולייגן מיינע הענט. איך האָב פאַרלייגט רערן, איך האָב דער ערד געגעבן מיסט און וואַסער, כדי צוצואיילן דעם וווּקס פון די סאָסנעס.

איך — מיט מיסט און וואַסער און זיי, מיט זייערס: מעלדונגען. די דריטע מעלדונג האָט שוין אויך אַנטהאַלטן אַ דראָאונג: איך דאַרף רעס־פּעקטירן דעם באַפעל פון דער רעגירונג, היות איך בין „כמעט" אַ רעגי־רונגס־אַנגעשטעלטער.

און איך זעץ פאָר דאָס באַוואַסערן און באַמיסטיקן מיינע סאָסנע־ביימער.

די רעגירונג האָט געבראַכט דעם סיכסוך פאַר דעם העכסטן ראַט אין ירושלים. די ברירה איז געווען: אָדער באַנוצן זיך מיט אַ קעגן־געזעץ, אָדער געבן אַ געזעצלעכן שטעמפּל דעם פאַקטישן מצב און פאַרפאַכטן מיר די צוויי דונאַם. עס איז באַשלאָסן געוואָרן זיי צו פאַרפאַכטן מיר אויף 49 יאָר קעגן אַן אָפּצאָל פון צוויי פונט יערלעך.

אין טאָבו איז געמאַכט געוואָרן דער קאָנטראַקט, אויף וועלכן עס האָבן געחתמעט פון איין זייט דער פאַרפאַכטער: מעק־מייקל, פון דער צווייטער זייט דער פּאַכטער: אברהם קריניצי.

דער דאָזיקער עפּיזאָד האָט מיר אַ סך געגעבן: ער האָט מיך באַריי־כערט מיט דערפאַרונג און איבערצייגונג אינעם כוח פון עקשנותדיקן אויסהאַלטן און נישט אונטערגעבן זיך! אינעם כוח פון דער זאַך, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן, וואָס איז אַ געשעענער פאַקט. און נאָך עפּעס האָט ער מיר „צוגעגעבן": „וואָג" אין מיין תיק אין אינטעליגענטישקייט. פיר מאָל איז דערלאַנגט געוואָרן מיין נאָמען — כאָטש איך האָב זיך בכלל נישט באַמיט וועגן דעם — צו באַקומען אַן אָרדן און פיר מאָל האָט זיך אַריינ־געמישט דער אינטעליגענטישקייט, כדי נישט דערלאָזן דערצו. און עס האָבן דאָך שוין זוכה געווען דערצו די בירגערמייסטערס פון יפו, רמלה, נצרת

און אַנדערע. און גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב זיי נישט געפילט געטראָפן פון דעם. די סאָסנעס, וואָס איך האָב דאַן פאַרפלאַנצט, שטייען נאָך ביזן היינטיקן טאָג און וואַקסן בלי עין הרע, און זיי זענען מיר טייערער פון יעדן אַרדז.

אגב: די צווייטע פונט פאַכט־געלט צאָלט איצט די עיריה פון רמת־גן דעם אוצר פון דער יידישער מדינה, וואָס אויך זי איז, ווי די דאָזיקע סאָסנעס, אַנטשטאַנען לטובה ולברכה לאו דווקא לויטן ווילן פון די בריטישע הויך־קאָמיסאַרן

## יג. מער ליבע געסטע

אין סעפטעמבער 1937 — איך בין דאַן געווען אין אורלויב אויפן הר הכרמל — האָב איך באַקומען אַן אייגנאַרטיקע איינלאַדונג: איך בין פאַרבעטן געוואָרן צו באַזוכן די יידישע שיף „שרה" (אויפן נאָמען פון שרה אַראָנסאָן), וואָס איז אָנגעקומען אין די חיפהער וואַסערן.

היינט איז אין דעם נישט פאַראַן קיין שום אויסערגעוויינלעכעס. מה בכך? נאָך אַ יידישע שיף? מען וועט בלויז פרעגן, צי איז דאָס אַ שיף פון קריגס־פלאָט, אָדער פון האַנדלס־פלאָט, וועלכע געזעלשאַפט האָט זי געקויפט און ענלעכע, געוויינלעכע פראַגן. אָבער אין יענעם יאָר האָט דער עצם נאָמען „שרה" מיט אַ יידישער פאָן אויף איר מאַסט און מיט אַ יידישער מאַנשאַפט אויף איר דעק — פאַרמאָגט עפּעס וווּנדערלעכעס, נייעס.

אויך דאָס געהערט צו די צייכנס פון דער צייט: געווען געסט אין האָטעל, וואָס האָבן „נישט געקאָנט פאַרשטיין" מיין פרייד און נאָכמער — מיין גרייטקייט אָנצונעמען די איינלאַדונג און אַרויפגיין אויף דער שיף. ווייל — ווי לעכערלעך! — עס איז אַרויסגעפלייגט געוואָרן אַ מין נישט־אָפיציעלער חרם אויף דער שיף דערפאַר, ווייל די וואָס האָבן זי פאַרשאַפן און אירע מאַטראָזן האָבן געהערט צו אַ קעגנערישער באַוועגונג. אויך דער נאָמען „שרה" איז נישט לויטן „געשמאַק" פון געוויסע טיילן אין ישוב.

דווקא איך, ווי עס איז שוין פריער דערציילט געוואָרן — איינער פון די קעגנער פון שרה אַראָנסאָן אין די טעג פון ניל"י, דווקא איך האָב זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון אַ באַזוך אויף דער שיף, וואָס טראָגט איר נאָמען, ווייל אין יעדער זאַך, וואָס איז געטאָן געוואָרן, האָט מיך נישט אינטערעסירט ווער עס האָט דאָס געטאָן, נאָר די טאָט גופא, און די טאָט איז געווען אַ ריין־חלוצישע. דער אָנהויב פון יידישן פלאָט. וואָס גייט מיך אָן צי דאָס קומט פון „אייגענע מענטשן" אָדער נישט פון „אנשי שלומנו".



„איך וועל נאָך אָנשפּאַרן דאָרט... דאָרט...״

(דער באַזוך פון דעם הויך־קאָמיסאַר לאָרד גאָרט)



אין געראַנגל פאַרן אויפשטעלן אַ יידישע רעגירונג

אין פרעזידיום: ד״ר א. ווייבשאַל, ישראל ראַזאָוו ז״ל, א קריניצקי, פראָפ. י. קלויזנער

איך האָב געוואָגט צו טאָן אַ זאַך, וואָס איז דאַן באַטראַכט געוואָרן ווי אַ ברוך פון דיסציפּלין און טאַקט.

אָנקומענדיק אין פּאָרט האָב איך די שיף נישט געזען. זי איז געווען אויסערן שטח פון פּאָרט. אַזוי ווייט, אַלזאָ! אַ מין „קאַראַנטין". זי איז געשטאַנען ווייט, פאַראייַנזאַמט. איך בין אָנגעקומען צו איר אין אַ קליין שיפל, און ווי גרויס איז געווען מיין פרייד באַטראַכטנדיק די שיף, זעענ־דיק די מוסטערהאַפטע ריינקייט, די שיינע און שלאַנקע מאַטראָזן און מער ווי אַלץ, — דעם שטאָלצן און באַצויבערנדיקן „קאַפּיטאַן"... וואָס זאָג איך: „קאַפּיטאַן"? ממש ווי אַן אַדמיראַל האָט ער אויסגעזען, ירמיהו האַלפּערין, דער זון פונעם פאָטער פון די „מטורפים" אין לאַנד, מיין לערער און פריינט מיכאל האַלפּערין.

איך ווייס נישט, צי דער ערשטער ענגלענדער, וואָס האָט באַטרעטן זיין פּרעכטיקע קעניגלעכע שיף „קווין מערי", האָט זיך געפרייט מער פון מיר.

זיי האָבן עס פאַרדינט, „שרה" און איר מאַנשאַפט, אַז איך זאָל צוליב זיי איבעררייסן מיין אורלויב. איך בין גלייך אַרויסגעפאָרן קיין רמת־גן און פאַרבעטן די שיפס־מאַנשאַפט צו אונז. עס איז געווען אין דעם אַ ברוך אין די איין־בערג, וואָס האָבן אַרומגענומען די שיף פון אַלע זייטן.

די פאָלקסטימלעכע רמת־גן האָט זיך געפרייט, זייער געפרייט, מיט די יידישע בחורים, די דראַבערער פון ים.

נאָך רמת־גן האָבן אויך ירושלים און אַנדערע געוואָגט צו פאַרבעטן זיי צו זיך.

אין אַ צייט אַרום איז אונז אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה וועגן אונטערגאַנג פון דער שיף. אָבער ווי עס זאָל נישט זיין „שרה'ס" סוף, — זי איז געווען די פּיאָנערין פון יידישן ים־פלאָט!

דער המשך פון יידישן ים־ווערק איז אַריבער צו „זבולון" און ווידער האָט געוואָלט דער צופאַל (און אפשר נישט דער צופאַל!) אַז אַ רמת־גנער בירגער איז געוואָרן „משוגע" לאותו דבר. עמנואל טובים האָט מקריב געווען זיין גאַנץ לעבן פאַר דער דעראָבערונג פון ים. ער האָט נאָך זוכה געווען צו זען מיט זיינע אויגן דעם אָנהויב פון יידישן ים־פלאָט, ווען ער האָט פאַרלוירן זיין לעבן אויף אַזאַ טראַגישן אופן דווקא נישט אויפן ים, נאָר אין אַ קאַטאַסטראָפע אויף דער יבשה.

## יד. באַציִונגען צווישן רמת־גן און - אויסטראַליע

נאָך איידער אַמבאַסאַדאָרן און געזאַנדטע פון פרעמדע מדינות האָבן

אויסגעקליבן רמת־גן אַלס זייער וווין־אָרט, האָט שוין די דאָזיקע שטאָט — זי איז נאָך דאַן געווען אַ מושבה — באַוויזן אַנצוקניפּן פריינטשאַפט־באַציונגען, מען קאָן זאָגן: שליסן אַ „מיליטערישן פּאַקט", מיט אַ ווייט פּאַלק.

איך מיין דאָ די אויסטראַליער, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביי אונז אין דער צייט, ווען זיי זענען געווען אין לאַנד, אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

זייער נאָמען איז פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל נאָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאַן איז זיי כמעט נישט אויסגעקומען צו זיין אין באַרירונג מיט די וווינביקע יידן אין לאַנד. נישט געקוקט אָבער אויף דעם, איז געווען קלאָר פאַר די דאָזיקע פויערים פון אויסטראַליע, וואָס האָבן זיך דערצויגן אויף דער „ביבל", אַז זיי זענען געקומען אַהער נאָר כדי צו באַפרייען דאָס לאַנד פאַר די יידן. נישט אַזוי אָבער איז געווען, ווען זיי זענען גע־קומען אין לאַנד צום צווייטן מאָל. דאָס מאָל איז עס נישט געווען מער די באַציונג צו דער ראָמאַנטישער אידייע. אַביסל האָט די ענגלישע אַנטי־ציוניסטישע אַגיטאַציע געמאַכט און אַביסל — די אומשטענדן, אין וועלכע זיי זענען געקומען אין באַרירונג מיט יידן.

פיל פון אונז געדענקען נאָך גוט די פּראָספּעריטי אין די געשעפטן אין די יאָרן פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, אין לאַנד און באַזונדערס אין תל־אביב. פאַרשטייט זיך, אַז איך מיין דאָ נישט די מלחמה־לייסטונג פון דער קריגס־אינדוסטריע, וואָס האָט אויך בייגעשטייערט איר חלק צו דער פּראָספּעריטי אין לאַנד. איך מיין דאָ יענע גרויסע געלטער, וואָס פליסן פון די טאַשן פון סאָלדאַטן, וועלכע זענען געקומען פון ווייטע מקו־מות און זיי שטייען ערב שלאַכטן, אָדער זענען שוין נאָך שלאַכטן, גיריקע צו „מאַכן אַ לעבן".

אַ באַזונדערס שלעכטן שם האָבן אין יענער צייט באַקומען די אויס־טראַליער. זיי פלעגן — און איך האָב זיי געזען אין דעם צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, ווייל פריער איז מיר נישט אויסגעקומען צו באַקענען זיי — פּראָווען שיכּרות־פּאַרזוויילונגען אויף די תל־אביבער גאַסן; רייטן אויף אייז־לען באַגלייט מיט אַ געוואַלדעווען און ברעכן פלעשער און שווימען אין שיכורן צושטאַנד, און דערנאָך: סאָלדאַטן וואַלגערן זיך אין די גאַסן. דאָס איז געווען אַ גאַנץ אָפּט בילד. אמת, יעדער איינער פלעגט זאָגן, אַז די דאָ־זיקע אויסטראַליער, יונגען־אַטלעטן, פאַרמאָגן אין זיך עפּעס האַרציקס, אָבער קיינער האָט נישט געוווסט ווי צו באַרירן זייערע האַרץ־סטרונעס.

ביז עס איז געקומען רמת־גן און אַנטפּלעקט די צווייטע זייט פון דער דאָזיקער מטבע.

און די געשיכטע איז אַזאַ:

עס זענען געווען די טעג פון צוגרייטונגען צו דער אינוואַזיע אויף סיריע. די אַרמייען פון די פאַרבינדעטע האָבן געדאַרפט האָבן אַן אייזערנע בריק און אַזאַ בריק איז געווען איבער דער מוסררה, אַן אייזערנע בריק, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן לכבוד דעם קיסר ווילהעלם צו זיין קומען אויף אַ באַזוך אין לאַנד (דאַן האָט ער זיך באַגעגנט מיט הערצלען). מיט דער דאָזיקער בריק האָט מען אויפגעהערט זיך באַנוצן ווען עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן די נייע בריק. דעריבער איז באַשלאָסן געוואָרן זי פונאַנ־דערצונעמען און איבערפירן זי אויף צפון.

איין מאָל באַמערק איך, אַז מען שטעלט אויף אַ מיליטערישן לאַגער נעבן דער בריק און אָט איז אויך אַ טאַנק מיט וואַסער, וואָס איז געבראַכט געוואָרן פון יפו (און נישט פון תל־אָביב).

איך האָב זיך אומגעקערט אין דער מועצה פון רמת־גן. איך האָב באַ־שטימט אַ דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַן אינזשיניער און אַ סאַני־טאַר, זיי זאָלן זיך מעלדן צום קאָמאַנדיר פון לאַגער און אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז זיין אינהייט קלייבט זיך צו זיין אַ לענגערע צייט אין דער סביבה, פאָרשלאָגן די הילף פון אונזער מועצה. ראשית האָב איך זיי פאָרגעשלאָגן וואַסער־רערן און איך האָב גענומען אויף זיך צו אינסטאַלירן פאַר זיי טושן (עס איז געווען זומער). דאָס וועט העלפן אויפהאַלטן די ריינקייט אין לאַגער. און אין דער אַנגעלעגנהייט דאַרף איך זיי וואָרענען, אַז דער פּלאַץ, ווו זיי סטאַציאָנירן ווימלט מיט מאַלאַריע־מאָסקיטן און מיר זענען גרייט צו דערטיילן מעדיצינישע און סאַניטאַרע הילף.

דער קאָמאַנדיר פון לאַגער האָט אויסגעהערט, העפלעך געדאַנקט און קורץ געפרעגט: „מה יקר", וויפיל וועט אים קאָסטן די דאָזיקע הילף, וואָס מיר שלאָגן אים פאָר.

אונזערע שליחים האָבן אים פשוט געענטפערט, אַז מיר ווילן נישט קיין שום באַלוינונג, ווייל מיר באַטראַכטן דאָס ווי אַ מינימאַלן בייטראַג צו די מלחמה־לייסטונגען. ווייל די דאָזיקע מלחמה איז אַ געמיינזאַמע פאַר זיי און פאַר אונז. דער קאַפּיטאַן, דער קאָמאַנדיר, גלויבט נישט וואָס זיינע אויערן הערן. דער דאָזיקער אַרגומענט איז דאָך גילטיק אויך אין אַנדערע פלעצער און פונדעסטוועגן זענען אומעטום אַזעלכע ענינים אָוועק־געשטעלט געוואָרן אויף דער באַזע פון באַלוינונג. ערשט נאָך דעם, ווי עס איז אים געגעבן געוואָרן צו פאַרשטיין, אַז עס עקזיסטירט ביי אונז אַ געזעץ פון אויפנעמען געסט און מיר באַטראַכטן זיי פאַר געסט, האָט דער קאָמאַנ־דיר אָנגעהויבן גלויבן. ער איז שנעל געקומען צו דער מועצה זיך באַגע־

געגעסן מיט מיר, כדי אויסצודריקן זיין דאַנק. בעתן שמועס מיט אים האָב איך זיך אויך דערוווּסט, אַז ער האָט נישט קיין דאָקטאָר אין לאַגער, ווייל מען טיילט נישט צו קיין דאָקטאָר פאַר אַ לאַגער, וואָס ציילט ווייניקער פון פיר הונדערט פּערזאָן. איך האָב אים פאָרגעשלאָגן אונזער דאָקטאָר, ד״ר כהן, וועלכער האָט געהאַט דערפאַרונג פון דער צייט פון זיין פּראַקטיצירן אַלס מיליטערישער דאָקטאָר אין רוסלאַנד. דער, וואָס געדענקט דעם דאָזיקן טייערן מענטש, וועט געוויס פאַרשטיין, אויב איך וועל זאָגן, אַז מיט זיין איבערגעגעבענער באַהאַנדלונג און וואַרעמער באַציונג איז ער געווען ווי אַ פאָטער פאַר די סאָלדאַטן, וואָס זענען געווען אַזוי ווייט פון זייערע היימען. איבעריק צוצוגעבן, אַז אויך ער האָט נישט באַקומען קיין שום באַלוינונג.

אויסער די דאָזיקע דינסטן אין לאַגער האָבן מיר אויך געזאָרגט פאַר פיל פאַרלייכטערונגען פאַר זיי אינערהאַלב דער מושבה. פאַר די נסיעות מיט איחוד־רגב פון לאַגער קיין רמת־גן און צוריק האָבן זיי געצאָלט אַ מינימאַלן פּרייז. אין די רעסטאָראַנען און קיאָסקן האָבן זיי פאַר עסן און טרינקען געצאָלט נישט מער ווי אַ העלפט. הער רייזעס, וועלכער שטאַמט אַליין פון אויסטראַליע, האָט געשטעלט צו זייער דיספּאָזיציע אַ צאָל אומזיסטע קינאָ־בילעטן. און זע אַ וווּנדער: דער דאָזיקער אויסטראַלישער סאָלדאַט, וואָס האָט אין תל־אביב געהאַט אַזאַ שלעכטן שם, איז דאָ געוואָרן אַן אַנדערער מענטש. אין שויס פון גרינס און פון דער הכנסת־אורחים איז ער שוין מער נישט געווען יענער שיכור, וואָס ווילדעוועט און שרייט אויף די טייערע פאַרוויילונגען. די גאַסן און גערטנער פון רמת־גן האָבן געזען פיל אויסטראַלישער סאָלדאַטן, אָן אַ שיכור צווישן זיי, אָן קלעפּ און אַוואַנטורעס. די ערשטע האָבן פון דעם הנאה געהאַט די קינדער (און ווער האָט נאָך אַזוי ליב סאָלדאַטן ווי קינדער?), ווייל פּלוצים האָבן די דאָזיקע פּויערים און קינדער פון פּויערים זיך אַנטפּלעקט ווי גרויסע קינדער, וואָס עס ציט זיי צו קליינע קינדער, ווי עס ציט אַ מענטש צו זיין קינדהייט־פּייזאַזש.

און ווירקלעך האָט מיר געגעבן צו דערקלערן דער קאָמאַנדיר, דער קאַפּיטאַן, אַז דאָס איז דער סוד פון דער ענדערונג וואָס איז פאָרגעקומען אין זיי. אין רמת־גן האָבן זיי דאָס געפיל פון היים, און אין זייערע היימען ווייזן זיי דאָך קיינמאָל נישט אַרויס אַזאַ ווילדקייט ווי זיי האָבן לעצטנס אַרויסגעוויזן אין אַנדערע ערטער.

דער קאָמאַנדיר פון דער דאָזיקער איינהייט איז אויך מיליטערישער צענזאָר און אין די ראַמען פון זיין אויפגאַבע לייענט ער זייערע בריוו. אין די דאָזיקע בריוו, צי דאָס איז קיין מעלבורן, צי אין אַ פאַרוואָרפענער

פאַרם, שרייבן זיי וועגן אַ פּרעכטיקן פּלאַץ, וווּ זיי סטאַציאָנירן איצט און דאָס אָרט איז פול מיט גערטנער און קינדער און זיי האָבן דאָ דאָס געפיל פון היים.

למען האמת און כדי מקיים צו זיין דאָס געזעץ, אַז עס איז נישטאָ קיין כלל אָן אַ יוצא מן הכלל: עס איז געווען איין פאַל מיט אַ שיכורן אויסטראַלישן סאָלדאַט, וואָס האָט זיך באַוויזן אין צענטער פון רמת־גן און ווי געוויינלעך אין אַזאַ קליינעם פּלאַץ איז דער דאָזיקער פאַל שנעל באַוווּסט געוואָרן.

צומאָרגנס איז דערשינען פאַר מיר דער דאָזיקער סאָלדאַט מיט זיין קאָמאַנדיר און געבעטן אַנטשולדיקונג פאַר זיין אויפפירונג. פאַרענטפערנ־דיק זיך האָט ער אַנטפּלעקט דעם סוד פון זיין דורכפאַל: ער איז אַ באַזיצער פון אַ פאַרם אין זיין היימלאַנד און ער האָט קיינעם נישט געהאַט, אויסער איין ייִנגערן ברודער, וועלכן ער האָט באַשטימט אַלס יורש פון דעם פאַרם, און אָט איז צו אים דערגאַנגען די ידיעה, אַז דער דאָזיקער ברודער איז געפאַלן אין טאָברוק...

פאַרשטייט זיך, — וואָס זאָל טאָן אַ גוי, באַקומענדיק אַזאַ ידיעה? וויינען וועט ער נישט, קדיש וועט ער נישט זאָגן, תהילים אויך נישט. מיט וואָס זאָל ער אויספילן זיין צעבראָכן האַרץ, אין וועלכן עס איז פּלוצים אַנטשטאַנען אַ ליידיקער חלל, אויב נישט מיט אַ ביסל יי״ש?

נאָך דעם ווי מען האָט פאַרענדיקט דאָס פונאַנדערנעמען די בריק האָט זיך צו מיר געווענדעט דער קאָמאַנדיר און געפרעגט, צי עס איז פאַראַן אַ געוויסע מעגלעכקייט צו באַשעפטיקן זיינע סאָלדאַטן אין אַ וועלכער עס איז עפנטלעכער אַרבעט אויפן אָרט. פאַרשטייט זיך, האָט ער אונטער־געשטראָכן, אַז דאָס זאָל חלילה נישט זיין אויפן חשבון פון באַשעפטיקן אָרטיקע אַרבעטער. זיינע מענטשן בעטן דאָס צוליב צוויי טעמים: ראשית, ווילן זיי בלייבן ווי לאַנג עס איז מעגלעך אויף דעם אָרט; צווייטנס, ווילן זיי אונז מיט עפּעס וואָס באַלוינען, מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט. בדרך כלל פירט זיך, אַז מען באַשעפטיקט די סאָלדאַטן בעת אַ לענגערן אויפהאַלט, כדי צו פאַרמיידן די רעזולטאַטן פון אַרומדרייען זיך ליידיק, אָבער נאָר זעלטן האָט אַ צווועק די אַרבעט גופא. אין מדבר האָט מען איין מאָל גע־הייסן זיי גראָבן גריבער און פאַרשיטן זיי.

מיר האָבן פאַר זיי געפונען אַזאַ אַרבעט. אין דער סביבה פון „גן אברהם" — „שדרות הגבורים" האָבן מיר שוין דאַן פּלאַנירט די אַרבעט, וואָס מיר מאַכן איצט: גראָבן אַ טונעל. איך בין באַשטאַנען איבערצוגעבן זיי די דאָזיקע אַרבעט. אָבער דער באַפעל צו מאַרשירן אויפן סירישן פראָנט און אָנהייבן דעם אָנגריף האָט צו־נישט געמאַכט דעם דאָזיקן פּלאַן.

זיי זענען אַוועק און ווי באַקאַנט אויך מצליח געווען. זייט דאַן זענען זיי שוין מער נישט צוריקגעקומען צו אונז אַלס איינהייט, נאָר זענען געקומען איין מאָל און נאָך אַמאָל פּריוואַט און באַזוכט פּיל הייזער, מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַפריינדעט. „מיר האָבן גענומען אורלויב, כדי אַ שפּרונג טאָן אין שטוב אַריין...״ — פּלעגן זיי זאָגן.

## טו. זעלבסט־פאַרזאָרגונג בריווח

וועגן די שוץ־ענינים פון רמת־גן איז גערעדט געוואָרן אין אַן אַנדער קאַפּיטל. און אָט איז אַ קאַפּיטל פון שוץ פון אַן אַנדער מין: באַשיצונג פון נויט, פון הונגער. אין צייט פון מלחמה איז דער דאָזיקער קרבן נישט ווייניקער וויכטיק פון מיליטעריש קרבן.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען מיר געשטאַנען סיי פאַר אַרבעטסלאָזיקייט און סיי פאַר דער סכנה פון מאַנגל אין שפּייז־פּראָדוקטן. עס האָט מיך אַרומגענומען אַ שרעק פאַרן גורל פון ישוב, דערמאָנענדיק זיך די הונגער־טעג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָבער אַזוי ווי איך האָב זיך דערמאָנט אין די צרות פון יענע טעג, האָב איך זיך אויך דערמאָנט אין דער „רפואה פאַר דער מכה״. איך האָב געדענקט די אַקציע צו פאַרזיכערן זיך מיט ירקות, וואָס איך האָב אָרגאַניזירט פאַר די סאָלדאַטן פון דער געווער־פאַבריק אין דמשק.

דאָס איז דער כלל: אומעטום, וווּ עס איז פאַראַן ערד, זון, וואַסער און אַרבעטס־הענט, איז נאָר נויטיק גוטער ווילן און איניציאַטיוו און מען וועט נישט זיין געצוווּנגען צו עסן לויט דער וואָג פון גראַמען און לויט דער מאָס פון קאַלאָריעס.

די מועצה האָט באַקומען די רעכט צו באַנוצן זיך אין דער אויסנאַם־צייט מיט די נישט־פאַרזייטע פּלעצער. זי האָט אַרומגעצוימט, אָפּגערייניקט און צעאַקערט דעם באָדן.

זריעה, באַזונדערס קאַרטאָפל, האָב איך געבראַכט פון האָלאַנד און פון אירלאַנד.

צו דער אַרבעט זענען באַשטעלט געוואָרן הויפּטזעכלעך מעפּילים. אַנשטאָט דער באַליידיקנדיקער שטיצע, וואָס ברענגט וועגעטאַציע, האָבן זיי פון איצט באַקומען אַרבעטס־טעג, יעדער איינער לויט זיינע באַדערפענישן. אויך זקנים און אינוואַלידן האָבן געקאָנט זיך באַשעפטיקן מיט דער אַרבעט. אין פּלוג איז דער אַרבעטס־לוין געווען אַ נידעריקער, הונדערט מיל אַ טאָג, אָבער פאַקטיש איז דער אַרבעטער געווען אַ שותף צו

דער אונטערנעמונג, ווייל ער האָט אויך באַקומען ירקות פון געָרעטעניש, אויך מאַלצייטן אין דער ביליקער פאָלקס־קיך.

אַן ערך הונדערט דונאַם זענען פאַרזייט געוואָרן און נאָך אַ קורצער צייט איז רמת־גן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מוסטערהאַפטן ירקות־גאָרטן, ווי זי איז ביז היינט געוועזן אַ מוסטערהאַפטער פּלאַץ פון עפנטלעכע גערטנער.

נישטאָ מער קיין נויט־געפאַר אין רמת־גן. די געָרעטעניש שטייגט איבער די באַדערפעניש. מיר עפענען קיכן, מיר האַלטן אויס רעסטאָראַנען אין די שולן.

און פאַר די אַרבעטער? פאַרן גרעסטן טייל פון זיי איז דאָס געווען דער ערשטער קאָנטאַקט מיט ערד־אַרבעט. פאַר אַלע — אַ בכבודיקע לייזונג. פון איצט אָן לעבן זיי נישט מער פון „קיצבה", נאָר פון זייער אַרבעט, פון קאָנסטרוקטיווער הילף וואָס ברענגט נוצן אַלע צדדים. מען דאַרף מער נישט האָבן קיין הילפס־ביוראָען פאַר אַרבעטסלאָזע און נישט קיין אויפזעער איבער מינימאַלער שפּייז־פאַרטיילונג.

מיר האָבן זיך געגויטיקט אין די ערשטע געלטער צו מאַכן דעם אָנהויב. די איינוווינער פון רמת־גן האָבן זיך שיין אָפּגערופן. פון פּנחס רוטענבערג, וואָס איז דאַן געווען פאָרזיצער פון ועד הלאומי, האָב איך באַקומען דריי הונדערט פונט. נאָך אַ קורצער צייט האָט די „הסתדרות" באַשלאָסן צו פאַרבייטן די שיטה פון געלט־שטיצע מיט קאָנסטרוקטיווער הילף און זי איז גלייך צוגעטרעטן בויען דעם... סטאַדיאָן.

געוויס שיקט גאָט זיין ברכה אין גוטער ערד, אין וואַסער, אין זון. אָבער ער שיקט זי נישט דעם, וואָס איז נישט פעאיק צו טאָן, צו טאָן, צו טאָן.

## טז. אין געראנגל פאר - „בוימעלעך"

נאָך דעם אַלעם זאָל דער לייענער נישט מיינען, אַז צו פלאַנצן גערטנער איז באַשלאָסן געוואָרן מיט אַפּלאָדיסמענטן. אויב מען האָט געדאַרפט פירן אַ געראַנגל פאַר בויען אַ שיינע שולע און פאַר אויפשטעלן אַ שיינעם בית־המדרש — וואָס פאַר אַן „אויסרייד" האָב איך געהאַט פאַר אַזאַ עקסטענסיווע ווירטשאַפט.

רמת־גן איז מער ווי וועלכעס עס איז אַנדער אָרט געבענטשט מיט עפנטלעכע פּלעצער. פון ערשטן טאָג פון מיין אַמטירן אַלס פאָרזיצער פון דער מועצה, ד. ה. איבער פינף און דרייסיק יאָר, האָב איך אָפּגעהיטן דעם כלל, וואָס איך האָב זיך באַשטימט: מען פאַרקויפט נישט קיין עפנטלעכע פּלעצער. אין דער היינזיכט בין איך געווען ווי יענער קמצן וואָס לייגט אַ גראָשן צו אַ גראָשן. נישט בלויז וואָס מיר האָבן נישט פאַר־

קויפט — ווי עס פירט זיך — קיין עפנטלעכן פּלאַץ, נאָר מיר האָבן צו־באַקומען נאָך.

ווען עס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק צו פלאַנצן דעם ערשטן עפנטלעכן גאָרטן, דעם עלטסטן גאָרטן (אַמאַליקער „קינג דזשאָרזש״־גאָרטן און איצט „גן המלך דוד״), האָט די מועצה באַשלאָסן צו פאַרקויפן דעם דאָזיקן שטח, וואָס דווקא אויף אים האָב איך „געוואָרפן אַן אויג״ צו פאַרוואַנדלען אים אין אַן עפנטלעכן גאָרטן. דאָס איז געווען אַ גלייכער און צענטראַלער שטח. די מועצה האָט באַשלאָסן צו פאַרקויפן דעם שטח און פאַר דעם באַקומענעם געלט פלאַסטערן שאָסייען. זייער טענה צו מיר איז געווען: היות ווי עס איז שוין פאַראַן וואַסער בשפע און פיר פּרדסים און רמת־גן איז, ממילא, ווי איין גרויסער גאָרטן, דאַרף מען מער נישט האָבן קיין עפנטלעכן גאָרטן. אין יעדער מושבה וואָס איז שוין איינגעפונ־דעוועט מער ווי רמת־גן, לעבט מען אָן עפנטלעכע גערטנער. עס איז אויך נישטאָ קיין בודזשעט פאַר אַזעלכע הוצאות. אָבער איך האָב דער מועצה־מערהייט געענטפערט: „כל זמן איך בין דער פאָרזיצער דאָ און איך דאַרף אונטערשרייבן די פאַרקויף־טראַנזאַקציע, וועט נישט פאַרקויפט ווערן קיין עפנטלעכער פּלאַץ״.

דער גאָרטן — דער עלטסטער פון אונזערע גערטנער, איז פאַרפלאַנצט געוואָרן. די שתילים האָבן מיר געקויפט ביי חיות אין רחובות פאַר פּריוואַטע באַנקנאָטן, ווייל די „באַנקנאָטן״ פון דער מועצה, וועלכע מיר האָבן אויבן דערמאָנט, האָט מען נישט אָנערקענט אויף דער וועלט־בערזע.

אַזוי ווי איך האָב געפירט אַ שווערן געראַנגל מיט מיינע חברים אין דער מועצה פאַר דעם דאָזיקן גאָרטן, האָב איך כמעט פאַרגעסן, אַז עס איז פאַראַן נאָך אַ פאַקטאָר וואָס האָט, אַז ער האָט אויך אַ דעה אין דער זאַך — די רעגירונג. זי פלעגט באַשטעטיקן דעם בודזשעט פון דער מועצה. דריי יאָר האָט גענומען דאָס באַשטעטיקן דעם פּאַראַגראַף אין בודזשעט, ווייל די רעגירונג האָט נישט געוואָלט באַשטעטיקן דאָס פלאַנצן דעם גאָרטן.

ביי אַ געוויסער געלעגנהייט האָט געפרעגט דער דיסטריקט־קאָמיסאַר:

— וואָס וועט זיין דער סוף?

איך האָב געענטפערט:

— איך בין גרייט צו באַקומען אַ ברייוו, אַז מען טאָר נישט באַאַרבעטן דעם גאָרטן און די ביימער וועלן אָפּשטאַרבן.

— וואָס וועט, אַלזאָ, זיין?

— איך וועל ווייטער באַוואַסערן זיי.

— דו ביסט פאַראינטערעסירט צו באַקומען אַזאַ פאַרבאָט?

— טוט ווי איר ווילט? — אָדער באַשטעטיקט אָדער פאַרוועגט, אָבער איר טוט גאָרנישט.

אַזוי איז שוין געבליבן דער „געבעך", דער „קינג דזשאָרדזש"־גאָרטן אָן אַ באַשטעטיקונג און אָן אַ פאַרבאָט. ביז עס איז געקומען דער שינוי השם, — ער איז געוואָרן דער „גן המלך דוד" — און אים אויסגעלייזט פון בריטישן נעפּל.

דער צווייטער גאָרטן איז געווען „גן הנשיאים" וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען „גן שאול" (אויפן נאָמען פון שאול טשערניכאָווסקי ז"ל). אויך דער גאָרטן איז נישט „געקומען אויף דער וועלט" מיט דער צושטימונג פון דער מועצה. די מועצה־מיטגלידער האָבן באַשלאָסן, אַז מען דאַרף מיך שיקן צו אַ פּסיכיאַטאָר, ווייל זיי האָבן מיך געזען קריכן אויף די בערג צוליבן פלאַנצן די בוימער.

מען האָט אָנגעהויבן אָפּלאַכן פון מיר, דעם מענטש וואָס קריכט אויף בערג, כדי צו פלאַנצן בוימער. אויך די איינוווינער, די שטייער־צאָלער, האָבן אָנגעהויבן מורמלען, אַז איך פאַרשווענד גרויסע געלטער אויף „בוימעלעך". באמת בין איך געוואָרן אַביסל אַ „שנאָרער" צוליב די דאָזיקע „בוימעלעך". עס האָבן זיך געפונען ייִדן, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די וויכטיקייט און שיינקייט פון אַ פלאַנירטן און געפלעגטן עפנטלעכן גאָרטן און האָבן אָנגעהויבן זיך באַטייליקן אין די הוצאות. אַזוי האָב איך ווייטער געפלאַנצט כמעט יעדעס יאָר. הייַנט האָבן מיר צענדליקער גערטנער און אַ נאַציאָנאַלן פּאַרק, רמת־גן איז באַדעקט מיט גערטנער און זי האָט נאָך נישט געזאָגט גענוג...

## יז. א דאקטאר — און מער פון דעם

פאַר מיין אָוועקגיין פון די קאַפּיטלען זכרונות וועגן אויפבוי פון רמת־גן, ווייל איך דערמאָנען אייניקע רמת־גנער טיפּן, טייערע און נאָענטע געשטאַלטן, — געציילטע פון זייער פיל.

דער ערשטער קומט־אויף פאַר מיר „אונזער האָקטאָר" — ד"ר דוד כהן.

מיט מעדיצינישער הילף איז אין די ערשטע טעג פון רמת־גן געווען זייער שלעכט. קיין אַפּטייק איז נישט געווען אויפן אָרט. מען האָט די מעדיקאַמענטן געדאַרפט ברענגען פון תל־אָביב און דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט פאַרלירן צייט פון אַ האַלבן טאָג. נישט איין קינד איז פון אונז צוגענומען געוואָרן צוליב דעם, ווייל עס איז נישט געווען די באַלדיקע מעדיצינישע הילף. ווי אַ מלאך פון הימל איז פאַר אונז געווען אין יענער צייט ד"ר כהן ז"ל. ער האָט, ווייזט אויס, געהערט צו יענע דורות דאָקטוירים,

וואָס האָבן אין דער מעדיצין געזען נישט בלויז אַ פּראָפעסיע, נאָר אַ זייער הייליקע און הומאַניטאַרע מיסיע. ער האָט געקענט יעדע שטוב, יעדעס קינד. ער האָט געוווּסט ווען יעדעס קינד איז געבוירן געוואָרן, וואָס עס האָט דורכגעמאַכט, און דעם מצב פון דער משפחה. ער האָט געוווינט אין אַ צריף מיט אַ געלעכערטן דאַך, וואָס האָט פריי „אַריינגעלאָזט" דעם רעגן אין דער „דירה". אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ באַליע, וואָס האָט „אויפגענומען" דאָס רעגן־וואַסער, וואָס פלעגט ריינען פון דאַך. אומקערנדיק זיך פון זיינע וויזיטן, פלעגט ער נישט מיטברענגען מיט זיך קיין גרויסן פדיון. ער האָט גוט געוווּסט ביי וועמען ער דאַרף נעמען באַצאָלט און ביי וועמען מען דאַרף נישט נעמען, אויב אַפילו יענער גיט. און ער האָט אויך געוווּסט, וועמען מען דאַרף די רפואה אַהיימשיקן אין שטוב אַריין, ווייל ער קאָן זי נישט קויפן. ער האָט אויך נישט פאַרגעסן צו שיקן מתנות צו דער בר־מצוה פון „זיינע קינדער", וועלכע ער האָט געדענקט און ליב געהאַט נישט ווייניקער, ווי זיי האָבן אים געדענקט און ליב געהאַט. מיט גרויס שמחה פלעגן אַלע קינדער אַנטקעגנטראָגן אים אַ „שלום, אדון הרופא" באַגעגענענדיק אים אין גאַס.

אַ גרויסע הילף האָט ער דערטיילט די אונטערגרונט־קעמפער אין די שווערע טעג. אויך בשעת אַ סכנה און אין עניינים, וואָס זענען געווען פאַר־בונדן מיט אַ סכנה, פלעגט ער נישט אָפּזאָגן זיין הילף. נישט איין מאָל איז ער אויסגעפאָרשט געוואָרן דורך דער ענגלישער געהיים־פּאָליציי. ער האָט נישט אויסבאַהאַלטן, אַז ער האָט געגעבן מעדיצינישע באַהאַנדלונג. ער האָט אָבער נישט געוואָלט אויסזאָגן וווהין און צו וועמען מען האָט אים גערופן. טיילמאָל פלעגט אַן ענגלענדער, וואָס ד״ר כהן איז צופעליק געווען זיין דאָקטאָר, בעטן אים, ער זאָל אים העלפן צוזאַמענשטעלן דעם פּראָטאָקאָל פון פאַרהער, כדי ער זאָל נישט „האָבן קיין צרות". אָבער ער פלעגט כסדר „פאַרזיכערן", אַז ער וועט אויך ווייטער נישט אָפּזאָגן צו געבן מעדיצינישע הילף, אויב מען וועט אים רופן. און דער ענגלענדער, וואָס האָט אים פאַרהערט און געהאַט צו אים גרויס פאַרערונג, האָט פונ־דעסטוועגן געשריבן דאָס פאַרקערטע פון דעם, כדי צו היטן אים.

מעגלעך, אַז יעדן מענטש דוכט זיך אויס, אַז „אַמאָל" איז געווען בעסער ווי איצט און אַז די מענטשן פון פריערדיקן דור זענען געווען בעסערע פון די מענטשן פון היינטיקן דור און פונדעסטוועגן... אַזעלכע דאָקטוירים, אַזעלכע מענטשן — צי האָבן מיר אַ סך אַזעלכע צווישן אונז?

## יח. חלוצים אין רמת־גן

איך וועל דערציילן וועגן רמת־גנער חלוצים:

חלוצים, נישט פון „החלוץ״, אָדער פון וועלכער עס איז אַנדערער פּאַרטיי־ראַם, אויסער דער „ראַם״ פון ליבשאַפט צו ארץ־ישראל אין זייערע הערצער, יענע למד־וו׳ניקעס, וואָס אַזעלכע האָבן מיר געהאַט אין יעדן יידישן דאָרף און אין יעדער קאָלאָניע אין לאַנד, און מען האָט קיין לידער נישט געזונגען וועגן זיי און קיין אַרטיקלען זענען נישט געשריבן געוואָרן; זיי האָבן נישט געלעבט פון תקציבים און די תקציבים האָבן נישט „גע־לעבט״ פון זיי.

איך וועל דערמאָנען בלויז דריי פון זיי, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט ביי מיר אין האַרצן.

דוד צביק (ארצי), געבוירן אין ווילנער געגנט, געלערנט אין אַ ישיבה, דערגאַנגען צו פּאַרמעגלעכקייט און צו אַ בכבודיקער שטוב אין ווילנע. איינער פון די אַנגעזעענסטע סוחרים אין שטאָט. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געשיקט זיין זון קיין ארץ־ישראל. זיין פרוי איז געפאָרן אויך אַ באַזוך צו איר זון, זי האָט געזען דעם שיינעם רמת־גנער פּייזאַזש (דאַן: „עיר גנים״) און זי האָט געזאָגט: דאָ בלייב איך. צו אַלעמענס פאַרוווּנדערונג האָט דוד ליקווידירט אַלע זיינע געשעפטן, איבערגעלאָזט זיין גאַנץ פּאַרמעגן ביי זיין שותף און געקומען אין לאַנד אַריין כמעט מיט גאָרנישט (דער שותף האָט אים געדאַרפט אַרויסצאָלן זיין חלק, אָבער ער האָט אים אָפּגענאַרט). דוד האָט זיך באַזעצט אין רמת־גן און אָנגעהויבן אויף אַן אינטענסיוון אופן צו קולטיווירן ירקות. אויך אַ בהמות־שטאַל האָט ער זיך אויפגעשטעלט. זיין משק איז געווען אַ מוסטער פון אָרדנונג, ריינקייט און שיינקייט. ער פלעגט זייער שטאַרק מקפיד זיין, אַז יעדע בייט אין זיין גאָרטן זאָל זיין גלייך, און עס איז נישט געווען קיין געוויינלעכער גאָרטן, נאָר אַ וווּנדערלעכע אויסשטעלונג פון כל מיני פלאַנצן. די שטאַל האָט ער געהאַלטן ציכטיק און אַלץ געטאָן ווי עס וואָלט געווען אַ הייליקע זאַך. אַז מען האָט אָנגעהויבן פּלאַסטערן שאָסייען, האָט ער זיך געבעטן, מען זאָל אים דערלויבן צו לייגן עטלעכע מעטער שאָסיי מיט זיינע אייגענע הענט, ווייל עס „איז אַ גרויסער זכות צו לייגן מיט די אייגענע הענט שאָסייען אין ארץ־ישראל״. שווערע טעג זענען דאַן געווען פאַר זיי, אָבער די אינערלעכע שמחה האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיי — פון אים און פון דער באַלעבאָסטע, וואָס האָט תמיד געטרייסט און פאַרזיכערט: „עס מאַכט נישט, עס וועלן נאָך קומען גוטע צייטן, די קינדער וועלן אויסוואַקסן און מיר וועלן גובר זיין די שוועריקייטן״. און ווירקלעך האָבן זיי אַלץ גובר געווען מיטן כוח פון זייער ליבשאַפט.

יהודה ענגלענדער, געבוירן אין לובלינער געגנט, אויך ער האָט גע־לערנט אין אַ ישיבה. ער האָט אָנגעהויבן מיט פאַבריצירן קנעפּ. ער האָט

געשריבן צו מ. מ. אוסישקין, אַז ער וויל עולה זיין קיין ארץ־ישראל און זיין אַן ערד־אַרבעטער. און ער איז מטופל מיט זיבן קינדער. דערווייל האָט ער געוואַנדערט קיין בראַזיל און צוריק קיין פּוילן, קיין אַמעריקע און פון דאָרט קיין לאָנדאָן און דווקא דאָרט, ווען ער האָט שוין אָנגעהויבן מצליח זיין און צוגעקומען צו אַ געוויסן קאַפּיטאַל, איז זיין בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל שטאַרקער געוואָרן. ער האָט זיך אויפגעהויבן און עולה געווען נישט געזעגנענדיק זיך אַפילו מיט זיינע בני־בית, וואָס האָבן נישט געהאַלטן פון אַזאַ „אַוואַנטורע". זיין געלט האָט ער איבערגעלאָזט ביי אַ פריינד און אַ בפירושן תנאי האָט ער אויסגענומען מיט אים, ער זאָל עס אים שיקן באָר דאַן, ווען ער וועט אים מודיע זיין, אַז דאָס געלט איז באַשטימט צו קויפן באָדן. אין לאָנדאָנער אַמט, וווּ ער האָט דערלאַנגט אַ ביטע אויף אַ וויזע קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1919, האָט מען זיך געוווּנדערט אויף אים און מען האָט געפּרווט אים איבערצייגן, ער זאָל נישט פאָרן, אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט איבעררעדן. ער איז געקומען אין לאַנד אין 1920, געאַרבעט אַלס געוויינלעכער פּועל אין פּרדסים און אויף שאָסייען. ער האָט געבראַכט זיין עלטסטן זון, מאיר, און צוזאַמען האָבן זיי געאַרבעט ביי זיפּזין. פאַר אַ דירה האָבן די ביידע אויפגעשטעלט זיך אַ געלט אויפן גאַסן־ווינקל נחלת־בנימין־אלנבי. מיטן גרינדן די גאָרטןשטאָט האָבן זיי ביידע געקויפט צוזאַמען פופצן דונאַם. זיי האָבן זיך באַזעצט אויף זייער באָדן ט"ו בשבט תרפ"ב און אָנגעהויבן קולטיווירן ירקות. במשך פון דער צייט זענען זיי געוואָרן די הויפּט־ליפעראַנטן פון טרוסקאַווקעס, וואָס זיי האָבן די ערשטע קולטיווירט. זיינע משפחה־מיטגלידער, וואָס ער האָט אין צווישנצייט אַראָפּגעבראַכט אין לאַנד, האָבן אים געהאָלפן אין זיין אַרבעט און זיי פלעגן אַרבעטן ביז זעכצן שעה אין מעתלעת. מען האָט קיינמאָל נישט געהערט פון זיי קיין אָנקלאַגעס און קיין פאָדערונגען (פון וועמען?). זייער עקשנות און אַרבעטס־פלייס האָבן געהאַט זייער באַלוינונג — הייַנט־צו־טאָג איז די דאָזיקע משפחה איינגעפונדעוועט אין רמת־גן.

נחום אלפנער, אַ געבוירענער אין רוסלאַנד, אין זיין יוגנט אַ לערער און אַ שוחט. ער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע און דאָרט געאַרבעט אין אַ פאַבריק. אין יאָר 1921 האָט ער עולה געווען און זיך גלייך באַזעצט אין „עיר גנים" (רמת־גן) און ווי די פריערדיקע צוויי, אַזוי האָט אויך ער אָנגעהויבן פון אלף. ער איז שוין דאַן געווען איבער די פופציק. ער האָט אָנגעהויבן מיט האָדעווען עופות און פלאַנצן. מיט די אייגענע הענט האָט ער געפלאַנצט יעדן בוים. דריי טעג פלעגט ער שטיין נאָכאַנאַנד נישט מיד ווערן און מיט עקשנות גראָבן אַ גרוב דווקא אין אַ פעלז.

אײן מאָל האָב איך אים געזען אין אַן ערבֿ שבת װי ער שטײט אין רעגן און פֿלאַנצט. „ר׳ נתן, אין רעגן דװקא?״ — האָב איך אים געפֿרעגט. און ער האָט געענטפֿערט: ״דאָס זענען רעגנס פֿון ברכה און פֿאַר די בײמער איז דאָס זײער גוט. אַזױ פֿיל ייִדן זענען פֿאַראַן אױף דער װעלט און איך בין עס זוכה צו פֿלאַנצן אַ בױם אין דער ארץ־ישׂראל־ערד און אין אַזאַ רעגן״. פֿאַר דער ליבשאַפֿט צו זײַנע בײמער האָט ער זוכה געװען, אַז רמת־גן זאָל פֿאַראײביקן זײַן נאָמען, אָנרופֿנדיק אַ גאַס מיטן נאָמען „רחוב נתן״.

אַט אַזעלכע זענען געװען די ערשטע בױער און פֿלאַנצער אין רמת־גן. זײ זענען געקומען פֿון װײַט און נישט קײן יונגע פֿלאַנצן זענען זײ געװען. פֿונדעסטװעגן האָבן זײ געשלאָגן װאָרצלען אין אונזער ערד. מיט זײער ליבע און שװײס האָבן זײ געשלאָגן טיפֿע װאָרצלען און אַרױסגעגעבן ברײטע צװײַגן.

# אַן ערן־נאָמען

דער „אינקובאַטאָר פון טעראָר" — דאָס איז רמת־גן. אַזאַ איז געווען די מיינונג פון דער בריטישער געהיים־פּאָליציי. נאָר היות איך האָב געפלאַנצט כּל־וכך גערטנער אין רמת־גן און אין די גערטנער האָבן די אונטערגרונט־קעמפער געוויס אָפּגעהאַלטן זייערע צוזאַמענקונפטן און דורכגעפירט זייערע איבונגען, האָבן דעריבער די ענגלישע אינטעלידזשענס און אַדמיניסטראַציע אויך אויף מיר געוואָרפן אַן אויג. אין דער אמתן, ווי עס וועט זיך ווייטער אַרויסווייזן, האָבן די אונטערגרונט־קעמפער נישט געדאַרפט אָפּהאַלטן זייערע צוזאַמענטרעפן אין די גערטנער, ווייל צו דעם איז געווען פאַר זיי אָפן — מיין הויז. אַזוי ווי איך בין שטאָלץ דערויף נישט ווייניקער, ווי אויף מיין חלק אין אויפשטעלן די „הגנה", נישט ווייניקער ווי אויף מיין חלק אין אויפבוי און פאַרשענערונג פון לאַנד, וועל איך אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען דערציילן וועגן דעם, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט און וואָס רמת־גן האָט דורכגעמאַכט אין דער צייט פון קאַמף פון דער אונטערגרונט פאַר באַפרייען דאָס לאַנד פון די ענגלענדער. אַז מען וועט זיך אַמאָל באַפרייען פון דער ענגהאַרציקייט און מען וועט אָנהויבן אָפּשאַצן יעדן איינעמס חלק אין אונזער באַפרייאונג מיט אַ ברייטער היסטאָרישער מאָס און מיט אַ וואַרעם, ברייט יידיש האַרץ, — אַז עס וועט קומען דער דאָזיקער טאָג (הלואי מיר זאָלן זוכה זיין, ער זאָל קומען וואָס שנעלער!) און מען וועט דערמאָנען די ערטער, וואָס האָבן אַ באַזונדערע וויכטיקייט אין אונזער באַפרייאונגס־קריג, זאָל מען געדענקען דעם דאָזיקן ערן־נאָמען, מיט וועלכן די שפּיצן פון דער ענגלישער מאַכט האָבן באַצייכנט רמת־גן: „אינקובאַטאָר פון טעראָר".

## א. באהאלטענע פארדאכטן און - העפלעכע בריוו

דאָס איז געווען ביים אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. איך ווייס נישט, צי עס זענען שוין דאַן געווען אַ סך יידן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מיר דאַרפן זיך צוגרייטן צו אַ קריגס־צוזאַמענשטויס מיט דער בריטישער מאַכט און בריטישן מיליטער אין לאַנד. אָבער ווייזט אויס, אַז עס זענען שוין דאַן געווען פיל ענגלענדער, וואָס האָבן געטראַכט וועגן דעם. משמעות, אַז זיי האָבן געוווסט, מער ווי מיר, אַז זיי האָבן דאָס כשר „פאַרדינט".

פונוואַנען ווייס איך, אַז זיי האָבן אַזוי געטראַכט?

אַט פונוואַנען:

עס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן וווקס פון דער אַרבעטסלאָזיקייט און פּרנסה־נויט אין רמת־גן. ריכטיק, דאָס איז געווען אַ מכּת מדינה און נישט דווקא קיין רמת־גנער פּלאָג. אָבער אונזערע חכמים האָבן שוין געזאָגט: „עניי עירך ועניי עיר אחרת, עניי עירך קודמים" („אָרעמע לייט פון דיין שטאָט און אָרעמע לייט פון אַ צווייטער שטאָט, זענען די אָרעמע לייט פון דיין שטאָט ביילכער"). איך פיר זיך, אַז איך גיי פונעם נאָענטן צום ווייטן און נישט פאַרקערט. עס זענען פאַראַן זייטיקע סטעזשקעס, וואָס פירן אַרויס דעם מענטש צום הויפּט־שאָסיי.

צוערשט האָב איך פּרובירט פאַרלייכטערן די נויט מיטן באַשעפטיקן מענטשן ביים ירקות־צוכט. ביי דער דאָזיקער אַרבעט פלעגט מען פאַר־דינען 100—150 פּרוטה אַ טאָג. אָבער נאָך אַ קורצער צייט איז אויך דער דאָזיקער פּרנסה־קוואַל פאַרשטאָפּט געוואָרן.

האָבן די געדאַנקען אָנגעהויבן זוכן: געזוכט אין דער ערד פון מיין שטאָט, געטראָגן זיך פון איין אונטערנעמונג צו דער צווייטער. אומזיסט. די פאַבריקס־אונטערנעמונגען זענען פאַראַליזירט. האָבן די געדאַנקען זיך איבערגעטראָגן פון די הויכן און געפאַלן אויפן ים.

און זע אַ וווּנדער: פון דאָרט, פון ים, איז אויפגעקומען דער פּשר־טער און פרישער געדאַנק:

אמת, דאָס געהערט צום א. ג. „מיליטערישן סוד", אָבער פונדעסטוועגן איז עס קיין סוד נישט — צענדליקער שיפן פון די פאַרביינדעטע, וואָס פירן געוועער אויפן נאָענטן מזרח, ווערן דערטרונקען דורך די דייטשע אונ־טערוואַסער־שיפלעך. צענדליקער טויזנטער טאָן פון געוועער און אַמוניציע גייען לאיבוד אין ים. צי איז עס נישט זייער פּשוט אָנצוהויבן פּראָדוצירן דאָ, אין לאַנד, אַלץ וואָס מען קאָן נאָר? וואָלט דאָס נישט געווען אַ גרויסע איינשפּאָרונג פון טראַנספּאָרט־מיטלען און מענטשן־כוחות? קיין אַרבעטס־קראַפט פעלט דאָ נישט און אויך ספּעציאַליסטן זענען פאַראַן פיל. מען קאָן פאַנאַנדערטיילן די פּראָדוקציע אויף פאַרשידענע אָפּצווייגן און זיי פאַנאַנדערשפּרייטן אַזוי, אַז אויף איין פּלאַץ זאָל מען נישט וויסן, וואָס עס ווערט אויסגעאַרבעט אויף אַ צווייטן פּלאַץ. באַזונדערס לאָזט זיך פיל אויפ־טאָן פאַרן פּראָדוצירן אַמוניציע. דאָס איז נישט מער ווי אַן אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע פּראַגע. דאָס איז הויפּטזעכלעך אַ פּראַגע פון ווילן און צושטימונג פון דעם באַפעלמעכטיקטן אויף די זיכערהייטס־ענינים דאָ, דאָס הייסט — די הויפּט־קאָמענדאַנטור.

האָב איך אַלזאָ דעם דאָזיקן געדאַנק געבראַכט שריפטלעך פאַר דער קאָמענדאַנטור. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און אין אַ „שטרענג גע־היימען" בריוו האָט מען מיר מודיע געווען, אַז דעם־און־דעם טאָג, אין דער־און־דער שעה וועט מען קומען צו מיר אין דער אַנגעלעגנהייט. און זיי זענען אויך געקומען: איין קאָלאָנעל, צוויי מאַיאָרן, אַ קאַפּיטאַן און אַ לייטענאַנט.

איך האָב געזען, אַז זיי באַציען זיך ערנסט צו דער זאַך. איך האָב פאַר זיי פאַנאַנדערגעוויקלט מיין פּראָיעקט, וואָס האָט זיך אין צווישנצייט נאָך מער אויסקריסטאַליזירט ביי מיר, מיט אַלע איינצלהייטן. נאָך מער: איך האָב זיי געוויזן אייניקע אונטערנעמונגען פון דער רמת־גנער אינ־דוסטריע, וואָס קומען אין באַטראַכט. אין מיין נאַאיוויטעט האָב איך זיך שוין געפרייט אין האַרצן און געטראַכט: ווי אַזוי אַ קליינער און לאָקאַ־לער פּלאַנץ, פאַר וועלכן איך האָב געזאָרגט — הילף פאַר אַרבעטסלאָזע — וועט נאָך אויפוואַקסן און ווערן אַ גרויסער בוים, וואָס וועט זיך אויס־שפּרייטן מיט זיינע צווייגן ווייט־ווייט איבער די גרענעצן פון אונזער קליי־נער שטאָט און אירע זאָרגן.

אָבער ווייזט אויס, אַז די בריטישע קאָמענדאַנטור האָט געהאַט אירע אייגענע „דאגות".

פּלוצים בין איך איבעראַשט געוואָרן פון אַ פראַגע:

— וואָס האָט דיך דערצו געבראַכט צו העלפן אונז?

אין יענער צייט איז דאָס געווען אַ זייער משונהדיקע פראַגע.

איך האָב געענטפערט:

„אייער שונא, וואָס הייסט היטלער, איז אויך מיין שונא, ווייל איך בין אַ ייד".

אָבער צוויי פון די געסט, איינער פון די מאַיאָרן און דער לייטענאַנט, די אינטעליגענס־לייט, האָבן „טיפער" געפאָרשט:

— צי געפינט זיך ביי דיר דער נויטיקער מאַטעריאַל אַנצופילן די באָמבעס נאָכן גיסן זיי?

— צוטרוי לאָזט זיך נישט פאַנאַנדערטיילן. אויב איר וועט מיר שענ־קען צוטרוי אין באַצוג צום אָרגאַניזירן די גאַנצע אַרבעט, וועל איך זיך באַמיען צו זאָרגן אויך פאַר דעם טייל.

זיי פאַרשטאַרקן די „באַלאַגערונג" אויף מיר. יאָ, זיי ווייסן, אַז איך האָב ווירקלעך זיך באַשעפטיקט מיט פּראָדוצירן געווער פאַרן טערקישן מיליטער... (ערשט אין דער מינוט איז אויפגעשווומען אין מיין באַוווּסט־זיין דער חשד, אַז זיי זענען מיך חושד). פאַרשטייט זיך, אַז זיי ווייסן, אַז עס זענען פאַראַן נאָך יידן ספּעציאַליסטן אין צוגרייטן אויפרייס־מאַטער־

יאָל. יאָ! — דרך אגב גיט איינער אַ זאָג: קאָנסט אפשר צוגרייטן אייניקע מוסטערן פון מילס גראַנאַטן, פוילישע, דייטשע און אויך דעטאָנאַטאָרן פאַר זיי?...

איך האָב זיך שוין נישט געקאָנט מער באַהערשן, און איך האָב זיי פשוט געפרעגט:

— אין וואָס זענט איר בעצם פאַראינטערעסירט? אַריינצוּזעצן מיך אין עכו אויפן גרונט פון דעם, וואָס איך האָב געזאָגט אָדער געשריבן; אויפן גרונט פון דעם וואָס איך וועל אייך צוגרייטן „מוסטערן", אָדער זענט איר פאַראינטערעסירט באמת אין דעם, וואָס קאָן ברענגען נוצן דער מלחמה גופא?

איך האָב זיי נאָך אַמאָל פאַרזיכערט, אַז איך בין גרייט צו שטעלן זיך צו זייער דיספּאָזיציע מיט דער פולער ערנסטקייט און נעמען אויף מיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט דאָס אָנפירן מיט דער אונטערנעמונג. וואָס שייך די מוסטערן האָב איך געשטעלט אַ באַדינג, אַז דאָס זאָל געמאַכט ווערן אויפן גרונט פון זייערס אַ ווענדונג צו מיר שריפטלעך.

דאָס האָט ביי זיי אַרויסגערופן אַן אָפענע אומצופרידנקייט. איך ווייס נישט וואָס עס האָט ביי זיי אַרויסגערופן אַ גרעסערן פאַרדאַכט: מיין פאַרגאַנגענהייט, אָדער מיין צוקונפט. זיי האָבן אַ קורצע ווייַלע באַראַטן זיך בלויז מיט די בליקן. ווייזט אויס, אַז די דאָזיקע שטומע באַראַטונג איז געווען גענוג, כדי מיר מודיע צו זיין, אַז איך וועל באַקומען אַן ענטפער אויף מיין פאָרשלאָג נאָך דעם ווי זיי וועלן זיך באַראַטן וועגן דעם.

מיר האָבן זיך געזעגנט זייער פריינטלעך. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָב איך באַקומען אַ בריוו, פאַרשטייט זיך געשריבן אויך מיט דער פולער העפלעכקייט, און אויך מיט אַ טאָן פון ליבשאַפט. נאָר וואָס? פאַרלויפיק באַדויערן זיי, וואָס זיי קאָנען נישט אָננעמען מיין פאַטריאָטישן פאָרשלאָג, אָבער זיי זאָגן מיר צו, אַז אין דער פאַסיקער צייט וועלן זיי אים ווידער באַטראַכטן.

אויף דער דאָזיקער בריוו — געהיים, „שטרענג געהיים". איך האָב נישט פאַרשטאַנען. מיין פאָרשלאָג איז דאָך אַזוי נוצלעך און לאָגיש!

צוליב אַ חשד, וואָס זיי האָבן געהאַט אויף מיר, האָבן זיי באַשלאָסן נישט אויסצונוצן מיין פאָרשלאָג.

אין עטלעכע חדשים אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מען האָט אָנגעהויבן זיך באַנוצן מיט דער יידישער אינדוסטריע, כדי צו פּראָדוצירן פאַרשידענע געווער־טיילן.

## ב. אינקובאטאר פון א יידישער רעגירונג

שטיצנדיק זיך אויפן פאקט, אז יידן הויבן אן „האלטן" פון געוויסע זאכן נאר אויב די גויים האבן פריער געגעבן זייער „הסכמה", האט אמאל א דרשן געזאגט אין זיינער א דרשה: „בשוב ד' את שיבת ציון" — אז דער אייבערשטער האט פארשפראכן, אז מיר וועלן זיך אומקערן קיין ציון — „היינו כחולמים" — האבן מיר דאס מבטל געווען און נישט באַ־צויגן זיך ערנסט צו דעם: דאס איז א חלום! אבער „אז יאמרו בגויים" אויב אויך גויים האבן דערצו מסכים געווען — „הגדיל ה' לעשות" — האבן מיר, יידן, אנגעהויבן גלויבן.

דעם 15־טן מאי 1948 האבן מיר זוכה געווען צום גרויסן היסטארישן מאמענט, ווען עס איז אנטשטאנען א יידישע רעגירונג אין דער יידי־שער מדינה. נאר פאר דעם איז געווען דער באשלוס פון דריי און דרייסיק גויים־פעלקער וועגן אויפשטעלן די מדינה און די רעגירונג, און פונדאנען אויך — דער מוט און די אנטשלאסנקייט פון די יידן. (מיר געדענקען נאך, אז אויך דאס איז באטראכט געווארן ווי א געוואגטער שריט, ווייל עס האט זיך געפונען עמיצער פון די גויים, וואס האט נאך געוואלט אויפ־האלטן די זאך, נאר בן־גוריון האט געזאגט, האט געהאט דעם מוט, און האט נישט געווארט).

צי האבן מיר געדארפט ווארטן ביז מיר וועלן באקומען די דאזיקע „סמיכה" פון די גויים? צי איז עס נישט געווען אונזער פליכט צו דער־שיינען פאר די פעלקער, וואס פארזאמלען זיך נאך דער מלחמה, ווי א פאליטישע קערפערשאפט, וואס פארטרעט א פאלק?

יא, עס זענען געווען אזעלכע „משוגעים", וואס האבן געוואלט קומען מיט א יידישן באשלוס פאר דעם באשלוס פון פרעמדע.

כ"ב תשרי תש"ג (25.7.1943) איז אין רמת־גן אפגעהאלטן געווארן א גרויסע, אין צאל און אנזען, פאלקס־פארזאמלונג און האט פראקלאמירט דאס שאפן א צייטווייליקע יידישע רעגירונג. און טאמער איז פאראן ביי אייך א צווייפל, צי די געשיכטע פון דער דאזיקער פראקלאמירונג דארף קומען אינעם קאפיטל: „רמת־גן — דער אינקובאטאר פון טעראר", טא קומט און זעט ווי די בריטישע מאכטהאבער האבן זיך באצויגן צו דער זאך. יענעם טאג האט אין רמת־גן געווימלט מיט געהיים־אגענטן, וואס האבן נאכגעפאלגט יעדן שריט און יעדעס ווארט פון יעדן איינעם פון די איניציאטארן פון דער אקציע און זייערע חברים. דער גוישער שכל האט, ווייזט אויס, געזען אין דעם שריט אן אנהויב פון רעוואלט. עס איז ארויס־געגעבן געווארן א שטרענגער פארבאט צו פארעפנטלעכן וועלכע עס איז

ידיעה וועגן דעם צוזאַמענקום. מיר זענען געווען געצוווּנגען צו מעלדן וועגן אַ פֿאַרזאַמלונג, וואָס וועט באַהאַנדלען די יידישע לאַגע, אַ פֿאַרזאַמלונג מטעם דעם פֿאַרבאַנד „בני חורין". אָבער דער דאָזיקער פֿאַרבאַנד איז דאָך נאָר געשאַפֿן געוואָרן פֿאַר דעם דאָזיקן געדאַנק און אויך אין די אַרויסגעשיקטע פּערזענלעכע איינלאַדונגען האָבן מיר בפירוש מיטגעטיילט: דער ציל פֿון דער פֿאַרזאַמלונג איז אויפֿשטעלן אַ צייטווייליקע יידישע רעגירונג.

איך האָב געהערט צו די איניציאַטאָרן פֿון דעם געדאַנק, אָבער די צענטראַלע פּערזענלעכקייטן און דער לעבעדיקער גייסט אין דעם ענין זענען געווען ד"ר אברהם וויינשאַל און יענער טייערער אַלטיטשקער, וואָס עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער איז קיינמאָל נישט צו אַלט פֿאַר קיין שום יונגן און קעמפֿערישן געדאַנק. ר' ישראל ראָזאָוו ז"ל.

ווו דען זאָל פֿאָרקומען אַזאַ אומלעגאַלע פֿאַרזאַמלונג, אויב נישט אין רמת־גן? אין דער דאָזיקער רמת־גן איז דאָך סיי ווי נישט געווען קיין הויז און קיין שאָסיי, וואָס זענען געבויט געוואָרן מיטן וויסן פֿון די פֿרעמדע מאַכטהאָבער, ווי עס איז שוין דערציילט געוואָרן. און אויב דאָס איז שוין פֿאַרגעסן געוואָרן, דערמאָן איך עס דאָ און זאָל דאָס זיין אַן ערן־אָנדענק פֿאַר די פֿאָטערס פֿון דעם געדאַנק, פֿאַר די דרייסטע אין טאָט און אויך פֿאַר רמת־גן, וואָס האָט געהאַט דעם זכות אויפֿצונעמען ביי זיך די דאָזיקע פּאָליטישע „טעראָריסטן". אויך די דערמיט פֿאַרבונדענע געפֿאַר האָט רמת־גן גענומען אויף זיך.

400 פּערזאָן, פֿון אַלע שיכטן און עדות, פֿאַרשטייער פֿון פֿיל פּאַרטייען, האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין בנין „אהל־שם" נאָך דער אזכרה אין שול פֿאַר די קדושים פֿון פֿאָלק. רמת־גן איז יענעם טאָג געווען טיף גערירט פֿון דער דאָזיקער געשעעניש.

אין פּרעזידיום זענען געזעסן: פּראָפֿ. י. קלויזנער, ד"ר א. וויינשאַל, י. ראָזאָוו, ד"ר יקיר בכר, ד"ר ג. לעווינבערג, ד"ר י. פּראַנד, פּרץ דגן־קאָרנפֿעלד, ד"ר דאַנציגער, משה חסון, אַדוו. ש. פֿלאַי, יוסף עוזיאל, לעאָן רעקענאַטי, פּראָפֿ. מ. קאַפּשטיין, ד"ר גרינבערג, אינזש. י. אייזנשטיין, ד"ר אליהו און איך. צווישן די אָנטיילנעמער האָט מען געזען אַזעלכע אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן, ווי הרב טאָלעדאַנאָ, הרב פּראָפֿ. פּראַטא, דער שרייבער בן־ציון כץ, יעקב חורגין, פֿרוי זשאַבאָטינסקי־קאָפּ און פֿיל אַנדערע.

אַלס פֿאָרזיצער פֿון דער מועצה האָט מען מיר צוגעטיילט דעם כבוד צו עפֿענען די פֿאַרזאַמלונג. און אָט וואָס איך האָב דאָן געזאָגט (לויטן אָפֿיציעלן באַריכט):

„כבוד הרב הראשי! חשובע פאַרזאַמלטע!

רמת־גן נעמט אויף די חשובע געסט און דעם צוזאַמענקום דאָ מיט דער ברכה „ברוכים הבאים״.

עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס דער דאָזיקער צוזאַמענקום ווערט אָפּגעהאַלטן דווקא אין רמת־גן. אויף קליינע ערטער קאָן מען על פּי רוב רעדן אין פולער פרייהייט. רמת־גן געהערט צו יענע ערטער, ווו יעדער ייד האָט רעכט צו אַרבעטן, צו טראַכטן און אויך צו רעדן אויף אַ פרייען אופן.

איך וויל ווינטשן דעם דאָזיקן צוזאַמענקום אויך פּראַקטישע אויפטוען. רמת־גן פאַרפליכטעט דאָס, ווייל אויך רמת־גן איז אַ ממשותדיקער אויפטו פאַרן אויפבוי פון לאַנד. איך האָף, אַז פון דעם האָזיקן צוזאַמענקום וועלן אַרויסקומען מעשים און נישט בלויז ווערטער.

איך בין זיכער, אַז ארץ־ישראל וועט געהערן צו אונז און איך גלויב אויך, אַז דעם יידישן פאָלק איז נויטיק אַ פאַרטרעטערשאַפט, וואָס זאָל רעדן אין זיין נאָמען. געוויס זענען פאַראַן פיל מענטשן, וואָס האַלטן, אַז דאָס איז אַ פאַנטאַזיע. מעגלעך, אָבער איר דאַרפט געדענקען, אַז אַן פאַנטאַזיע איז נאָך קיין שום זאַך נישט געשאַפן געוואָרן אין לאַנד. דער „רעאַליזם״ האָט נאָך דאָ קיין שום זאַך נישט אויפגעטאָן. דער עצם ציוניזם איז געווען אַ פאַנטאַזיע. מיט אַ נעבעכדיקן בודזשעט פון דריי הונדערט פונט האָט זיך אָנגעהויבן די ציוניסטישע אַרבעט.

דער פאַקט וואָס מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין באַגריף אין לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט, זענען אַהער געקומען און געאַרבעט אויפן באָדן; דער פאַקט, אַז מיר פייערן היינט זעכציק יאָר פון דער עליה פון סטודענטן פון כאַרקאָוו, זעכציק יאָר פון דער עליה פון ביל״ויים, וואָס לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט איז זיי פרעמד געווען לגמרי — איז געוויס אַ קאָנסעקווענטער רעזולטאַט פון פאַנטאַזיע.

דאָס אַלץ פאַסירט, ווייל עס איז אין דעם געווען אַ נויטווענדיקייט. היינט זאָג איך: די איצטיקע שעה איז צוועלף און מיר האָבן נישט קיין אַנדער וועג. נאָך דער פריערדיקער וועלט־מלחמה האָבן מיר באַקומען די באַלפור־דעקלאַראַציע און איצט האָבן מיר באַקומען דאָס „ווייס־בוך״; אין דער פריערדיקער מלחמה האָבן מיר געהאַט אַ יידישן לעגיאָן מיט אַ יידישער פאָן, און איצט האָבן מיר יידישע בריגאַדעס אָן אַ פאָן. אונ־זער רויט און טייער בלוט גיסט זיך ווי וואַסער אומעטום, אונזערע סאָל־דאַטן פאַלן העלדיש אויף פאַרשידענע שלאַכט־פעלדער און ווען מען קומט רעדן וועגן יידישע סאָלדאַטן, רופט מען זיי נישט מיטן נאָמען יידישע, נאָר „פּאַלעסטינישע״. דאָס אַלץ דערפאַר, ווייל מיר האָבן נישט קיין אַפּי־

ציעלע און קאָמפּעטענטע פאַרטרעטערשאַפט, וואָס זאָל רעדן און ווירקן אין נאָמען פון גאַנצן פאָלק.

דער דאָזיקער צוזאַמענקום איז נישט באַשטימט כדי צו קעמפן קעגן עמיצן. להיפך, זאָלן די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן נעמען אין זייערע הענט די איניציאַטיוו און זאָלן זיי סוף־כל־סוף שאַפן די רעפּרעזענטאַנץ, מיט וועלכער מען זאָל זיך רעכענען אויפן פעלקער־פאָרום. אויך פריער האָב איך געגלויבט אין זיג פון די פאַראייניקטע פעלקער, אָבער איצט גלויב איך נאָך מער. איך זע, אַז מיר דערנענטערן זיך צום טאָג, ווען דאָס גאַנצע פאָלק וועט זיך אומקערן אין זיין היימלאַנד און אונז דערוואַרט — אַ „ווייס־בוך".

כד צו זיין גרייט צום טאָג פון נצחון, ווען מען וועט באַהאַנדלען די פּראָבלעמען פון פעלקער און לענדער, מוזן מיר שאַפן אַ רעפּרעזענטאַנץ פון יידישן פאָלק.

איך וויל, אַז פון דעם פּלאַץ זאָל אַרויס דער רוף צו אַלע יידן אין דער וועלט, אומעטום וווהין אונזער קול וועט דערגרייכן. דאָס קול רופט צו דערנענטערן זיך צו דער באַוועגונג, וואָס שאַפט די יידישע פאַרטרע־טערשאַפט. איר קאָנט דאָס רופן „פרייע יידישע רעגירונג־אין־גלות", אָדער געבן אַן אַנדער נאָמען, ווי עס געפעלט אייך. איין זאַך איז קלאָר: עס איז אַ נויטווענדיקייט צו שאַפן די רעפּרעזענטאַנץ. אויב מיר וועלן פּערמאַנענט אָנגיין מיט דער דאָזיקער אַרבעט — און עס איז אַ שאָד די אַלע יאָרן, וואָס זענען אַריבער און מיר האָבן גאָרנישט געטאָן אין דער ריכטונג — וועט עס נישט זיין קיין לעגענדע. אויב מיר וועלן דאָס נאָר וועלן. מיר מוזן דאָס וועלן, ווייל מיר האָבן נישט קיין אַנדער וועג.

איך עפן דערמיט דעם צוזאַמענקום און ווינטש אים פּרוכטבאַרע אַרבעט".

די רעדעס, וואָס זענען געהאַלטן געוואָרן אויף דעם צוזאַמענקום, זע־נען געווען דורכגעדרונגען מיטן באַוווסטזיין, אַז עס איז ווירקלעך גע־קומען די שעה פאַר דער דאָזיקער געוואַגטער פּאָליטישער טאַט. נישט שטיין מער ווי אָרעמעלייט ביי דער טיר, ווי שתדלנים, נאָר ווי אַ שטאָלצע רעפּרעזענטאַנץ פון אַ גרויס פאָלק. אַזאַ רעפּרעזענטאַנץ וועט זיין קאָמ־פּעטענט צו דערשיינען ווי אַ צד צווישן די זיגערישע פעלקער, ווי אַ צד וואָס פאַרלאַנגט צו באַשטראָפן די קריגס־פאַרברעכער, קאָמפּעטענט אויפ־צומאָנען אַנטשעדיקונג און צו געבן פּאָליטישע פאָרשלאָגן וועגן גורל פון לאַנד אין פאָרם פון אַ טשאַרטער. וואָס איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן אויפן צוזאַמענקום און איז פאָרגעלייענט געוואָרן דורך פ. דגן־קאָרנפעלד.

דער צוזאַמענקום האָט זיך לײדער פאַרענדיקט בלויז מיט אָננעמען באַשלוסן און ווײלן קאָמיסיעס, אָבער דער געדאַנק פון אַ צייטווייליקער

יידישער רעגירונג איז נישט איינגאַנצן פרעמד געווען דעם יידישן אויער, וואָס האָט, נישט געקוקט אויף אַלע צענזור־מיטלען, אויפגענומען דאָס, וואָס איז געזאָגט געוואָרן אויף דעם כינוס אין רמת־גן. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז דער דאָזיקער כינוס האָט צוגעגעבן בלעטלעך — די ענגלענ־דער רופן זיי „שוואַרצע" און מיר מעגן זיי רופן גאָלדענע — אין ד"ר ווייגשאַלס און אין מיינע „תיקים" און ביידע האָבן מיר דאָס „גענומען אין באַטראַכט", ווען מיר האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן הינטער די שטעכל־דראָטן פון אינטערנירונגס־לאַגער אין לאַטרון.

יאָ, אַזוי פּאַסירט, אַז אַ געדאַנק איז „טעראָר" און אפשר נישט פון די ווייניקער געפערלעכע. ער פאַרזעצט אַ פלאַנץ אין הערצער און איך ווייס פון דערפאַרונג: דער וואָס פלאַנצט — וועט זען אַ געוויקס.

## ג. קאָנטאַקט מיט דער אונטערגרונט

איך בין אַלע יאָרן געווען אַ חבר פון דער „הגנה". איך האָב קיינמאָל נישט געהערט צו קיין איינער פון די צוויי אונטערגרונט־באַוועגונגען און אויך נישט צו די פּאַרטייען, וואָס האָבן זיי געדינט אַלס הינטערלאַנד. אָבער דאָס האַרץ פרעגט נישט און וויל נישט פרעגן ועגן קיין פּאָליטישע באַוועגונגס־ראַמען און מיין האַרץ איז געווען מיט יעדן ייד, וואָס קעמפט פאַר דער פרייהייט פון פאָטערלאַנד, פאַרן יידישן כבוד. נישט אומזיסט בין איך געוואָרן אַזוי פאַרבונדן מיט ליבשאַפט צו מיכאל האַלפּערין, און נישט אומזיסט האָב איך זיך געהאַט אָנגענומען אַמאָל פאַר זשאַבאָטינסקיס כבוד, כאָטש איך בין געווען ווייט פון אים אין פּאָליטישער הינזיכט. דעריבער האָב איך נישט קיין מורא פאַר די אַלע „איזמען", וואָס מען קאָן מיר צושרייבן צוליב דער דאָזיקער נטיה מיינער. איך בין רואיק מיט מיין געוויסן און האַרץ. די דאָזיקע דאָפּלטע פּאָזיציע מיינע — אַלס ותיק אין דער „הגנה" פון איין זייט, און אַ סימפּאַטיקער פון דעם, וואָס עס האָבן געטאָן די אונטערגרונט־באַוועגונגען, פון דער צווייטער זייט — האָב איך אויסגענוצט לטובת אַלע צדדים. מיין דעוויז איז געווען: „יעדער שונא פונעם שונא פון מיין פאָלק — איז מיין פריינט". אַ ברידער־קריג, אַפילו אין אַ באַשרענקטן פאַרנעם, ווי עס איז געווען אין אַנדערע ערטער, איז נישט געווען אין רמת־גן. איך האָב געוווסט אין די שווערע מינוטן צו פאַרבינדן זיך מיט וועמען מען דאַרף און אַ דרוק טאָן ווו מען דאַרף. קיין יידיש בלוט איז דאָ דורך יידן נישט פאַרגאָסן געוואָרן.

געוויס געדענקט יעדער, אויסער דעם וואָס וויל פאַרגעסן, אָדער קאָן נישט געדענקען, ווייל ער איז דאַן נישט געווען אין לאַנד, אָדער נאָך

יונג געווען, אַז עס איז אַמאָל געווען אַ זייער טרויעריק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון ישוב — דער אַזוי גערופענער „סעזאָן". איך באַטראַכט עס אַלס גרויסן זכות פאַר מיר, וואָס איך האָב נישט דערלאָזט, אַז אין רמת־גן זאָל דורכגעפירט ווערן דער דאָזיקער „סעזאָן".

דער „סעזאָן" האָט זיך אָנגעהויבן, פאַרשטייט זיך, אויך ביי אונז, ווי אויף יעדן פּלאַץ. די מושבה איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט געקומענע פון קבוצים, וואָס זענען מאָביליזירט געוואָרן צו דעם דאָזיקן הייליקן קריג קעגן די אונטערגרונט־קעמפער. מען קאָן נישט זאָגן, אַז די „פעולה" איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויף אַן אופן פון אַבסאָלוטער געהיימקייט און מאַס־קירונג. די גרופן זענען געווען צו גרויסע און די טיפן האָבן זיך צו שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן מיט זייער פרעמדקייט אויפן אָרט, בכלל, און מיט זייער קבוצישן אָפּשטאַם בפרט. זיי האָבן פאַרפולט די קאַפע־הייזער און רעסטאָראַנען, זענען אַרומגעלאָפן אין טעקסיס און אָנגעשטעלט וואַכן ביי געוויסע הייזער. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז נישט ווייניק אַרבעטס־טעג און געלטער זענען פאַרשווענדעט געוואָרן אויף דער דאָזיקער אַקציע. אָבער וועגן דעם דאָזיקן טייערן „דמים" (געלט), וואָס ווערט פאַרשווענדעט, האָב איך דאַן נישט געקאָנט טראַכטן. מיין זאָרג איז דאַן געווען, אַז עס זאָל נישט קאָסטן קיין „דמים" (בלוט) ממש. אין רמת־גן גופא האָבן די אונטערגרונט־קעמפער שטענדיק געהאַט אַ געפיל פון זיכערקייט און זיי האָבן זיך נישט געשראָקן. דאָ האָט אויך די „הגנה" נישט געוואָגט אַרויסצוטרעטן מיט אָפענע אַקציעס. זי האָט אָנגעהויבן מיט איר טעטי־קייט אויף דער פּעריפעריע פון רמת־גן, אויף אַ פּלאַץ, וווּ זי האָט זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים. אין דער שכונת באַראַכאָוו זענען זיי באַ־פאַלן אַ גרופע מענטשן, וואָס זענען מיט רעכט אָדער נישט, דאָס איז נישט וויכטיק, באַטראַכט געוואָרן אַלס אָנגעהעריקע צו אצ"ל. דער ענטפער איז געקומען שנעל. דער מפקד פון דער „הגנה" אין דן־ראַיאָן האָט באַקו־מען שטאַרקע קלעפּ פון „אומבאַקאַנטע" און געמוזט ליגן אין בעט.

איין מאָל איז פאַרכאַפּט געוואָרן אַן אצ"ל־חבר מיטן נאָמען ג. און ווידער האָט זיך דער ענטפער נישט פאַרזוימט. ר., וועלכער איז געווען פון די שפּיצן פון ש"י, איז פאַרכאַפּט געוואָרן אַלס ערובניק. נאָך אַ משא־ומתן זענען ביידע באַפרייט געוואָרן. אָבער ווי פאַרשידן זענען געווען די געפאַנגענשאַפט־באַדינגונגען! דער אצ"ל־חבר איז וואָס אַן אמת נישט געפייניקט געוואָרן, ווי עס האָט פּאַסירט אין געוויסע פאַלן, אָבער מען האָט אים געהאַלטן אין שווערע באַדינגונגען און צוגעשמידט צו זיין בעט. דאַקעגן האָט דער ש"י־חבר נישט געקאָנט זיך אָפּוווּנדערן פון דער העפ־לעכער באַציונג, פון וועלכער ער האָט געהנאָסן מצד זיינע פאַנגער:

מען האָט נישט בלויז געזאָרגט פאַרן עסן לויט זיין אויסוואַל, נאָר אויך מיט זיין צייטונג „דבר" האָט מען אים פאַרזאָרגט. און מיט סיגאַרעטן פון דעם מין, וואָס ער איז געווינט געווען צו רויכערן.

אַז עס איז געקומען יענער קריטישער שבת, ווען די צוזאַמענשטויסן צווישן אצ"ל און „הגנה" זענען דערגאַנגען צו זייער הויכפּונקט, און ביי מוגרבי — דוכט זיך — איז אויך געלאָזט געוואָרן אין גאַנג הייס געווער, האָב איך באַשלאָסן: זאָל זיין וואָס עס וועט זיין און אויסמיידן די שענד־לעכע בלוט־פאַרגיסונג אין רמת־גן.

אמת, דער מפקד פון אצ"ל האָט דערקלערט, אַז עס וועט נישט זיין קיין ברידער־קריג, אָבער — געווער איז געווער און דו ווייסט קיינמאָל נישט דורך וועמען און ווי אַזוי עס איז צוערשט באַנוצט געוואָרן.

גלייך באַגינען האָב איך זיך געווענדעט צם מפקד פון חי"ש ב., וואָס אויף אים איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע אויסצופירן די אינסטרוקציע וועגן „חשבון" מיט די „פורשים". איך האָב אים דערמאָנט די דערקלערונג פון מפקד פון אצ"ל, דאָס הייסט, אַז איך האָב אויף אים, דעם מפקד פון חי"ש אַרויפגעלייגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אויב עס וועט דורך יידן פאַרגאָסן ווערן יידיש בלוט אין רמת־גן. איך האָב אים געפרעגט צי ער איז מסכים צו נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער זאַך און וואָס פאַר אַ נוצן וועט דאָס ברענגען. נאָך דעם ווי עס איז אים קלאָר געוואָרן מיין קאַטעגאָרישע שטעלונג, האָט ער מסכים געווען צוצונעמען אויף יענעם טאָג דאָס געווער פון זיבעציק מענטשן מיטן באַדינג, אַז דאָס זעלבע וועט אויך געטאָן ווערן דורכן צווייטן צד.

אַזוי האָט רמת־גן אויסגעמיטן די חרפה פון אומזיסטן פאַרגיסן בלוט פון ברידער. ווען עס וואָלטן געפירט געוואָרן און פאַרעפנטלעכט געוואָרן פּראָטאָקאָלן פון די זיצונגען פון דער „הגנה"־ליטונג אין דן־ראַיאָן, וואָלטן מיר דאָרט געפונען באַריכטן וועגן שטורמישע זיצונגען, אויף וועלכע איך האָב שווער געקעמפט פאַר אויסמיידן אַ ברידער־קריג.

אויב עס זענען געווען אַרעסטן פון יחידים אין רמת־גן, איז דאָס נישט געווען קיין פּרוכט פון אַן אָרגאַניזירטער „צוזאַמענאַרבעט". פּריוואַטע „אינפאָרמאַטאָרן" זענען געוויס אויך דאָ געווען, ווי אויף יעדן אָרט. אָבער קיינער איז נישט פאַרכאַפּט געוואָרן דורך דער „הגנה", כדי אויס־געליפערט צו ווערן צו די ענגלענדער, און אויך קיין איין אָפענער איבער־פאַל איז נישט געווען. און — צו אונזער חרפה — זענען דאָך אַזעלכע זאַכן געווען אין יענע טעג אין פיל ערטער אין לאַנד.

עס שיינט מיר, אַז רמת־גן מעג דערמיט שטאָלץ זיין.

אָן שום ספק, אַז אין „געוויסע" בריטישע אַמטן האָט מען אָפּגעהיטן

מיינע „תיקים" און מען האָט נישט דורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט „צוצו־געבן" צו זיי. אמת, עס זענען געווען נאָך פיל אַנדערע, וואָס האָבן אין זייער פאַרגאַנגענהייט אָפּגעהיטן, ווי איך, זייערע בירגערלעכע פליכטן אין באַצוג צו דער אָטאָמאַנישער מאַכט, אַ טייל פון זיי האָט אויך געדינט אַלס אָפיצירן אויפן פראָנט, און פונדעסטוועגן האָבן זיי זיך נישט אָפּ־געהאַלטן דערנאָך פון זיין גרויסע פּאַטריאָטן פון ענגלישן מאַנדאַט. אָבער איך האָב נישט געקאָנט נישט זיין מיט די, וואָס האָבן דערקלערט מלחמה דער בריטישער הערשאַפט און איך האָב נישט געגלויבט קיינמאָל, אַז די דאָזיקע הערשאַפט וועט פאַלן אָדער צוריקציען זיך אַלס רעזולטאַט פון פאַרהאַנדלונגען. מיינע צוזאַמענטרעפן מיט די אצל־ און לח"י־חברים פלעגן פאָרקומען על פי רוב ביי מיר אין שטוב. עס זענען געווען סטאַבילע פאַרבינדלער, וואָס איך האָב זיי געקענט און איך האָב צו יעדער מינוט גע־ווּסט ווו מען קאָן זיי געפינען, כדי איבערצוגעבן אַ נויטיקע מיטטיילונג. געוויס זענען געווען ווייניק מענטשן אין היגטערלאַנד, וואָס האָבן גע־ווּסט די ווּוין־ערטער פון די אונטערגרונט־פירער און די ערטער פון די געווער־מאַגאַזינען. „נאָך אַלעמען" האָב איך אַמאָל שפּאַצירט מיט ד"ר שייב אין אַ פאָרשטאָט פון רמת־גן און ער האָט מיר „אַנטדעקט", מיט גרויס פייערלעכקייט, דאָס הויז ווו ער האָט געוווינט אין די טעג פון אונ־טערגרונט און איך האָב אים געענטפערט מיט אַ גרויס געלעכטער, ווייל... איך האָב עס געגעבן דעם רשיון צו בויען דאָס הויז און איך האָב געווּסט פאַר וועמען עס איז באַשטימט...

די עניינים, צוליב וועלכע די אונטערגרונט־ארגונים זענען געקומען מיט מיר אין באַריר, זענען געווען פאַרשידנאַרטיקע. טיילמאָל איז דאָס געווען אין אַן ענין פון אויסנוצן פאַרבינדונגען און איינפלוס, טיילמאָל אַ געלט־ענין. עס איז אויך געווען נויטיק פינאַנסיעלע הילף, אין פאָרם פון שפּענדונגען, אָדער אין פאָרם פון הלוואות. צייטנווייז האָט מען זיך אויך גענויטיקט אין אַ פערזענלעכער רעקאָמענדאַציע פאַר עמיצן, אַז ער איז ווירקלעך אַ פאָרשטייער פון דער אונטערגרונט.

עס איז געווען אַ פּראָבלעם פון אַרבעט און באַשעפטיקונג פאַר מענטשן וואָס זענען, צוליב דער מורא פאַר אַן „עין הרע" געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן אַנדערע ווּוין־פּלעצער אין לאַנד, אָדער זענען אַנטלאָפן פון טורמע און איגטערנירונגס־לאַגערן, און האָבן געדאַרפט זיין רעגיסטרירט אויף אַ וועלכן עס איז אַרבעטס־פּלאַץ, ווי פרידלעכע בירגער. נישט שטענדיק האָבן זיי געקאָנט זיך ווענדן צו דער לשכת עבודה און שטיין אין דער ריי... אַ טייל פון זיי איז איינגעאָרדנט געוואָרן אויף אַרבעט אין פאַבריק, גערטנעריי, עפנטלעכע אַרבעטן. עס איז נויטיק געווען הילף פאַר די משפחות

פון די אַרעסטירטע, איינגעאָרדנעטע זייערע קינדער אין גנים און שולן. עס זענען געווען פאַלן פון סטאַביליער געלט־אונטערשטיצונג. אויך די דאָזיקע „חטאים" מיינע דערמאָן איך, די אונטערגרונט האָט ביי מיר גע־האַט „פּראָטעקציע".

אַזוי, צום ביישפּיל, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אויף אַרבעט אַלס לערער דער בית"ר־יסט, דער דיכטער סקולסקי; די אַלמנה פון אברהם שטערן האָט זיך באַזעצט אין רמת־גן מיט איר קליין קינד יאיר, וואָס איז געבוירן געוואָרן שוין נאָך דעם, ווי עס איז דערמאָרדעט געוואָרן זיין פאָטער הי"ד; צו יענער צייט איז זי ממש געווען אין אַ געזעלשאַפטלעכן נידוי, אָבער אין רמת־גן איז קיינער נישט געוואָרן פאַראַכטעט; מיר האָבן געזאָרגט, אַז זי זאָל באַקומען אונטעריכט־שעהן אין מוזיק אין קינ־דער־גערטנער און אין פּריוואַטע הייזער, דאָ און דאָרט האָבן זיך געהערט ווערטער פון אומצופרידנקייט, אָבער זי האָט געפונען אַ היים און פּרנסה. אַזוי האָט אויך גענאָסן פון ממשותדיקער הילף די פרוי פון אַרעסטירטן וויצע־מפקד פון אצ"ל, מרידור. זי האָט געוווינט אויף דער גרענעץ פון רמת־גן און אירע קינדער האָבן געלערנט אין אונזער שולע.

אויב איך האָב צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים נישט געקאָנט פירן אָפיציעל און אָפן קיין הילף־טעטיקייט פאַר די משפחות פון די אָנגע־הער יקע צו דער אונטערגרונט און אירע פּליטים, האָב איך אין דער דאָזי־קער אַרבעט געהאַט צו־הילף מיין טאָכטער, מרים, וואָס האָט אויפגעטאָן גרויסע און זייער פיל זאַכן אויף דעם געביט.

טיילמאָל פלעגט מען זיך ווענדן צו מיר וועגן פאַרשאַפן פלעצער פאַר אַ באַזונדערן צוועק: פאַר געווער־איבונגען, קורסן א"א. צי האָב איך גע־קאָנט מסכים זיין, אַז די בחורים זאָלן אַרויסגיין אויף „פּעולות" אַן דער געהעריקער אויסאיבונג? אמת, איך האָב די דאָזיקע ביטעס נישט גע־בראַכט צום באַהאַנדלען פאַר דער מועצה און איך האָב אַליין זיי באַשטע־טיקט די פּלעצער, אָבער ווי איך האָב שוין פריער דערציילט, האָב איך פיל זאַכן, און ווייניקער „דעליקאַטע", געטאָן אָן רשות פון דער מועצה ווען דאָס איז געווען נויטיק.

איינמאָל האָב איך מיט צער צוגעזען ווי דער פּחד קאָן צונעמען ביי אַ מענטש זיין פאַרשטאַנד און זיין געוויסן.

מען קלינגט ביי מיר אין הויז אַזייגער דריי נאָך האַלבער נאַכט. עס איז דערשינען דער מפקד פון אצ"ל, וואָס האָט דורכגעפירט דעם אָנפאַל אויפן בריטישן לאַגער אויף דער אויסשטעלונג אין צפון פון תל־אָביב. ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער האָט געבראַכט די פאַרוווּנדעטע אין אַ שיפל אויפן ירקון ביז רמת־גן, און איצט ליגן זיי אין „עזרת נשים"

פון דער גרויסער שול. ער האָט זיך געווענדעט צום לייטער פון שפּיטאָל „פּעולן" און געבעטן דרינגענדיקע הילף. די פאַרוווּנדעטע האָבן זיך געגוי־טיקט אין באַלדיקע אָפּעראַציעס און בלוט־טראַנספוזיעס. דער שפּיטאָל־לייטער האָט אָפּגעזאָגט. אונטערן דרוק פון מפקד איז דער דאָקטאָר גע־קומען צו מיר.

— דאָקטאָר, פאַרוואָס נעמסטו נישט אָן די פאַרוווּנדעטע? — האָב איך געפרעגט.

— איך קאָן נישט נעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אויב דו וועסט מיר זאָגן, איך זאָל זיי אויפנעמען אויף דיין אחריות — וועל איך דאָס טאָן.

— צי האָסטו געשווירן בעתן באַקומען דעם דאָקטאָר־טיטל, צו דער־לאַנגען הילף פאַר דיינע שונאים?

— יאָ.

— זיי זענען דיינע שונאים?

— ניין.

— נעם אַלזאָ צו דיר די דאַזיקע מענטשן און גיב זיי די מאַקסימאַל־סטע הילף. אין דער מינוט האָט נישט דער ענין פון אחריות קיין שום באַדייטונג.

א פאַרכישופטער קרייז האָט זיך געשאַפן אין דער פרשה פון די אַרעסטירטע. די משפחות, וואָס פלעגן זיך באַמיען צו באַפרייען אַ זון אָדער מאַן פון אַרעסט, פלעגן בעטן רעקאָמענדאַציעס פון פאַרשידענע פּערזענלעכקייטן. איך פלעג זיך נישט אָפּזאָגן צו געבן אַזעלכע רעקאָ־מענדאַציעס די איינוווינער פון רמת־גן. סוף־כל־סוף האָב איך דאָך נישט געמוזט וויסן צי דער אָדער יענער איז אַ חבר פון אצ"ל אָדער לח"י, צי נישט. מיט אַ רואיק געוויסן האָב איך געקאָנט אונטערשרייבן, אַז דער און יענער איז אַן ערנטלעכער און אַנשטענדיקער בירגער. אָבער מיין געוויסן וואָלט מיך נישט אָפּגעהאַלטן אונטערצושרייבן, אַז פלוני איז אַן אָרנטלעכער און אַנשטענדיקער מענטש, אויב אַפילו איך וואָלט געוווּסט בפירוש, אַז ער געהערט צו דער אונטערגרונט. אויסער די רעקאָמענדאַ־ציעס, זענען געקומען די פּערזענלעכע גאַראַנטיעס. דאָס איז געווען אַן ערנסטערע זאַך, און כדי די גאַראַנטיעס זאָלן האָבן אַ ווערט האָט מען געדאַרפט זיין שפּאָרזאַם מיט זיי. פונדעסטוועגן האָט מען אַמאָל אין דער געהיים־פּאָליציי געזאָגט ה' אָסטערן, וועלכער איז געקומען זיך מטפל זיין מיט אַן ענין פון איינער אַן אַרעסטאַנטין פון רמת־גן: „הער קרייניצי איז זייער ברייטהאַרציק מיטן געבן פּערזענלעכע גאַראַנטיעס, אָבער ער אַליין דאַרף האָבן אַן ערב. ווער וועט פאַר אים ערב זיין?".

איינע פון די וויכטיקסטע זאַכן אין די טעג פון אונטערגרונט־קאַמ־

און אין די טעג פון געמיינזאַמען געראַנגל פון גאַנצן ישוב, איז געווען דער ענין פון אינפאָרמאַציע. צום שבת פון אַלע אונטערגרונט־באַוועגונגען דאַרף איך אונטערשטרייכן, אַז יעדע זאַך, וואָס איז זיי באַקאַנט געוואָרן און איז געווען פון אַלגעמיינער וויכטיקייט, פלעגן זיי שנעל איבערגעבן דורך מיר איינע די אַנדערע. איבעריק צו זאָגן, אַז איך פלעג גלייך מודיע זיין די אונטערגרונט־גרופן וועגן שריט, וואָס די ענגלענדער פלאַנירן אונטערצונעמען, ווען עס איז מיר נאָר באַוווּסט געוואָרן וועגן דעם.

מיטן פראָקלאַמירן, אַז די ענגלענדער פאַרלאָזן דאָס לאַנד און מיטן אָנהייב פון דער אַראַבישער אינטערווענץ, האָט, פאַרשטייט זיך, נאָכגעלאָזט די געהיימקייט פון די צוזאַמענטרעפן מיט דער אונטערגרונט. דאָ און דאָרט זענען נאָך פאָרגעקומען לייכטע אינצידענטן מיט דער „הגנה" און די צדדים פלעגן קומען צו מיר און איך האָב אויסגעמיטן ערנסטע שטרייטן. אָבער אין יענער צווישן־צייט, פון פראָקלאַמירן דאָס עוואַקואירן זיך פון די ענגלענדער ביז צום פראָקלאַמירן די מדינה, זענען אצ"ל און לח"י דערגאַנגען צו אַ מצב פון אַנערקענונג דע־פאַקטאָ, הגם נישט קיין אַנערקענונג דע־יורע.

פון דער דאָזיקער תקופה וויל איך דערציילן צוויי כאַראַקטעריסטישע פאַלן, וואָס אין אַ גרויסער מאָס באַצייכענען זיי די צווישן־צייט־אַטמאָספער פון מאַכט־וועקסל.

דער ערשטער פאַל, וואָס איז אויך דירעקט נוגע געווען רמת־גן, איז געווען דער ענין שייך־מוניס. פון קאָמפעטענטע קוועלן האָבן מיר באַקומען ידיעות, אַז אין שייך־מוניס, דעם גרויסן אַראַבישן דאָרף, „קאָכט" זיך עפּעס. דורך דער טעלעפאָנען־צענטראַלע אין רמת־גן האָבן מיר אויפגעכאַפּט טעלעפאָנישע געשפּרעכן פון שייך־מוניס, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אונזער טעלעפאָנען־צענטראַלע, מיט אַראַבישע ראַיאָנען, וואָס האָבן זיך געפונען אין די הענט פון די איראַקער. אויסשפּירונגען פון דער לופט האָבן געוויזן, אַז עס ווערן געמאַכט באַפעסטיקונגס־אַרבעטן. עס זענען דערגאַנגען ידיעות וועגן דייטשע אָפיצירן, וואָס געפינען זיך אין דעם דאָרף. די געפאַר איז געווען זייער אַ גרויסע. ווען עס וואָלט די אַראַבער געלונגען צו באַפעסטיקן זיך אין שייך־מוניס, ווי זיי האָבן זיך אין דער זעלבער צייט באַפעסטיקט אין אבו־כביר — וואָלטן זיי לייכט געקאָנט באָמבאַרדירן די רידינג־סטאַציע אין רמת־גן. דאָס דאָרף געפינט זיך אויף אַ בערגל, וואָס קאָנטראָלירט דעם גאַנצן צפון־ראַיאָן פון תל־אביב און די שטאָט וואָלט ממש אַריין אין אַ קלעם פון צפון און דרום. אין תל־אביבער פאָרט האָט מען אויסגעלאָדן געווער, וואָס איז געווען אונזער רעטונג. מיט עטלעכע גראַנאַט־וואַרפער פון 3 אינטש וואָס האָבן

נישט געפעלט די אַראַבער, האָט מען געקאָנט פּאַראַליזירן יעדע טעטיקייט אין פּאָרט.

עס האָט מיך אַרומגענומען אַן ערנסטע זאָרג. איך האָב אָנגעהויבן אַלאַרמירן אַלע פאַקטאָרן. איך האָב זיך געווענדעט צום חי״ש, איך האָב זיך געווענדעט צו רוקחן, איך האָב זיך געווענדעט צום אצ״ל און איך האָב זיך געווענדעט צו לח״י.

דעם פרייטיק פון ערב פּסח האָט מען מיך פון לח״י געבעטן צונויפרופן ביי מיר אין שטוב אַ געמיינזאַמען צוזאַמענקום מיט ה׳ רוקח. אויף דעם צוזאַמענקום איז צופעליק אויך געווען אַנוועזנד סאַפּיר. פון לח״י איז געקומען ד״ר שייב און דערציילט אונז וועגן גאַנג פון די ענינים. אַ באַוואָפנטע לח״י־איינהייט איז אַריינגעדרונגען אין שייך־מוניס און איבערגעגעבן די אַראַבער פון דאָרף אַן אולטימאַטום: עוואַקואירן דאָס דאָרף, אָדער איבערגעבן אים אין די הענט פון יידישע כוחות. די אַראַבער פון דעם דאָרף זענען געוואָרן זייער דערשראָקן און האָבן מודיע געווען אַז זיי ווילן פאַרלאָזן דאָס דאָרף, אָבער זיי ווילן אַ פאַרזיכערונג, אַז מען וועט אָפּהיטן זייער פאַרמעגן און אָפּגעבן עס זיי צוריק נאָך די קאַמפן. זיי פאַרלאַנגען די גאַראַנטיע פון די פאָרזיצערס פון די שטאָט־פאַרוואַלטונגען און די מועצות אין דער סביבה. צו יענער צייט האָט זיך מיר נאָך אויסגעוויזן דאָס פאַרלאָזן פון די אַראַבער ווי אַ גרויס אומגליק. על כל פנים די אָפיציעלע ליניע האָט נישט גורם געווען קיין עוואַקואַציע. אַזויווי לח״י האָט מודיע געווען, אַז אויב די „הגנה״ וועט נישט אַריין אין דעם דאָרף, וועלן זיי אַהין אַריין, האָט רוקח צוגעזאָגט צו פאַרבינדן זיך מיט דעצידירנדיקע פאַקטאָרן. דער לח״י־פאָרשטייער האָט צוגעזאָגט צו וואַרטן פיר און צוואַנציק שעה.

צומאָרגנס, שבת, 9 פּרי, האָב איך געקאָנט מודיע זיין לח״י אין נאָמען פון מפקד פון חי״ש, אַז די „הגנה״ גייט אַריין אין דאָרף. עס זענען געווען אַ סך צווייפלונגען טאָמער חס ושלום וועלן די אַראַבער — אַנטלויפן.

אַ צווייטער כאַראַקטעריסטישער פאַל: אַ רעקוויזיציע־אַקט מצד אצ״ל. דער פאָרזיצער פון דער מועצה פון רעננה, ה׳ אָסטראָווסקי, האָט זיך געווענדעט צו מיר דורך ה׳ אריאב, איך זאָל פאַרמיטלען צווישן אים און אצ״ל און איך זאָל משפיע זיין אויף זיי, זיי זאָלן אומקערן 200—300 בהמות, וואָס זיי האָבן צוגענומען פון אַראַבער אין דער אומגעגנט פון רעננה, און וועלכע ער, אָסטראָווסקי, האָט זיך פאַרפליכטעט אומצוקערן זיי. איך האָב צוגעזאָגט מטפל זיין מיט דער זאַך און איך האָב איינגעלאַדן צו מיר דעם מפקד פון אצ״ל, וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער „פעולה״. אָט איז דער שמועס, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן אונז. איך



די בירגערמייסטער פון תל־אביב, נתניה און רמת־גן — „סובלאָקאַטאָרן“ אין לאטרון



ווידער אויפן פערד (צומאָרגנס נאָכן פאַרלאָזן לאַטרון)

געדענק אים זייער גענוי, ווייל ער איז פאָרגעקומען צוויי מאָל. אַז איך האָב דעם מפקד איבערגעגעבן מיין פאָדערונג, האָט ער מיר געזאָגט:

— איך וועל דיך פרעגן אייניקע פראַגן. נאָך דעם ווי דו וועסט מיר ענטפערן אויף זיי, וועל איך מסכים זיין צו האַנדלען לויט דיין באַשלוס.

— פרעג.

— מיר זענען אין קריג מיט די אַראַבער?

— יאָ.

— ציי האָסטו געהערט, אַז אַ פאָלק וואָס פירט קריג מיט אַן אַנדער פאָלק זאָל זאָרגן פאַר דעם, אַז דער שונא זאָל האָבן שפייז?

— ניין.

— ציי ווייסטו, אַז די דאָזיקע בהמות וועלן די אַראַבער אַריבערפירן קיין טול־כרם און אין משולש?

— נישטאָ קיין צווייפל אין דעם.

— וואָס באַשליסטו, אַלזאָ, מיין הער?

— נישט צו ענטפערן — האָב איך געענטפערט און פאַרענדיקט דעם געשפרעך.

פאַרוואָס איז דער דאָזיקער געשפרעך פאָרגעקומען צוויי מאָל? ווייל, אַז עס איז געקומען צו מיר אריאב, אין אָסטראָווסקיס נאָמען, כדי צו באַקומען דעם ענטפער פון אצ"ל, האָב איך אים געפרעגט:

— מיר זענען אין קריג מיט די אַראַבער?

— יאָ.

— ציי האָט איר געהערט...

און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער — ביז צום ענדגילטיקן באַשלוס.

ער האָט נישט געענטפערט.

דער פשוטער און געזונטער שכל פון די דאָזיקע בחורים האָט בעסער באַגריפן, וואָס דאָ קומט פאָר, ווי די זייער צעטומלטע אין יענע טעג מוסדות־שפיצן.

אין עטלעכע חדשים אַרום זענען, פאַרשטייט זיך, די דאָזיקע אַלע פראַבלעמען און די אַלע ספקות געוואָרן זייער לעכערלעך. קיינער בענקט נישט נאָך די אַראַבער פון שייך־מוניס און קיינער טראַכט נישט אַוועקצוגעבן וואָס מיר האָבן דעראָבערט מיט אונזער געווער.

## ד. רעוויזיעס אין „עיר גנים"

רעוויזיעס אין „עיר גנים"? יאָ, אין „עיר גנים", ווייל די בריט־פאַרמאַסטענע רעוויזיעס, וועלכע דאָס בריטישע מיליטער פלעגט דורכ־

פירן אין רמת־גן, זענען פאַרגעקומען אין די גרענעצן פון דער אַמאָליקער „עיר גנים“. זיי האָבן זיך באַנוצט מיט זייערע גענויע מאַפּעס און די אַלע שטחים, וואָס זענען אין צווישנצייט פאַרבויט און באַפּעלקערט געוואָרן, אָבער נאָך נישט פיגורירט אויף זייערע מאַפּעס, זענען געבליבן אויסערן תחום פון די רעוויזיעס. דעריבער איז ריכטיקער צו רעדן וועגן רעוויזיעס אין „עיר גנים“ און נישט אין רמת־גן.

וועגן די דאָזיקע רעוויזיעס און וועגן דעם וואָס איז מיט זיי געווען פאַרבונדן וויל איך דאָ דערציילן.

וועגן דער ערשטער רעוויזיע, וואָס דאַרף דורכגעפירט ווערן, האָב איך זיך נאָך פריער דערוווסט אויף אַזאַ וועג:

איך האָב זיך צוזאַמענגעטראָפן אין סי. איי. די. (געהיים־פּאָליציי) אין יפו מיטן אָפיציר האַרינגטאָן און מאַיאָר בוסלי (ער איז געשטיגן אין דער ראַנג פון אַ פשוטן סאָלדאַט ביז צו אַ מאַיאָר נאָך דעם ווי ער האָט חתונה געהאַט מיט מעק־מייקלס קעכין) אין צוזאַמענהאַנג מיט מיינע באַמיאונגען צו באַפרייען צוויי יוגנטלעכע. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געלויבט די צוויי אַרעסטירטע, אַז זיי זענען אָרנטלעכע און אָנשטענדיקע אאַ״וו. אויף דעם האָט מען מיר געענטפערט:

— פאַרוואָס ווילט איר נישט מיטאַרבעטן מיט אונז, כדי צו געפינען די שלעכטע אין רמת־גן?

— ראשית, קען איך זיי נישט. שנית, אויב אַפילו איך וואָלט זיי געקענט, וואָלט איך מורא געהאַט צוצוהעלפן צום כאַפּן זיי.

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דער מאַיאָר בוסלי, וועלכער איז אויך אָנוועזנד געווען בעת דעם געשפרעך:

— נישטאָ וואָס מורא צו האָבן!

— איך זע דאָ אויף אייער טיש אַ טאָמיגאַן, אויך אַ פאַראַבעלום און אַ ברונינג טראָגט יעדער פון אייך מיט זיך. ביי מיר, רבותי, וועט איר געפינען אויף מיין טיש — בלומען. די דאָזיקע כלים אויף אייער טיש זענען בכלל נישט קיין באַווייז, אַז עס איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן.

האַרינגטאָן האָט מודה געווען, אַז איך בין גערעכט און אַלס באַווייז דערצו האָט ער מיר דערציילט וועגן אַ שמועס, וואָס ער האָט געהאַט מיט איינעם פון די אַרעסטירטע טעראָריסטן, וואָס געפינט זיך אַ פאַרוואונדעטער אין שפּיטאָל אין יפו, און יענער האָט אים בפירוש געזאָגט, אַז זיי וועלן נישט וויסן פון קיין רחמנות און וועלן פאָרזעצן דעם קאַמף מיט געווער אין האַנט. נאָך מער: ער האָט זיך באַצייכנט מיטן נאָמען „קריגס־געפאַנגענער“.

(אין אַ צייט אַרום האָב איך זיך דערוווסט, אַז דער דאָזיקער געפּאַנ־געבער איז געווען מתתיהו שמולעוויטש).

האַרינגטאָן האָט פאַרענדיקט זיין געשיכטע מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

— דעריבער גיי איך אָן באַגלייטונג. אויב זיי וועלן באַשליסן מיך אומצוברענגען — זאָלן זיי מיך דערהרגענען ווי אַ הונט און זאָלן מיך נישט ראַטעווען די באַגלייטער. זיי, די באַגלייטער מיינע, וועלן אַליין זיין אין אַ געפאַר.

דאָס דאָזיקע געשפּרעך האָט זיך פאַרצויגן איבער אַ שעה. דער זעלבסט־באַרימערישער מאַיאָר בוסלי האָט אים פאַרענדיקט אַזוי:

— בקרוב וועלן מיר דיר ווייזן, אַז עס זענען פאַראַן שלעכטע מענטשן אין רמת־גן.

איך האָב דאָס פאַרשטאַנען ווי איך האָב דאָס געדאַרפט פאַרשטיין און מודיע געווען ווער מען האָט געדאַרפט מודיע זיין. איך קאָן דאָך נישט אַרויסווייזן זיך פאַר קיין ליגנער! איך האָב דאָך געזאָגט, אַז עס זענען נישטאָ קיין שלעכטע מענטשן ביי מיר אין רמת־גן, און איך דאַרף דאָס באַווייזן.

אין אַ וואָך אַרום (במשך פון דער וואָך האָבן דערווייל די בחורים גע־קאָנט אויפרוימען וואָס מען האָט געדאַרפט און אַליין אויך זיך אָפּטראָגן, אַ ביעור חמץ ווי עס באַדאַרף צו זיין...) איז דורכגעפירט געוואָרן די רעוויזיע.

די דאָזיקע ערשטע רעוויזיע איז באמת געווען אַ דזשענטלמעניש. אַזייגער האַלב פינף באַגינען איז דערשינען ביי מיר דער דיסטריקט־קאָמיסאַר טשערטש, איינער אַ גענעראַל און פאָרד, דער פּאָליציי־קאָמענ־דאַנט. זיי האָבן ביי מיר, אַלס פאָרזיצער פון דער מועצה, געבעטן דער־לויבעניש דורכצופירן די רעוויזיע. איך, פאַרשטייט זיך, בין געווען אַ דזשענטלמען און באַצוג צו דזשענטלמענער און געגעבן זיי די דערלויי־בעניש צו זוכן. דער צווייטער דזשענטלמענישער שריט איז געווען די אינסטרוקציע, וואָס איז איבערגעלאָזן געוואָרן שריפטלעך ביי מיר אין הויז: נישט זוכן אין דעם הויז און נישט באַלעסטיקן זיינע באַוווינער.

דער גענעראַל האָט מיך איינגעלאַדן צו פאָרן מיט אים אין דער „הויפּט־קוואַרטיר", וואָס איז אינסטאַלירט געוואָרן אין דער פּאָליציי. מען האָט מיך אַוועקגעזעצט אין צימער פונעם הויפּט־שטאַב פון דער רעוויזיע־אָפּעראַציע. דאָרט האָב איך געזען דעם פּלאַן פון די רעוויזיעס אויף דער מאַפּע פון רמת־גן אין אירע פּרעהיסטאָרישע גרענעצן. דער גרעסטער טייל פון רמת־גן האָט נאָך נישט „עקזיסטירט" אויף דער דאָזיקער מיליי־טערישער מאַפּע. אַזוי ווי מען האָט מיך נישט פאַרבעטן אַהער, כדי איך זאָל

מאַכן מיליטערישע פּלענער — האָב איך געשוויגן. איך האָב אַראָפּגע־שלונגען די באַליידיקונג, וואָס מען „פּאַרזעט” צוויי דריטל פון מיין מלכות. דער גענעראַל האָט מיך איינגעלאַדן צו פאָרן מיט אים, כדי צו זען ווי עס ווערן דורכגעפירט די רעוויזיעס. און ווירקלעך איז דאָס געווען אַן „אָנגענעם בילד” ממש, באַזונדערס ווען איך דערמאָן זיך די רעוויזיעס, וואָס זענען געקומען דערנאָך. קינדער האָבן זיך געשפּילט אויף די גאַסן מיט די ביקסן פון די סאָלדאַטן און נאָך זוכה געווען צו באַקומען שאָקאָלאַד פון די, וואָס האָבן דורכגעפירט די רעוויזיע. אַן אידיליע ממש. פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען פאַרהאַלטן געוואָרן אַ געוויסע צאָל „פאַרדעכטיקטע”, ווייל מען קאָן דאָך נישט גורם זיין אַזאַ „טירחה” אָן רעזולטאַטן...

די צווייטע רעוויזיע איז געווען אָן אַ גענעראַל און אָן העפלעכקייט (זי איז אָנגעפירט געוואָרן דורך קאָלאָנעל העיואַסטאָן) און דאָס איז געווען אין די אלול־טעג פון יאָר תש”ו.

זיי זענען דערשינען ביי מיר אין שטוב. דאָס מאָל האָבן זיי נישט געבעטן קיין דערלויבעניש צו זוכן. זיי האָבן מיר נאָר מודיע געווען און געפרעגט צי איך בין גרייט צו באַזוכן די פּלעצער, ווו זיי וועלן זוכן, כדי צו זען ווי די רעוויזיעס ווערן דורכגעפירט. איך האָב געשטעלט צוויי באַ־דינגונגען: באַגלייטונג און קאָמוניקאַציע־מיטלען. מען האָט געשטעלט צו מיין דיספּאָזיציע אַ דזשיפּ, אַ סערזשאַנט און צוויי סאָלדאַטן. איך האָב בעיקר מורא געהאַט פאַר צוזאַמענשטויסן אין דער שכונת התימנים. אָבער רמת־גן איז „פאַרפרוירן” געוואָרן ביי זיי אויף דער מיליטערישער מאַפּע. אַ העלפט פון דער יהלום־גאַס איז געבליבן מחוץ לתחום, קיין גבעתיים און קיין תל־יהודה זענען זיי נישט דערגאַנגען.

איך בין דורכגעגאַנגען אויף מיין קאָנטראָל־שפּאַציר פאַבריקן און שולן. מיר זענען אָנגעקומען אויפן קאָנצענטראַציע־פּלאַץ, ווו עס זענען געבראַכט געוואָרן די פאַרדעכטיקטע, כדי זיי צו אידענטיפיצירן און באַקומען צוגאָב־פּרטים. איך האָב געוואָלט אַהין אַריינגיין, אָבער די פאַרשטייער פון דער געהיים־פּאָליציי האָבן זיך קעגנגעשטעלט. איך ווייס נישט, פאַר־וואָס זיי האָבן זיך געשראָקן, אָבער זייער פאַרדאַכט אין באַצוג צו מיר איז געווען אַ קלאָרער. איך האָב קאַטעגאָריש זיך געהאַלטן ביי מיין פאַר־לאַנג. אויב מען וועט מיר נישט דערלויבן אַריינצוגיין אויפן קאָנ־צענטראַציע־פּלאַץ וועל איך איבעררייסן מיין באַגלייטן זיי. דער מאַיאָר, וועלכער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון די מיליטערישע איינהייטן, וואָס האָבן דורכגעפירט די רעוויזיע, האָט געפירט אַ לאַנגן משא ומתן מיט די אָפיצירן פון געהיים־דינסט. דאָס מיליטער האָט דאָך געוואָלט זיין „אין אָרדנונג”. די סי. איי. די.־אָפיצירן האָבן זיך געכעסט, אָבער זיי האָבן נאָכ־

געגעבן. איך האָב אויך באַזוכט דעם פּלאַץ, ווו עס זענען קאָנצענטרירט געוואָרן די פּאַרדעכטיקע און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז זיי האָבן חושד געווען „כשרע״ בירגער און אויב חס וחלילה עס איז על פּי צופאַל אַריינגעפאַלן צווישן די פּאַרדעכטיקע אויך אַן אמתער אונטערגרונט־קעמ־פער, האָט מען אים בדרך כלל באַפרייט, ווייל צוליב עפּעס אַ טעם האָט ער נישט געטראָגן אין זיין לאַץ די „רק כך״־אָפּצייכענונג און אַ פּנים האָט ער געהאַט ווי פון אַן אומשולדיק לעמעלע...

אין זכות פון דער דאָזיקער רעוויזיע וועל איך אפשר זוכה זיין צו אַ מילדערן פּסק־דין אין בית־דין של מעלה, וואָס וועט מיך משפטן פאַר־וואָס איך בין נישט געווען אָפּגעהיטן אין מצוות. טראָץ דעם וואָס איך האָב געהאַנדלט ווי איך האָב געהאַנדלט, נישט אַזוי צוליב רעליגיעזע טעמים, נאָר צוליב טעמים פון נאַציאָנאַלן כבוד. דער גוי דאַרף זיך באַ־ציִען מיט כבוד צו אונזער שבת און מיר דאַרפן פאַר אים היטן דעם כבוד פון די פאָלקס־הייליקייטן.

די דאָזיקע רעוויזיע איז פאָרגעקומען שבת. אויב בעת דער ערש־טער רעוויזיע האָט מען „געבעטן״ מיין דערלויבעניש צו זוכן, און בעת דער צווייטער האָט מען מיר מיטגעטיילט וועגן דער רעוויזיע, האָבן זיי דאָס מאָל נישט געפונען פאַר נויטיק אַפילו מודיע צו זיין. זיי זענען געקו־מען און מיר געזאָגט: „דער בריגאַדיר וואַרט אויף דיר אין דער פּאָליציי־סטאַציע אין רמת־גן״.

— גוט, איך וועל גיין.

— דו וועסט פאָרן מיט אונז.

— דאָס נישט, ביי מיר איז היינט שבת. איך וועל גיין צופוס.

— אָבער דער בריגאַדיר האָט באַפוילן צו ברענגען דיך ווי צומשנעלסטן!

— אויב דער בריגאַדיר איילט זיך זייער, זאָל ער קומען צו מיר. איך בין גרייט צו גיין צופוס.

און איך בין געגאַנגען.

אָנקומענדיק אויפן פּלאַץ, האָט מיר דער בריגאַדיר ווי געוויינלעך פאָרגעשלאָגן, איך זאָל באַזוכן די ערטער, ווו עס ווערט דורכגעפירט די רעוויזיע.

ווידער איז אַנטשטאַנען אַ וויכוח וועגן פאָרן. איך האָב געמאָלדן, אַז איך בין גרייט דורכצופירן די אינספּעקציע, אָבער מיטן באַדינג מען זאָל מיר געבן באַגלייטער, וואָס וועלן מיט מיר גיין צופוס.

— עס גייסט דאָך אַ שלאַקס־רעגן און עס איז דאָך נישט אָנגענעם צו גיין — האָט געטענהט דער בריגאַדיר.

— מילא, דער גאַנצער ענין איז נישט קיין אָנגענעמער.

און מיר זענען געגאַנגען צופוס פון איין אָרט צום צווייטן.

פאַרענדיקנדיק די רעוויזיע, האָט מען מיך ווידער געבראַכט אין דער פּאָליציי און געבעטן מיך אונטערשרייבן, אַז אַלץ איז אַריבער אין אָרדנונג.

— שבת שרייב איך נישט.

— אָבער איך קאָן דאָך נישט אַוועקנעמען פון דאַנען די סאָלדאַטן אָן דעם פּראָטאָקאָל — האָט זיך צעקאָכט דער בריגאַדיר.

— נעם זיי נישט אַוועק.

צום שלוס פון דעם וויכוח איז דערגרייכט געוואָרן אַ הסכם. דער פּראָטאָקאָל וועט ווערן פאַרגעלייענט פאַר מיר און זיבן אַזייגער, ווען עס איז שוין אויס שבת, וועט דעם בריגאַדירס אַדיוטאַנט קומען צו מיר אַהיים און איך וועל אונטערשרייבן. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם נוסח פון פּראָטאָקאָל האָב איך שטאַרק מקפּיד געווען. עס איז דאָרט געווען אַן אָפּזאָץ: „איי עם סאַטיספייד" (איך בין צופרידן).

— אויף דעם וועל איך נישט אונטערשרייבן. איך וואָלט געווען „סאַטיס־פייד" ווען דו וואָלסט געבליבן ביי דיר אין שטוב און אונז געלאָזט צו־רו.

די ווערטער זענען אויסגעשטראָכן געוואָרן.

אויפן טיש איז געלעגן די זעלבע מאַפּע. עס איז געווען אויף איר אַ רויטער פלעק. לויטן פלעק האָב איך זי דערקענט פון ווייטן. מען האָט געקאָנט כמעט מיט אַ פולשטענדיקער זיכערקייט אויסשטעלן גאַנץ אצ"ל און לח"י אויף דער יהלום־גאַס, זיי זאָלן שטיין און צוקוקן זיך צו דער רעוויזיע ווי מען זוכט זיי אין „רמת־גן".

די פערטע רעוויזיע איז געווען די צומערסטן „פאַרגעשריטענע", דאָס הייסט — די ברוטאַלקייט האָט געמאַכט אַן אַלץ גרעסערן פאָרשריט.

דאָס מאָל האָט מען מיך נישט אַריינגענומען אין „קדשי קדשים" פון שטאַב־צימער. מען האָט מיך איבערגעלאָזט אין אַ צווייטן צימער בעת דער באַראַטונג פון שטאַב. מען האָט מיר מודיע געווען וועגן שטרענגע באַדינגונגען, אין וועלכע עס וועט דורכגעפירט ווערן די רעוויזיע. עס איז געווען אַ גרונט צו שרעקן זיך, אַז זי וועט דאָס מאָל זיך פאַרציען לאַנג. איך האָב געשטעלט אייניקע פאָדערונגען: דערלויבן פונאַנדערטיילן ברויט, געבאַקן אויפן אָרט, פונאַנדערטיילן מילך, וואָס געפינט זיך אויפן אָרט, דערלויבן די אַרבעטער לאָזן אין גאַנג די וואַסער־פּאָמפּעס.

פון די אַלע האָט מען בלויז דערלויבט צו לאָזן אין גאַנג די וואַסער־פּאָמפּע. „דיינע מענטשן וועלן נישט שטאַרבן פון הונגער, די רעוויזיע וועט זיך לאַנג נישט פאַרציען" — האָט געזאָגט דער בריגאַדיר.

דאָס מאָל האָב איך זיך שטאַרק געשראָקן. די רעוויזיע איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון הינט, גראָב־אייזנס און פיל מאַגנעטישע מכ־

שירים. באַזונדערס האָב איך זיך געשראָקן פאַר דעם גרויסן געווער־מאַגאַזין, וואָס איז געווען אויפן הויף פון דער שאָקאָלאַד־פאַבריק „צע דע", אַ מאַגאַזין, וועלכן מיר האָבן אויסגעבויט אויף אַ באַזונדערן אופן. אויך געווער פון דער תל־אביבער „הגנה" איז דאָרט געווען באַהאַלטן. דערי־בער האָב איך זיך באַמיט צו זיין דאָרט, ווען עס וועלן אָנקומען די סאָלדאַטן. ביי די טערקישע סאָלדאַטן איז מיר אַמאָל געלונגען מיט לעבלעך ברויט. די ענגלישע סאָלדאַטן קאָן מען נישט אָפּקויפן מיט קיין ברויט. זייער קולטור־שטופע איז אַ העכערע. זיי זענען שוין אויף אַ שטופע פון... שאָקאָלאַד. איך האָב געזאָגט די מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט אין פאַב־ריק, זיי זאָלן מכבד זיין מיט טיי און שאָקאָלאַד די סאָלדאַטן, ווען איך האָב געגעבן צו פאַרשטיין דעם באַזונדערן טעם פון פרישע און וואַרעמע שאָקאָלאַד. די סאָלדאַטן זענען געשטאַנען אין אַ ריי, אָנגעפילט די מיילער און די טאַשן מיט זיסוואַרג און איינציקווייז זיך אָפּגעטראָגן.

נאָך מיטאָג איז מען געקומען רופן מיך אויפן קאָנצענטראַציע־פּלאַץ. עס האָבן זיך דאָרט פאַרזאַמלט פיל אויסלענדישע זשורנאַליסטן און זיי ווילן רעדן מיט מיר. אויפן קאָנצענטראַציע־פּלאַץ, אין דער געגנט פון „קינג דזשאָרדזש־גאַרטן" (הייַנט: גן המלך דוד) האָבן אויף מיר געוואַרט די זשורנאַליסטן. אין זייער געזעלשאַפט איז אויך געווען דער בריגאַדיר.

איידער די זשורנאַליסטן האָבן אָנגעהויבן שטעלן פראַגן האָב איך געפרעגט:

— צי מוז איך רעדן גענוי דאָס, וואָס דער בריגאַדיר וויל. אויב עס איז אַזוי, וויל איך ליבערשט שווייגן.

— דו קאָנסט רעדן — האָט געזאָגט דער בריגאַדיר.

זייער ערשטע פראַגע איז געווען: צי זענען ווירקלעך פאַראַן פיל „טעראָריסטן" אין רמת־גן.

איך האָב געזאָגט: „פאַרדעכטיקטע מענטשן" זענען פאַראַן אין גאַנצן לאַנד און געוויס אויך אין רמת־גן. יעדנפאַלס ביז איצט איז געלונגען מיט דער הילף פון מאַגנעטישע מכשירים צו געפינען... דריי ליידיקע פעסער. דאָס איז נישט פיל אין באַצוג צו אַ פּלאַץ, וואָס ווערט באַטראַכט אַלס „אינקובאַטאָר פון טעראָר".

— און ווי זעען אויס רעוויזיעס? צי ווערן זיי געפירט העפלעך?

— פון דעם קאָנט איר מאַכן אַ שיינע „סטאָרי". איך האָב געבעטן אַ דערלויבעניש פונאַנדערצוטיילן מילך פאַר די קינדער און ברויט, וואָס מען דאַרף נישט ברענגען פון וויטן, און מען האָט מיר נישט דערלויבט.

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דער בריגאַדיר, וואָס איז געשטאַנען אָפּ־געריקט אַביסל און זיך צוגעהערט.

— איך האָב אַליין געזען, אַז מען האָט פונאַנדערגעטיילט מילך און ברויט אויף די גאַסן!

— דאָס איז אַביסל לעכערלעך — האָב איך געענטפערט — אויסער מיר איז קיין שום ייד אין רמת־גן נישט דערלויבט אַרויסצוגיין אין גאַס. יעדער איינער, וואָס טרעט־איבער די שוועל פון זיין הויז איז אויסגעשטעלט דערשאָסן צו ווערן.

— צי האָט מען נישט אָנגעווענדעט קיין געוואַלט? — האָט געפרעגט אַ זשורנאַליסט.

— ביז איצט — נישט.

דער בריגאַדיר איז געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער:

— וואָס ביסטו אויסן, ווען דו זאָגסט: „ביז איצט".

— האָסט דאָך נאָך נישט פאַרלאָזט דאָס אָרט.

ווירקלעך בין איך געווען גערעכט מיט מיין פּאָרזיכטיקייט. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער דאָזיקער גרעסטער רעוויזיע זענען אַרעסטירט געוואָרן זייער פיל מענטשן און טייל פון זיי האָט מען גע־שלאָגן בעתן אַריינזעצן זיי אין די אויטאָס.

אויך דאָס האָט זיי נישט געהאָלפן.

דער טאָמי־גאַן איז נישט בייגעקומען רמת־גן.

## ה. „מיר וועלן זיי איבערלעבן"...

דער ערשטער שטאַפּל פון „נעמען זיך צו אונז" זענען געווען די אויבן געשילדערטע רעוויזיעס. מיר, כלומרשט די „גאַסטגעבער" און זיי — די „געסט".

דער צווייטער שטאַפּל איז געווען אַנדערש: מיר, די בירגערמייסטערס, זענען געווען די געסט און זיי, די שפּיצן פון געהיים־דינסט, זענען געווען די גאַסטגעבער. די אַרענע — די צענטראַלע פון געהיים־דינסט אין יפו.

דאָס פלעגט שטענדיק געמאַכט ווערן בייטאָג. אויסער דעם ווילן צו ווירקן אויף די נערוון, איז אין דעם נישט געווען קיין שום אַנדער טעם און לאָגיק. איין מאָל בין איך געווען אַ „בן יחיד", ביי אַנדערע געלעגנ־הייטן — צוזאַמען מיט מיין פריינד ישראל רוקח (געוועזענער בירגער־מייסטער פון תל־אביב).

דאָס ערשטע מאָל האָט מען מיך געבראַכט ביינאַכט קיין יפו, כדי צו פרעגן, צי איך האָב צוגעשטימט צו געהערן צום קאָמיטעט פאַר אויפשטעלן דאָס „העלדן־בערגל צום אָנדענק פון דב גרונער".

— ניין.

— אָבער מיר האָבן אַזאַ ידיעה פון אונזער אַמבאַסאַדע אין וואַשינג־טאָן. אין דער צייטונג „אָנסווער״ איז געווען בפירוש געשריבן אַז ד״ר רוקח און פּראָפעסאָר קלויזנער געהערן צום פּרעזידיום פון דעם קאַמפּיין פאַר דער דאָזיקער אונטערנעמונג ?

— איך ווייס וועגן דעם גאָרנישט.

— דו ביסט גרייט אָפּצולייקענען דאָס ?

— איך בין גרייט מיטן באַדינג, אַז מען זאָל מיר ווייזן די צייטונג. איך דאַרף דאָך וויסן וואָס איך לייקן אָפּ. איך וועל דאָך נישט אָפּלייקענען סתם עפּעס, וואָס איך האָב בלויז געהערט.

— אָבער די צייטונג האָבן מיר דאָך נישט. זי איז דאָך אומלעגאַל און קומט נישט אָן אין לאַנד.

— פאַר מיר ענדערט דאָס גאָרנישט. באַקומט זי ! גאַכן איבערלייענען זי, וועל איך זי אייך צוריקגעבן און איר וועט זי צוריקשיקן. אין דער פאָרם, אין וועלכער איר טראָגט מיר צו דעם ענין, האָב איך נישט וואָס אָפּצולייקענען, אָדער באַשטעטיקן. אין צווישנצייט זאָלט איר נישט באַ־ליעסטיקן דעם פּראָפעסאָר קלויזנער, דעם ערנווירדיקן זקן, און אויך נישט מיין פריינד רוקח.

דאָס צווייטע מאָל האָבן מיר געקאָנט בענטשן „מיט אַ מזומן״, ווייל מיר זענען געווען דריי : רוקח, סאַפּיר און איך. און ווידער — אין מיטן דער נאַכט.

דאָס מאָל — וועגן די צוויי פּאָליציאַנטן, וואָס זענען דורך אצ״ל פאַרכאַפּט געוואָרן אין שווים־באַסיין „גלי־גיל״. דאָס מאָל האָבן זיי באַ־ווּנדערס געדריקט אויף רוקחן. אַזוי ווי פאַר דעם איז געשען דער גאָל מיטן פאַרכאַפּן דעם ריכטער ווינדהאַם און מען האָט אים באַפרייט, זענען זיי געקומען כמעט מיט אַ „חזקה״־טענה. אַ „חזקה״ מיט רוקחן, אַז ער ווייסט ווי צו באַפרייען די צוויי פּאָליציאַנטן. אַ לאַנגע רעדע און איר תמצית, עיקר, פּזמון און שלוס — אַלץ דאָס זעלבע :

— גיט אונדז צוריק די צוויי פּאָליציאַנטן.

די לאַגע איז געווען דראַמאַטיש ביז גאָר. באַזונדערס דראַמאַטיש איז געווען די שטילקייט, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נאָכן אַרויסשטעלן די פאָדערונג. אַ צען מינוט האָט קיינער דאָס מויל נישט געעפנט. אַ צווייטער דראַמאַטישער מאָמענט איז געווען, ווען רוקח האָט פּלוצים „אויפגעהערט״ קענען ענגליש און געווענדעט זיך אויף העברעאיש צום ייד, וואָס איז דאָרט געווען :

— זאָג זיי מיט זייער שפּראַך וואָס מיר זאָגן : עס איז פאַראַן אַ רעגי־רונג, עס איז פאַראַן אַ פּאָליציי. עס איז נישט מיין אויפגאַבע צוריקצוברענ־

געגן די צוויי פּאַליציאַנטן. יאָ, איין מאָל האָב איך טאַקע געטאָן לפנים משורת הדין און איך האָב באַקומען אַ „דאַנק". דער הויך־קאָמיסאַר האָט אָפּגעזאָגט מיך אויפצונעמען אויף אַן אוידיענץ.

רוקחס דאָזיקע האַלטונג האָט מיך איבעראַשט און באַזונדערס זיין פּלוצימדיקע שפּראַך־דעמאָנסטראַציע. דערנאָך האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נאָר געווען אַ פּרעלודיע פאַר רוקחן פון לאַטרון. אַ מין „ערשטע רעפּעטיציע".

די דאָזיקע פאַרשטעלונג האָט בייגעווינט דער בריגאַדיר מאר, אָבער עס איז געווען צו דערקענען אויף אים, אַז דער גאַנצער ענין אינטערעסירט אים נישט. נאָך מער — פאַרדריסט אים.

ווען זיי זענען געקומען צום דריטן מאָל — דאָס איז געווען אין חודש אדר תש"ז, אין פּורים־חודש, איז גלייך קלאָר געווען, אַז דאָס מאָל איז דער ענין ערנסטער. עס איז געווען איינס ביינאַכט. דער אויטאָ, וואָס האָט אונז געפירט, איז געווען באַגלייט מיט טאַנקן פון ביידע זייטן. ביז איצט האָבן מיר געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס מיליטער מישט זיך נישט אַריין, אַז דאָס רירט זיי נישט אָן, ווייל די אונטערגרונט רירט זיי נישט אָן. דאָס מאָל האָבן מיר בלויז געוווסט וועגן אַ פאַרווייַלונג פון מיליטער, וואָס איז פאַרגעקומען אין רמת־גן און זי איז איבערגעריסן געוואָרן גלייך ווי עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טענץ און די סאָלדאַטן האָבן באַקומען אַ באַפעל שנעל צו פאַרלאָזן דעם פּלאַץ.

אין יפו האָב איך געפונען אַ „פאַרשטאַרקונג". אויסער רוקחן און סאַפּירן – אויך ר' יצחק גערשטענקאָרן, דער פאָרזיצער פון לאָקאַל־ראַט פון בני־ברק. איך האָב זיך בכלל נישט געוווּנדערט וואָס מען ברענגט קיינמאָל נישט דעם פאָרזיצער פון לאָקאַל־ראַט פון גבעתיים.

ר' יצחק גערשטענקאָרן איז געזעסן מיט אַ תהלים אין האַנט און געזאָגט תהלים.

מען האָט אונז אַריינגעפירט אין צימער און אַזוי האָבן זיי דורכגעפירט דעם ספּעקטאַקל:

ביי אַ לאַנגן טיש פון איין זייט צימער זענען געזעסן די ענגלענדער, דער דיסטריקט־קאָמיסאַר און זיין פאַרטרעטער. פון דער צווייטער זייט, ביי דער וואַנט, זענען אויף אַ באַנק געזעסן פיר יידן (איינער פון זיי „זאָגט" תהלים). צווישן מחנות און צווישן זיי — אַ ליידיקער חלל. גאָרנישט פאַראַן.

דאָס מאָל פרעגט מען נישט קיין פראַגן. דאָס מאָל מעלדעט מען. מען באַשטימט אַן „עוצר" (אויסנאַמס־צושטאַנד) אויף אַ לאַנגער צייט. דער „עוצר" וועט זיך פאַרציען — אַזוי בפירוש זאָגט די מעלדונג — ביז דער טעראָר וועט אויסגעוואָרצלט ווערן פון לאַנד.

נאָך דער דאָזיקער פּרינציפּיעלער מיטטיילונג האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונז עסקאַדרעס פֿאַרבאָטן. זיי זענען פֿאַרגעלייענט געוואָרן פֿון אַ דיקן בוך. מען וועט נישט טאָרן פֿאָרן. מען טאָר נישט בויען. מען טאָר נישט... מען טאָר נישט... אַ גאַנץ בוך מיט פֿאַרבאָטן. אַזוי־ווי איך קען נישט גוט ענגליש איז מעגלעך, אַז געוויסע פֿאַרבאָטן זענען נישט דערגאַנגען צו מיין מוח. וואָס טוט מען?

דאָס לייענען דאָס „בוך פֿון פֿאַרבאָטן" האָט זיך פֿאַרצויגן ביי אַ שעה און אַזוי־ווי דאָס איז נישט געווען באַזונדערס אינטערעסאַנט, בין איך פֿאַר־זונקען אין מחשבות, וואָס זענען אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך דעם דאָזיקן בילד: מיר, פֿיר יידן, פֿון איין זייט און פֿון דער צווייטער זייט האָב איך אָפּגעציילט איבער דרייסיק ענגלענדער. דער טאָן, מיט וועלכן זיי האָבן גערעדט און צווויסן־געטאָן וועגן די פֿאַרבאָטן, איז געווען אַ טאָן פֿון אַ קריגס־דערקלערונג. די מעכטיקע בריטישע אימפּעריע דערקלערט קריג אַ הייפֿעלע יידן. גוט.

אַז מיר זענען אַרויסגעגאַנגען, האָב איך געזאָגט צו גערשטענקאָרנען אויף יידיש, ווייל אין העברעאיש האָב איך נישט געפֿונען דעם פּאַסיקן אויסדרוק פֿאַר דעם, וואָס איך האָב געפֿילט אין דעם מאָמענט.

ר' איטשע, מיר וועלן זיי איבערלעבן און מיר האָבן זיי אין דער ערד. גיט מיר אַ סיגאַרעט.

אָבער — „אל יתהלל חוגר כמפתח". דערקלערן אויסנאַם־צושטאַנד איז זייער אַ לייכטע זאַך פֿאַר דעם, וואָס האָט צו זיין דיספּאָזיציע הונדערט טויזנט סאָלדאַטן און געלט. אָבער זייער שווער איז געווען צו רעאַליזירן די דאָזיקע נאַרישקייט און נאָך שווערער — אויפֿצועסן די קאַשע, וואָס זיי האָבן פֿאַרקאָכט. זייער פֿיל האָט זיך, וואָס אַן אמת, אויסגעדוכט אין די ערשטע טעג, אַז הימל און ערד עפֿענען זיך, אָבער ביסלעכווייז איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס לעבן איז שטאַרקער פֿון די אַלע געזעצן־אויפֿן־פּאַפּיר און דער לעבנס־ווילן און לעבנס־דערפֿאַרונג פֿון די יידן האָבן גאַנץ שנעל גובר געווען אַלץ.

דער ערשטער און גרעסטער ברוך איז געווען דאָס אַרויסנעמען פֿון דער אָפּגעשלאָסענער זאָנע די מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפֿונען צופֿעליק יענע נאַכט און האָבן געוואָלט אומקערן זיך אין זייערע הייזער. איך האָב אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש צו סאָרטירן די מענטשן — פֿאַרשטייט זיך, אַז אונטער זייער אויפֿזיכט — אַריינזעצן זיי אין אויטאָבוסן און דאָס מיליטער וועט זיי אַרויסנעמען פֿון דער אָפּגעשלאָסענער זאָנע. יעדער איינער, אויף וועמען עס איז געווען דער מינדסטער חשש, אַז ער איז אויסגעשטעלט אַרעסטירט צו ווערן, איז „אידענטיפֿיצירט" געוואָרן אַלס אַזאַ, וואָס איז

צופעליק שטעקן־געבליבן אין דער זאַנע. אַכט הונדערט פערזאָן, אין גרעסטן טייל מענטשן, וואָס פון זיי איז אַרויסגעקומען דער גאַנצער עסק, זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין אויטאָס און מיט אַן „ערן״־באַגלייטונג פון בריטישן מיליטער, אויסער דער זאָנע.

זשורנאַליסטן זענען געקומען זען רמת־גן אין באַלאַגערונג. אַלץ איז ווי עס דאַרף צו זיין און נאָך מער ווי עס דאַרף צו זיין. די פאַבריקן האָט מען געהייסן אַרבעטן אויף דער גאַנצער פאַרע. דאָס לעבן איז נאָרמאַל, אויסער דער קאָמוניקאַציע. עס איז דאָך פאַרבאָטן געוואָרן יעטוועדע אויטאָ־באַוועגונג.

איך זאָג די זשורנאַליסטן:

מיר גייען צו־פוס, אָדער רייטן אויף אייזלען. ווי אין די טעג פון אברהם אבינו. אָבער ווי אברהם אבינו זענען מיר געקומען אהער, כדי דאָ צו בלייבן און מיר וועלן זיך נישט רירן פון דאַנען.

אין די טעג פון באַלאַגערונג האָבן מיר ווידער זוכה געווען צו צוויי ראָמאַנטישע נאַכט־שפּאַצירן.

צוויי ביינאַכט, אָבער דאָס מאַכט שוין מער נישט קיין רושם. אין דרויסן שטייען צוויי טאַנקן און צווישן זיי אַ קליינער אויטאָ. איך קוק אַריין, כדי צו זען ווער עס זיצט דאָרט? פאַרשטייט זיך, אַז ישראל רוקח.

— אה! שלום, ר׳ ישראל!

— אַ גוטן אָוונט, ר׳ אברהם!

— וווהין פאָרט מען?

— איך ווייס נישט. דוכט מיר, אַז קיין פתח־תקוה, כדי צו דערגענצן דעם חוט המשולש.

אַז מיר זענען געקומען קיין פתח־תקוה פאַר סאַפּירס הויז, איז אינעווייניק אַנטשטאַנען אַ גרויסע בהלה. רוקח האָט זיך משער געווען, אַז מען רופט אונז דאָס מאָל צו באַוויליקן „זיצן״. על כל פנים האָב איך געזאָגט:

— רוקח, מאַך פסח אין דיינע קעשענעס, איך האָב שוין דערפאַרונג אין אַזעלכע זאַכן.

ביז סאַפּיר האָט זיך אָנגעטאָן און מען האָט אים אַרויסגעפירט צו אונז, האָבן מיר באַוויזן אַרויסצורוימען דעם גאַנצן חמץ און דאָס איז געווען געווי — ערב פורים.

איצט האָט מען אונז געפירט קיין תל־ליטווינסקי דורך לוד. נאָך אַ נסיעה פון אַנדערהאַלבן שעה מיט אומוועגן, ווייזט אויס כדי איבערצושרעקן די „קינדער״. איידער מען האָט אונז אַריינגעפירט צום גענעראַל דזשיל, וואָס איז געווען באַפּולמעכטיקט איבער דער דאָזיקער פּורימיאַדע, האָט מען

גוט דורכגעטישטערט אונזערע קעשענעס, טאַמער טראָגט מיט זיך ר׳ ישראל רוקח עפּעס אַ באָמבע.

דער גענעראַל האָט אונז מיטגעטיילט, אַז ער וויל שליסן די בענק.

מיר האָבן געפּרוווט געבן אים צו פאַרשטיין דעם אַבסורד פון אַזאַ שריט. ער האָט צוגעשטימט צו דעם, נאָר באַהאַלטן זיך הינטערן רוקן פון דער ציווילער אַדמיניסטראַציע. דאָס איז שוין געווען אַ געוויסער פאָרשריט — צום ערשטן מאָל האָט מען אונז דערלאַנגט וויסקי. ביים גלעזל וויסקי איז ביי אים פרייער געוואָרן די צונג און ער האָט אונז דערציילט, אַז ער האָט וואָס־אָן־אמת זיך קעגנגעשטעלט דער זאַך און ער האָט געבעטן רוקחן ער זאָל משפּיע זיין אויף דער ציווילער אַדמיניסטראַציע. ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ „גענעראַלישער" מיטטיילונג און פאַרענדיקט מיט אַ ביטע. די בענק זענען נישט געשלאָסן געוואָרן.

אַ צווייט מאָל, ביינאַכט, זענען מיר געווען די „געסט" פון בריגאַדיר מאָר. (מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז אַ ייד. ער איז געווען זייער אַ סימפּאַטישער און באַצויגן זיך מיט אַ דוי ווייט מעגלעכער אַנשטענדיקייט צו זיין אויפגאַבע). דאָס מאָל האָט מען אונז געבראַכט אין דער סי. איי. די. אין יפו אַזייגער פיר באַגינען (לייגט אַכט צו דעם כסדרדיקן „פאָרשריט" אין די שעהן).

הימל עפן זיך! אויסנאַם־צושטאַנד. דער ראַיאָן איז באַלאַגערט. צענדליקער טויזנטער סאָלדאַטן מיט לייכט און שווער געווער. אַלע שאָסייען זענען פול מיט שטעכל־דראָט, באַריקאַדן, וואַכן, דזשיפּן און טאַנקן טראָגן זיך אין געאייל אַהער און אַהין ווי מטורפים און מיטאַמאָל... רייסט אויף אַ מינע אונטער דער טעקסי פון הויפּט־שטאַב! לח״י איז מודיע, אַז דאָס איז איר שטיקל אַרבעט. ווער איז שולדיק? פאַרשטייט זיך, אַז מיר. רוקח און סאַפּיר און איך און ר׳ איטשע גערשטענקאָרן, וועלכער זיצט אויך דאָס מאָל און זאָגט תהלים. ער פּרוווט ענטפערן מיט פסוקים. ער שווערט זיך ביים ספר תהלים, וואָס ער האַלט אין זיין האַנט, אַז ער ווייסט פון גאָרנישט צו זאָגן. און ווען ער האָט געזען, אַז דאָס איבערצייגט נישט, האָט ער זיך מיאש געווען פון מענטשלעכע הערצער און ער האָט ווידער אָנגעהויבן אויסגיסן מיטן תהלים זיין ביטער האַרץ פאַרן פאָטער אין הימל.

לויט מיר איז געווען נאָך אַ רעזולטאַט פונעם מינע־אויפרייס. אַ קאַפּיטאַן, וועלכער האָט געדינט אַלס פאַרבינדלער צווישן מיר און מיליטער, האָט מיך געבעטן איך זאָל אים געבן מיין אויטאָ צו פאָרן קיין סאַראַפענד און צוריק. ער האָט אַרויסגעהאָנגען דאָס פענדל פון רמת־גן און געפאָרן מיט פולער זיכערקייט, על כל פנים מיט אַ גרעסערער זיכערקייט ווי מיטן פענדל פון דער בריטישער אימפּעריע. אין זכות פון דעם אויטאָ און אין

זכות פון די מיטאָגן און וויסקי, פון וועלכע ער האָט הנאה געהאַט קומענדיק צו אונז אין ביורא, האָב איך דערליידיקט אַ סך זאַכן, וואָס זענען נישט געווען אין איינקלאַנג מיטן „בוך פון פאַרבאָטן", וואָס מען האָט אונז פאַר־געלייענט יענע נאַכט פון פראָקלאַמירן די מלחמה קעגן אונז.

ווען די אָפּהילכן פון אַלגעמיינעם געלעכטער האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די אָפּהילכן פון די באָמבעס־אויפרייסן, וואָס האָבן נאָך ווייטער אויפגעע־ריסן — איז אָפּגערופן געוואָרן דער אויסנאָם־צושטאַנד, אָבער עס איז נאָך נישט בטל געוואָרן דער אָנגריף־צוג קעגן די בירגערמייסטערס.

## ז. לאטרון

5־טער אויגוסט 1947. אזייגער פיר באַגינען. דער שוין באַקאַנטער קלאַפּ אין מיין טיר. איך בין שוין געוווינט מיט אויפנעמען געסט. דאָס מאָל זענען די געסט געווען אין אַ נייעם צוזאמענשטעל. איין קאַפּיטאַן און אַרום אים סאָלדאַטן מיט מאַשין־געווער אין די הענט.

— גוד מאָרנינג! — האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט — איך האָב אַ שלעכטע בשורה פאַר דיר.

— וואָס אַזוינס?

— איך בין געקומען דיך נעמען.

— נאָט סאָ בעד. נישט שרעקלעך — האָב איך געענטפערט.

— אמת, עס איז נישט מיין פליכט דיר צו זאָגן דאָס, אָבער איך מיין, אַז מען נעמט דיך אויף אַ נישט קורצער צייט. איך ראָט דיר נעמען מיט זיך פאַרשידענע חפצים.

— גוט.

— איך האָב אויך אַן „אָרדער" דורכצופירן ביי דיר אַ רעוויזיע.

— ביטע. איך קאָן דיר פאַרזיכערן, אַז דו וועסט ביי מיר גאָרנישט גע־פינען. איך פיר אַליין פון צייט צו צייט דורך אַ רעוויזיע ביי מיר אין שטוב.

די רעוויזיע איז נישט געווען קיין שטרענגע. ער האָט גענומען די שליס־לען פון מיין ביוראָ־טיש אין דער מועצה, דערנאָך איז ער מיט מיר געפאָרן אין צענטער פון רמת־גן. דער גרויסער גערודער האָט אין מיר אַרויסגערופן דעם געדאַנק, אַז מען פירט מיך אויפן פלי־פעלד און פון דאָרט קיין אויס־לאַנד.

עס איז אָנגעקומען דער וויצע־פאָרזיצער פון דער מועצה. איך האָב אים איבערגעגעבן די דרינגנדסטע ענינים. איך האָב נאָר געבעטן סיגאַרעטן. דערווייל איז מען אָוועק ברענגען נאָך „קליענטן". מען האָט געבראַכט מעלאַמדאָוויטשן און נאָך צוויי. מיך האָט מען געפירט אין אַ פּראַקטיקער

לימוזינע. די איבעריקע אין אַ געוויינלעכן אויטאָ. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב נישט גענומען מיט זיך די פּיזשאַמע. מען האָט מיך ווידער געבראַכט אין שטוב אַריין. איך האָב גענומען די פּיזשאַמע און נאָך עטלעכע זאַכן. „טאָמער, פונדעסטוועגן, קיין אויסלאַנד?”... טראָץ דער פריִער שעה, איז זיך שנעל פונאַנדערגעגאַנגען די ידיעה און מענטשן האָבן אָנגעהויבן זיך ווייזן אויף די גאַסן און אין צענטער שטאָט.

מיר זענען אָנגעקומען קיין יפו. סאַראַ גרויסע שמחה! אַן עולם באַקאַנטע פּנימער פון די צוזאַמענטרעפן מיט דער אונטערגרונט און סתם גוטע יידן נישט פון דער אונטערגרונט.

די נסיעה פון יפו קיין לאַטרון איז אַדורך אין אַ געהויבענער שטימונג. מיר האָבן זיך געוויצלט, געזונגען. בקיצור: איך האָב זיך שנעל אַקלימאַטיזירט אין דער אינטערעסאַנטער קאָמפּאַניע.

אַריבער אַ נאַכט און עס איז געוואָרן טאָג. דער ערשטער טאָג אין אינטערנירונגס־לאַגער אין לאַטרון. די אויפנאַם־פּראָצעדור, דאָס רעגיסטרירן יעדן אינטערנירטן און דאָס פונאַנדערטיילן די חפצים האָט גענומען אַ גאַנצן טאָג. דער „שיכון”, וואָס איז געוואָרן צוגעגרייט פאַר אונז איז געווען אַ שרעקלעכער. מיר האָבן געטראָפן דעם לאַגער אַ פאַרשמוציקטן און מיט שרעקלעכע ריחות. מען האָט אונז געגעבן פרישטיק אין שמוציקע כלים. דאָס האָט דערפירט צום ערשטן בונטאַרישן שריט: דורכן פענצטער האָבן מיר אַרויסגעוואָרפן אַלע כלים. יענער ערשטער טאָג און ערשטע נאַכט איז פאַר אונז בוכשטעבלעך געווען כמעט אַ תענית.

דער צווייטער צוזאַמענשטויס איז אַנטשטאַנען אַרום ענין פון דער שעה ווען מען זאָל שליסן די באַראַקן. דער קאָמאַנדיר פון לאַגער האָט אונז מיטגעטיילט, אַז לויטן לאַגער־רעגולאַמין וועלן די טירן געשלאָסן ווערן ביין אָוונט. נישט אַלע זענען געווען הדר־יינגלעך. עס זענען צווישן אונז אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן שוין געהאַט סטאַזש און דערפאַרונג. מיר האָבן מודיע געווען דעם מאַיאָר: ניין. מיר וועלן נישט אַריינגיין. די נעכט זענען געווען וואַרעמע און די שמוציקע בעטן האָבן אויך נישט געצויגן צום לייגן זיך אויף זיי. וואָס איז דאָ די איילעניש? מיר האָבן פאַרלאַנגט צו פאַרלענגערן ביז צוועלף אַזייגער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגער משא־ומתן. דער מאַיאָר איז געקומען אַוועק און ווידער געקומען און ווידער אַוועק. ווייזט אויס, אַז ער איז געשטאַנען אין טעלעפאָנישן קאָנטאַקט מיט ירושלים צו באַקומען אינסטרוקציעס. צום סוף האָט ער באַקומען אַ „באַקשיש” אַ האַלבע שעה, כדי עס זאָל נישט אויסזען, ווי מיר וואָלטן געזיגט. און מען האָט געגעבן די דערלויבעניש צו זיין אין דרויסן ביז 11.30. פאַקטיש איז דאָס אויך נישט אָפּגעהיטן געוואָרן. מיר זענען געווען וואַך און פריי ביז

איינס, אָדער צוויי אַזייגער נאָך חצות און קיינער האָט אונז נישט געשטערט. ווייניקער פֿון אַלעם האָט אונז געשטערט די היץ, וואָס האָט אונז בייטאָג נישט געלאָזט אָטעמען.

דאָס דריטע פּראָבלעם איז געווען: — די מאַטראַצן. מיר האָבן זיי געפֿונען אין אַזאַ מצב, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען צו באַנוצן זיך מיט זיי. דאָס איז געווען אַזוי „צוגעגרייט" געוואָרן לכבוד אונז. איין זייט איז געווען אויסגעשמירט מיט סמאָלע און די צווייטע דורכגעווייקט מיט אורין. דאָס מאָל זענען געווען מיינונגס־פֿאַרשידנהייטן וועגן דער פֿאָרם פֿון רעאַגירן: אָננעמען אָדער נישט? אויף אַ דעמאָקראַטישן אופֿן איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצונעמען זיי.

צומאָרגנס האָט זיך אָרגאַניזירט די רעפּובליק, גענויער „די לאַטרונער קאָמונע". עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן די אינסטאַנצן, פֿאָרשטייער פֿאַר אויסערן־און אינערן־ענינים (מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט געקענט דעם טיטל „שר"), די ליטונג און קולטור־קאָמיסיע, אַלץ מיט אַלעמען. ספּאָנטאַן איז אַנטשטאַנען אַ פֿרידלעכע אַטמאָספֿער צווישן מענטשן, וואָס האָבן פֿריער אַפֿילו נישט געקענט איינער דעם אַנדערן. מאַטעריעלע הילף און גייסטיקע דערמוטיקונג און בסך־הכל: אַ פֿעסט־געשלאָסענע גרופּע.

אַלס לאַגער־פֿאָרשטייער, „סופּער־וויזער", איז אויסגעוויילט געוואָרן אַריה פּוסק.

גלייך נאָך זיין אויסווילן אויף דעם אַמט, האָט מען דערפֿילט, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט איינעם, וואָס האָט סטאַזש און דערפֿאַרונג. אין די אינערלעכע באַציונגען האָט ער נישט געוווסט פֿון קיין פּריווילעגיעס פֿאַר וועמען עס איז. ער האָט נישט געוווסט פֿון קיין פּראָטעקציע אין אַרויפֿלייגן פֿליכטן. אַלע זענען גלייך צו נעמען און געבן. כלפּי־חוץ האָט ער נישט געוווסט פֿון נאָכגעבן און חנפֿענען. כלפּי־פּנים — אָרדנונג און דיסציפּלין. כלפּי־חוץ — מוטיקע האַלטונג און זעלבסטווירדע. ווען ער פֿלעגט שטיין און רעדן מיטן לאַגער־קאָמענדאַנט, פֿלעג איך זיך טראַכטן: בעצם, ווער איז דאָ דער אינטערנירער און ווער דער אינטערנירטער? דוכט זיך מיר, אַז מער ווי ער פֿלעגט באַקומען באַפֿעלן פֿונעם פּרעמדן, פֿלעגט פּוסק געבן אים באַפֿעלן. דער פּוסק איז געווען - אריה פּוסק.

דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז געווען, וואָס יענער האָט אים געהערט.

דאָס פּראָבלעם פֿון קאָנטאַקט מיטן דרויסן איז געווען לעבנסוויכטיק פֿאַר יעדן אינטערנירטן און אַרעסטאַנט. אין פֿלוג גענומען דערלאָזט דאָך נישט די טורמע אָדער שטעכל־דראָט דעם דאָזיקן קאָנטאַקט. דאָס איזאָלירן איז דאָך איינע פֿון זייערע צילן. פּאַקטיש אָבער איז די פּאָסט פֿון



די צוויי, וואָס זענען אַוועק און נישט צוריקגעקערט

לאַטרון געווען בעסער אַנטוויקלט פון דער „פרייער" פּאָסט. פינף קאַטע־גאָריעס זענען געווען אין דער לאַגער־פּאָסט.

ערשטע פּאָסט־קאַטעגאָריע: די אָפיציעלע פּאָסט וואָס גייט דורך די סי. איי. די. אויף דער דאָזיקער „מציאה" זענען, פאַרשטייט זיך, נישט געווען קיין בעלנים.

צווייטע קאַטעגאָריע: די אונטערערדישע פּאָסט. די דאָזיקע פּאָסט האָט געאַרבעט מיט איבעראַשנדיקער פּינקטלעכקייט און שנעלקייט. אין פאַרלויף פון פיר שעה האָט מען געקאָנט באַקומען און צוריקשיקן אַ בריוו. דאָס איז געווען עקספּרעס־פּאָסט. מיט דער דאָזיקער פּאָסט האָבן מיר אויך באַקומען די גאַנצע „ווענט־ליטעראַטור", נאָך איידער זי איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אויף די ווענט פון די הייזער איבערן לאַנד. אָבער אין דעם איז געווען אַ דיסקרימינאַציע. נישט אַלע אינטערנירטע האָבן זוכה געווען צו דעם. יחידי סגולה בלויז. אַז מען האָט מיר געזאָגט: „לייג זיך צו אַביסל, הער קרינעצי", האָב איך שוין געוווסט, אַז אונטערן קישן איז פאַראַן „ליטעראַטור". איך האָב אויך געוווסט וועמען פאַרצושלאָגן ער זאָל זיך אַביסל „צולייגן" נאָך מיר.

דריטע קאַטעגאָריע: די ספּעציעלע פּאָסט פאַר די ירושלימער. דאָס איז געווען אריה לעווין זאָל געזונט זיין; ער פלעגט ברענגען אַ בריוו און אַ „לעבעדיקן" גרוס פון דער היים.

פערטע קאַטעגאָריע: די פּאָסט פון קאָמיטעט פאַר די אינטערנירטע, וועמענס שליחים פלעגן זי ברענגען צוזאַמען מיט אַ גרוס פון דער משפחה.

פינפטע קאַטעגאָריע: די פּאָסט פון מיליטערישן סערזשאַנט־מאַיאָר, אַן אירלענדער. ער האָט אויסגעפירט די פּאָסט־דינסטן פאַרן פּרייז פון פיפטי־פיפטי. איין העלפט: מזומן־געלט, אָדער קאָניאַק. די צווייטע העלפט: סימפּאַטיע, כלומרשט פאַר דער אונטערגרונט. אָבער טייערער פון די דאָזיקע צוויי זאַכן איז אים געווען דער צוזאָג, אַז די אונטערגרונט וועט אים נישט טאָן קיין שלעכטס. דער הויפּט־פאַרבינדלער מיט אים איז גע־ווען דער „סופערוויזער" פוסק. אַדאַנק דעם דאָזיקן קאָנטאַקט, האָט אין פוסקס קעשענעס קיינמאָל נישט אויסגעפעלט קיין קאָניאַק. פאַרשטייט זיך, אַז דער קאָניאַק איז געווען בלויז פאַר „מעדיצינישע" צוועקן.

ווו איז נאָך פאַראַן אויף דער וועלט אַזאַ פאַרשידנאַרטיקע און אַנט־וויקלטע פּאָסט?...

אָבער ברויט און פּאָסט איז נאָך נישט אַלץ, וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן. נישט פאַראַן אויף דער וועלט נאָך אַ פּלאַץ, ווו דער מענטש זאָל אַזוי זיין אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר פון וועגעטאַציע, ווי אין אַרעסט. דערנידערונג, בענקשאַפט, פאַרצווייפלונג — דאָס אַלץ קאָן צעברעכן דעם

מענטש. אָבער מער פון אַלעם קאָן דערצו ברענגען דאָס נישט נאָרמאַלע לעבן און דאָס גאָרנישט טאָן. אַ ליידיק־גיין, וואָס ברענגט צו אַ ליידיקייט. קעגן דעם איז דערקלערט געוואָרן קריג.

די אויסערלעכע אָרדענונג האָט אַלעמען קודם־כל פאַרפליכטעט צו היטן די ריינקייט. יעדער איינער דאַרף צורעכטמאַכן זיין געלעגער. דאָס איז ממש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין קולט, און צווישן די באַוווינער פון יעדן באַראַק איז פאָרגעקומען אַ פאַרמעסט: וועמענס געלעגער איז מער בסדר. איך בין זיך מודה: איך האָב אויך געלערנט די־אָ מלאכה ערשט אין לאַטרון. און ווי מיט די געלעגערס — אַזוי מיטן פנים. גלאַט ראַזירן זיך יעדן טאָג — איז אַ חוק ולא יעבור. און פון פנים — צו די שיך. פוץ אָפּ דיינע שיך ווי דו וואָלסט געגאַנגען אין אַמט, אָדער אויף אַ גרויס־אַרטיקער אויפנאַמע. אין דער דאָזיקער מלאכה האָט זיך ספּעציאַליזירט מער פון אונז אַלע ר׳ ישראל רוקח. ער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט זיינע שיך בלויז, נאָר ער פלעגט אויך מודיע זיין, אַז ער איז גרייט צו פוצן אויך שיך פון אַנדערע.

עס זענען טיילמאָל געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן נישט „געהאַלטן" פון די זאַכן, „זיצערס" מיט אַ סטאַזש, וואָס זענען געוווינט געווען צו אַנאַרכיסטישע מנהגים, ווי קומען צום עס־טיש אין אַ באָד־קאָסטיום, בעת דאָס ציווילע געזעץ אין לאַטרון האָט פאַרלאַנגט צו קומען צום טיש אין פולער קליידונג. דער „סופּערווייזער" האָט באַהערשט די געפערלעכע „אַנאַרכיסטן" און ווידער זענען דער טיש און די אַרומזיצנדיקע געווען אָן אַ פּגם.

דאָס עסן פרייטיק צונאַכטס איז געווען ביז גאָר פייערלעך. קידוש און בענטשן און חלות, ווייַן און קאָניאַק, אויסער דער גייסטיקער שפּייז.

גייסטיקע שפּייז האָבן מיר געהאַט בשפע. מענטשן, וואָס צוליב זייער באַשעפטיקונג אויף דער פריי האָבן זיי זיך אָפּגעוווינט פון לייענען אַ בוך, האָבן דאָ געקאָנט אויספילן דעם דאָזיקן בלויז. עס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ ביבליאָטעק. די ביכער זענען טיילווייז געקומען פון „קאָמיטעט פאַר די אינטערנירטע און אַרעסטירטע" און טיילווייז פון פּריוואַטע פערזאָנען, וואָס האָבן באַקומען ביכער פון דרויסן און מיר זענען זיך מיט זיי באַגאַנגען ווי מיר זענען זיך אַלע באַגאַנגען מיט די שפּייז־פּעקלעך. אַלץ גייט אין דעם קאָלעקטיוון מאַגאַזין און ביבליאָטעק. אַ מוסטערהאַפטע לאַט־רונישע, דעמאָקראַטישע קאָמונע. „וועריי אימפּאָרטאַנט פּריזאָנערס" נאָר כלפּי חוץ. כלפּי פנים אַלע „וועריי אימפּאָרטאַנט", אַלע יידן — פּרינצן זענען זיי.

די זאָרג איז גלייכצייטיק פאַרן גוף ווי פאַרן גייסט. גימנאַסטיק, באַל.

אין די פאַרנאַכטן: פאַרטראַגן אויף כלערליי טעמעס און באַך זיי לאַנגע דיס־קוסיעס און קאָלעקטיוו געזאַנג. דאָס ערשטע מאָל איז מיר דאָ אויס־געקומען צו הערן לידער פון דער יידישער אונטערגרונט און איך בין געוואָרן טיף באַאיינדרוקט פון זיי.

אין די שבת־פאַרנאַכטן אַ באַזונדערער „עונג שבת". עס ווייזט זיך אַרויס, אַז עס זענען אויך פאַראַן קינסטלערישע כוחות צווישן די „טעראָ־ריסטן" און איבעריק צו זאָגן, אַז עס זענען אויך פאַראַן זשורנאַליסטן. די ערנסטע און הומאָריסטישע צייטונג רעדאַגירט שלום ראָזנפעלד.

אַזוי פילט מען אויס די טעג און אָוונטן, בישט איבערלאָזנדיק ליידיקן חלל אין דער צייט און אַן אַ ליידיקן חלל אין האַרץ. עס איז נישט פאַר־ווישט געוואָרן דער צלם אלקים פונעם יידישן מענטש. דער כבוד פון יידישן בירגער איז אויפגעהיט געוואָרן אונטער אַלע אומשטענדן.

אינערהאַלב דער דאָזיקער גרויסער איינהייט זענען מיר, די ראשי עיריות און מועצות, געווען אַ באַזונדערע איינהייט צוליב אונזערע אַמטן, אַלס אָפיציעלע געזעלשאַפטלעכע פאַרשטייער. אויך „אויבן" האָט מען, ווייזט אויס, געוווסט, אַז אין אונזער פאַל זענען די „תיקים" נישט קיין אינדיווידועלע און מיר זענען נאָר ערובניקעס, אָדער אַ סימבאָל פון אַ באַזונדערן בלאָק.

די מערהייט אינטערנירטע מיט אונז האָט מען אָנגעהויבן איינציקווייז אַרויסרופן אויף אויספאָרשונגען. די אויספאָרשונגען האָבן זיך אָנגעהויבן אַרום דעם ענין מיט די צוויי סערזשאַנטן, וואָס זענען אויפגעהאָנגען גע־וואָרן, און האָבן זיך פאַרענדיקט מיטן פרעגן ביי אונז אַן... עצה: „וואָס דאַרף מען טאָן, כדי צו באַרואיקן דאָס לאַנד?". ביסלעכווייז איז באַשטימט געוואָרן דער אַנטשפּרעכנדיקער צונאָמען פאַר יעדן אויסגעפאָרשטן: „עצה־געבער". אַז מיר פלעגן זען עמיצן גיין פון לאַגער אין ביורא אַריין האָבן מיר געזאָגט: „אָט גייט נאָך אַן עצה־געבער".

צו דער דאָזיקער סעריע אויספאָרשונגען האָט מען אונז נישט גערופן. עס האָט זיך געפירט אַ משא ומתן פאַר דעם. מיר האָבן פון פאַראויס מודיע געווען, אַז מיר, די ראשי העיריות און מועצות, וועלן נישט גיין צו קיין שום אויספאָרשונג. כדי אונז איבערצורעדן האָט מען אונז געזאָגט, אַז זיי זענען חס וחלילה נישט אויסן קיין אויספאָרשונג. זיי זענען אויסן סתם אַ באַגעגעניש. (ווי עס וואָלטן אין תל־אביב און רמת־גן נישט געווען קיין בעסערע צוזאַמענטרעף־פלעצער). אין ביוראָ איז געקומען קאָלאָנעל גריי און געבעטן, אַז רוקח זאָל קומען צו אים אויף אַ שמועס. רוקח האָט געענטפערט:

— איך וועל מיך זייער פרייען אויב דער קאָלאָנעל וועט קומען באַזוכן מיך אין מיין נייער וווינונג.

אָבער גריי האָט נישט געוואָלט באַזוכן רוקחן אין זיין „נייער" וווינונג.

דער צווייטער שליח איז געווען געשיקט פונעם הויך־קאָמיסאַר. עס האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע שפּיל. יענער זיצט אין ביורא און פאַרבעט צו זיך רוקחן און רוקח זיצט אין זיין באַראַק און פאַרבעט אים צו זיך.

די ערשטע רונדע האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ בריוו פון הויפּט־סעקרעטאַר פון דער א״י־רעגירונג צו רוקחן. דער בריוו איז געווען געשריבן מיט דער געהעריקער אַכטונג, מיט די טיטלען און העפלעכער אונטערשריפט: „דיין טרייער דינער", און זיין עיקר אינהאַלט: „דו וועסט בלייבן אינטערנירט ביז דו וועסט מודיע זיין, אַז דו ביסט גרייט אויסגעפּאַרשט צו ווערן".

דאַן איז געשיקט געוואָרן פאָרד, וועמענס שליחות האָט געקאָנט באַטראַכט ווערן אַלס ווינציקער אָפיציעל, ווייל ער איז געווען דער קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי אין תל־אביב און איז געשטאַנען אין אַן אָפטן קאָנטאַקט מיט רוקחן. זיין צונאָמען איז ביי אונז געווען: דאָס „פערד". ער איז געווען אַ געוויקסיקער, אַ שיינער און אַ טיפּש. ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ משא ומתן. ער איז חלילה נישט געקומען פאַרשן; ער איז געקומען סתם אַזוי אַביסל „שמועסן" מיט אונז. נאָך דעם ווי מיר האָבן מסכים געווען צו „שמועסן" מיט אים, האָט זיך אָנגעהויבן אַ משא ומתן, במשך פון פיר שעה, וועגן אָרט פונעם „שמועס". מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו קומען אין אויספאַרשונגס־ביוראָ. צום סוף איז מען דורכגעקומען, אַז דער שמועס וועט פאָרקומען אין דער פּריוואַטער וווינונג פונעם הויפּט פון לאַגער לאַטרון א׳. אַהין זענען מיר געגאַנגען יעדער איינער באַזונדער און מיר האָבן „געשמועסט". די געשפּרעכן האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאַט. מיר האָבן נישט מסכים געווען געפאַרשט צו ווערן. אויך פון די דאָזיקע געשפּרעכן האָבן מיר נישט דערלויבט צו מאַכן אַ פּראָטאָקאָל. קיין וואָרט וועט נישט פאַרשריבן ווערן און מיר וועלן אויף גאָרנישט אונטערשרייבן זיך. עס איז דאָך אָפּגערעדט געוואָרן וועגן אַ כמעט פרייוואַטן שמועס, נישט אַזוי?

נאָכן „פערד" איז געקומען אַ נייער „שטערן". אָ׳סאָליוואַן, דער אירלענדישער פאָרעטער. פון דער צענטראַלע פון דער געהיים־פּאָליציי אין ירושלים איז ער געקומען. חברה! עס הויבט שוין אָן צו זיין לאַנגווייליק. ער פאַרבעט ווידער פון די הויכקייטן פונעם ביוראָ יעדן איינעם פון אונז און מיר זאָגן ווידער אָפּ. ווידער באַווייזן זיך נייע „שטערן", העכערע פון

די פריערדיקע „שטערן". זיי קומען און גייען און מיר רירן זיך נישט פון אָרט.

דורכרייסן דעם פאַרכישופטן קרייז האָט סוף־כּל־סוף באַשלאָסן אָ׳סאָ־ליוואַן. ער האָט פאַרבויגן זיין כּבֿוד און אַראָפּגעקומען מיט זיין גאַנצער סוויטע אין אונזער באַראַק. די סצענע וואָס איז דאָ פאָרגעקומען איז ממש געווען אַ קונסט־שטיק, אַן אַ פּראָגראַם פון פריער, אַן אַ סצענאַר און אַן אַ רעזשיסער.

אָ׳סאָליוואַן איז אַריין און שטיין־געבליבן אין טיר מיט זיין גאַנצער סוויטע. אַלע באַוווינער פון דעם באַראַק זענען געזעסן יעדער איינער אויף זיין בעטל. מיר — אין צווייטן עק באַראַק.

אָ׳סאָליוואַן האָט, ווייזט אויס, באַשלאָסן אָפּצונעמען זיך פאַר זיין דערנידעריקטן כּבֿוד. ער איז געשטאַנען מיט די הענט אין די קעשענעס און אונז דערלאַנגט אַזאַ „ספּיטש":

— איך קען אייך. אויב איר קענט מיך נישט, וועט איר זיך נאָך באַקענען מיט מיר און מיט מיינע שיטות.

איך האָב געזאָגט רוקחן:

— גיב עפּעס דעם דאָזיקן הונט אין קאָפּ אַריין.

איך האָב געמיינט בוכשטעבלעך — נעמען עפּעס אַ חפץ און אַ וואַרף טאָן אין דעם דאָזיקן פאַרשייטן פּרצוף. אָבער דאָס, וואָס רוקח האָט גע־טאָן, איז געווען אינגאַנצן עפּעס אַנדערש פון דעם, וואָס איך בין אויסן געווען און עס איז געווען אַזוי איבעראַשנדיק און אַזוי שטאַרק, אַז ווען ער וואָלט אים געוואָרפן דעם שווערסטן חפץ, וואָלט עס נישט געהאַט אַזאַ עפעקט, ווי עס האָט זיך באַקומען.

פון דעם אָרט וווּ ער איז געזעסן האָט רוקח געזאָגט „בלויז" דאָס:

— „הער! ווי אַזוי רעדסטו און ווי אַזוי שטייסטו? בעם אַרויס די הענט פון די קעשענעס!".

אַלץ אין דער לופטן איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן און עס האָט פּאַ־סירט דאָס, אויף וואָס מען האָט זיך געקאָנט רעכטן ווינציקער פון אַלעם: דער „העלד" האָט מיטאַמאָל און זייער שנעל אַרויסגענומען די הענט פון די קעשענעס. די רעאַקציע איז געווען: אַ ריזיק, דערליידיקטע געלעכ־טער פון אַלע מענטשן אין באַראַק. אָ׳סאָליוואַן האָט זיך געכאַפּט אויף דער אָפּגעטרעטענער נאַרישקייט, ער איז אַרויס פון באַראַק און מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ פאַרמאַכט די טיר.

די דאָזיקע געשיכטע איז זיך גלייך פונאַנדערגעגאַנגען און די גאַנצע אַדמיניסטראַציע איז וועגן דעם געוווּר געוואָרן. פון איצט אָן האָבן זיי

אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט אונז און אָנגעהויבן מיט שליחים פון אַן אַנדער סאָרט און מיט נייע פּאָרשלאָגן.

עס זענען געקומען די ה"ה סאַפּיר און אריאב. זיי זענען געקומען אויפן באַפעל פון דער רבנות הראשית און גאַנץ וואַרשיינלעך לויט דער „ביטע" פון דער רעגירונג, וואָס האָט נישט געוווסט ווי אַרויסצוקריכן פון דעם עסק. דאָס מאָל איז געווען דער פּאָרשלאָג, אַז מיר זאָלן מסכים זיין אויסגעפּאָרשט צו ווערן בלויז למראית עין, פּאָרמעל. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן אָפּגעזאָגט אויך די דאָזיקע שליחים, אויך די רבנות הראשית און אויך דעם דאָזיקן „למראית עין".

די צווייטע באַגעגעניש מיט סאַפּירן און אריאב איז פּאָרגעקומען אין אַ באַזונדער צימער. מען האָט אונז געוואָלט געבן „פרייהייט פון רעדן". מיר האָבן מורא געהאַט פאַר אונטערהער־אַפּאַראַטן. צווישן די אינטער־נירטע מיט אונז זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן שוין געהאַט דערפאַרונג און האָבן געוווסט צו דערציילן וועגן אַזעלכע זאַכן. די שליחים האָבן געפּרוווט איבערצייגן אונז מיט זייערע פּאַטריאָטישע אַרגומענטן. די לאַגע אין דרויסן איז זייער אַ טראַגישע (היינט קאָן מען שוין אָפּשאַצן אָביעקטיוו ווער עס איז דאַן געווען אין אַ טראַגישער לאַגע — דער ייִדישער ישוב, אָדער די מאַנ־דאַט־מאַכט), אונזער געפינען זיך אין דרויסן, אויף דער פריי, וועט ברענ־גען מער נוצן, ווי אונזער האַלטן זיך ביי אונזער פּראָטעסטיזש־קאַמף דאָ.

מיר האָבן זיך אויך נישט אונטערגעגעבן די דאָזיקע אַרגומענטן. מיר וועלן נישט גיין צו קיין שום אויספאָרשונג.

עס זענען צו אונז דערגאַנגען דערמוטיקנדיקע אָפּקלאַנגען דווקא פון דרויסן. מיר האָבן געהערט, אַז „עמך" איז שטאַרק מיט אונזער שטע־לונג. עס פלעגן קומען צו אונז אויטאָמאָבילן מיט בלומען. אין רמת־גן איז פּאָרגעקומען אַ ספּאָנטאַנער פּראָטעסט פון אַלע בירגער. אַלע געשעפטן און פאַבריקן זענען געשלאָסן געוואָרן אַלס פּראָטעסט קעגן מיין אַרעסט. אַ גרויסע און האַרציקע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דורכן „קאָמי־טעט פאַר די אינטערנירטע" אונטער דער לייטונג פון אבן־זוהר. אויך דאָס פּריינטלעכע און איינרעגולירטע לעבן אין לאַגער האָט צוגעגעבן כוח אויסצוהאַלטן און נישט נאָכגעבן.

דאַן איז געמאַכט געוואָרן נאָך אַ פּאַרזוך, דער לעצטער: צעשיידן אונז, מיר זאָלן זיך נישט קאָנען באַראַטן ווי אַזוי צו רעאַגירן אויף נייע שיטות. מען האָט אונז גענומען פון לאַטרון איינציקווייז אין דער סי. איי. די. אין ירושלים און דאָרט האָט מען אונז אַריינגעפירט צו אַן אויספאָרשונג, נישט קאָנענדיק פריער זען איינער דעם אַנדערן. רוקח איז אויסגעפאָרשט

געוואָרן דורכן שעף פון דער געהיים־פּאָליציי דזשיילס, איך — דורך אָ'סאָ־ליוואַן.

ער האָט אַוועקגעלייגט פאַר זיך פּאַפּיר און אַ בלייפעדער און געוואָלט אָנהויבן. איך האָב גלייך אַ זאָג געטאָן:

— איך וועל דיר איינשפּאָרן אַרבעט. דו האָסט נישט וואָס צו שרייבן. איך וועל נישט ענטפערן אויף קיין שום פראַגע. דו קאָנסט שרייבן צוויי זאַצן: „נאָ רעפּליי, נאָ אַנסער" (קיין ענטפער).

ער האָט געפּרוווט אַריינציען מיך אין אַ געשפּרעך אויף אַ פּראָוואָ־צירנדיקן אופן:

— עס איז מיר באַוווּסט, אַז דו האָסט זיך באַנוצט מיטן בודזשעט פון רמת־גן צו העלפן די אונטערגרונט.

— דאָס איז אַ זייער ראַפינירטע זאַך, אָבער איך וועל אויך אויף דעם נישט ענטפערן.

— יעדנפאַלס וועל איך דיך פרעגן, פאַרוואָס ווילסטו מיר נישט ענט־פערן.

— ווען דו וואָלסט געקומען פאַרן אַרעסטירן מיך, וואָלט איך דיר אויף דעם געענטפערט.

— דו ביסט נישט אַרעסטירט, דו ביסט בלויז אינטערנירט.

— פאַרוואָס האָסטו מיך אינטערנירט?

— איך וועל זיין מער דזשענטלמען פון דיר און דיר ענטפערן. דו ביסט אינטערנירט געוואָרן, ווייל רמת־גן איז דער אינקובאַטאָר פונעם טעראָר.

— זאָלן מיר אָננעמען אַז יאָ, ווו וווינסטו?

— אין ירושלים.

— אין ירושלים? זייער אַ שיינע שטאָט און טעראָריסטן זענען דאָרט פאַראַן?

— יאָ.

— טאָ פאַרוואָס האָסטו נישט אינטערנירט דעם בירגערמייסטער פון ירושלים, — ווייל ער איז אַן ענגלענדער?

אַ שווייגן.

— דו האָסט נישט וואָס צו ענטפערן, וואָס? ווייזט אויס, אַז אויך דו האָסט נישט קיין ענטפער אויף יעדער זאַך. דו זעסט, אַלזאָ, דו פאַרשווענדסט דיין צייט אויף אומזיסט. לאָז מיך אומקערן זיך אַהיים.

— אַהיים???

— יאָ, קיין לאַטרון, פאַרשטייט זיך.

זיין שטימונג איז נישט געווען קיין איבעריק געהויבענע, אָבער ער

האָט דזשענטלמעניש פאַרגעשלאָגן עפּעס עסן, סיגאַרעטן.

דאָס איז געווען דער לעצטער פאַרזוך. אַ געוויסן טאָג איז רוקח אַרויסגערופן געוואָרן אין דרויסן, נאָך אים בין איך אַרויסגערופן געוואָרן. מען האָט מיך נישט געלאָזט צוגיין צו אים. איך האָב זיך געטראַכט: ווי־דער עפּעס אַ נײַ שפּיצל. מען האָט אונדז אַרײַנגערופן אין אַ צימער, ווו עס איז געווען איינער, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס בריגאַדיר. ער האָט באַקומען אַ באַפעל אונדז צו באַפרייען. איך האָב געזאָגט: „כ׳האָב חפצים אין לאַגער, איך וויל זיך אומקערן און נעמען זיי".

— דו וועסט זיך מער נישט אומקערן אין לאַגער, ער איז געשלאָסן פאַר דיר. די חפצים וועסטו דערנאָך באַקומען.

מען האָט אונדז גענומען אין אויטאָ און מיט אַ פאַנטאַסטישער שנעל־קייט האָט מען אונדז געבראַכט צו רוקחן אין הויז אַרײַן. זיי האָבן שוין נישט געבעטן אונטערשרײַבן קיין שום זאַך.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט די סיבה פון דעם מאָדנעם אופן פון באַפרייען אונדז. עס איז געווען אַן אינסטרוקציע, אַז אין פאַל אויב מיר וועלן נישט וועלן אַרויסגיין: באַפרייען אונדז מיט כוח. איצט איז שוין גע־ווען די דאגה ווי פּטור צו ווערן פון אונדז.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די דריטע סטאַדיע פון דעם דרוק, וואָס מען האָט אויסגעאיבט אויף אונדז. פון די צרות מיטן דרוק און פון זייער רע־זולטאַטן האָט זיך שוין אַרויסגעפילט, אַז דער סוף פון דער דאָזיקער מאַכט איז נאָענט.

## ז. לופט־קאַפּיטלען

אונדזער גרויסער דיכטער — און איצט דער גרויסער בירגער פון מײַן קליינער שטאָט — זלמן שניאור, האָט אָנגעשריבן אַ בוך לידער א. נ. „וואַלד־קאַפּיטלען". זאָל מיר דער־יבער נישט פאַרעכנט ווערן פאַר קיין חטא, אויב אני הקטן רוף אָן איין קאַפּיטל פון מײַן בוך אויף דעם משקל: „לופט־קאַפּיטלען".

עס זענען געווען צײַטן, ווען דער אייניציקער באַריר, וואָס יידן האָבן געהאַט מיט דער לופט, איז געווען דאָס, וואָס איז באַרימט געוואָרן מיטן נאָמען „לופט־פּרנסות", ד. ה. די אַלע מנחם־מענדלשע געשעפטן, ווייל לופט צום אָטעמען ממש האָבן זיי דאָך קיינמאָל נישט געהאַט גענוג אין גלות.

אָבער אין אונדזער צײַט איז לופט נישט בלויז צום אָטעמען. אין אונדזער צײַט האָט פּאַסירט מיט דער לופט, וואָס עס האָט פּאַסירט אין אוראַלטער מיטן וואַלד און דערנאָך מיטן ים. דער מענטש האָט זי דערא־

בערט און באַצוואונגען מיט די מאַטאָרן פון זיינע עראָפּלאַנען, פונקט ווי ער האָט אַמאָל דורכגעהאַקט אַ וועג אין די געדיכטענישן פון די וועלדער און איבערן אָקעאַן.

און זע אַ וואונדער:

דער דאָזיקער לעצטער אָקעאַן, וואָס איז דעראָבערט געוואָרן דורכן מענטש, — די לופט — איז היינט אויך אָפן פאַרן ייד, וואָס שפּאַלט אים דורך מיט מוט און זיכערקייט. און אַז עס וועט היינט עמיצער קומען און זאָגן: דער ייד איז אַ לופט־מענטש, וועט ער שוין מער נישט אויסן זיין יענע „פון דער לופטן אויסגעזויגענע פּרנסות", נאָר יענע דרייסטע און באַצויבערנדיקע בחורים. וואָס שפּאַלטן די לופט מיט עראָפּלאַנען, פון די לייכטע ספּאָרט־עראָפּלאַנען ביז צו די שווערסטע באָמבאַרדירער.

אָבער אויך די דאָזיקע גאולה, דאָס אויסגעלייזט ווערן פון לופט־געשעפטן און ווערן לופט־אָדלערס, איז געקומען מיט חבלי גאולה, און עס האָט אונז געקאָסט פיל בלוט און צעשטערונג ביז מיר האָבן דעראָבערט די לופט איבער אונז, פונקט ווי מיר האָבן דעראָבערט די ערד אונטער אונזערע פיס.

אייניקע עפּיזאָדן פון די דאָזיקע געבורט־ווייען וויל איך דאָ דערמאָנען.

דער ערשטער צוזאַמענטרעף, וואָס איז פאָרגעקומען דורך מיין פאַר־מיטלונג, צווישן הויפּט־מפקד פון ארגון צבאי לאומי, ה' מנחם בעגין, און עטלעכע צענדליק געזעלשאַפטלעכע טוער און געשעפטס־מענטשן פון רמת־גן, איז געווען וועגן אַזעלכע „לופט־געשעפטן".

דער מפקד פון אצ"ל האָט מיך געבעטן צונויפרופן עטלעכע צענד־ליק פאַרמעגלעכע מענטשן, ווייל עס האַנדלט זיך וועגן אַ זאַך פון באַזונ־דערער וויכטיקייט. דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג פון די צוזאַמענ־שטויסן מיט די אַראַבער און פאַרן פּראָקלאַמירן די מדינה.

אויף דעם צוזאַמענטרעף איז דערשינען מנחם בעגין. איך מוז מודה זיין, אַז זיין דערשיינען האָט גורם געווען אַ געוויסע אַנטוישונג. עס איז שווער צו באַצייכענען ווי בעצם האָבן זיך די מענטשן פאָרגעשטעלט דעם הויפּט־מפקד פון ארגון צבאי לאומי, וואָס האָט אַנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער בריטישער מאַכט און איר מיליטער. מעגלעך, אַז עס איז געווען אַ געוויסע נאַיוויטעט פאָרצושטעלן זיך אים אַלס מענטש, וואָס שוין זיין אוי־סערלעכער אויסזען דערציילט ווער ער איז. אָבער עס איז אַ מענטשלעכער פאַקט און אַ מענטשלעכע נאַטור צו פאַרבינדן די געשטאַלט פון אַ פּערזאָן מיט דעם, וואָס עס איז אים באַקאַנט וועגן איר.

דעריבער ווי איבעראַשט זענען געוואָרן די פאַרזאַמלטע, דערזעענדיק פאַר זיך אַ געוויינלעכן מענטש, וועמענס אויסזען און רעדן איז געוויינלעך.

הער בעגין אַליין האָט געוויס נישט געפילט די איבעראַשונג פון די מענטשן צוליב דער דאָזיקער סתירה צווישן דער פאָרשטעלונג און ווירקלעכקייט.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט נישט משפיע געווען, חלילה, אויף דעם ענין, וועגן וועלכן עס האָט זיך געהאַנדלט. הער בעגין האָט איבערגעגעבן וועגן פּלאַן פון אצ״ל צו ברענגען פון אויסלאַנד עראָפּלאַנען, פאַר־ראָדנטע מיט געווער און גרייטע צום קאַמף. אין יענע טעג איז דאָס געווען ממש אַ רעוואָלוציאָנערער פּלאַן. דאָס אָפּרופן זיך פון די פאַרבעטענע איז געווען אויסערגעוויינלעך און די סומע, וואָס איז פאַרלאַנגט געוואָרן, איז געגעבן געוואָרן. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס אויך די צוגעזאָגטע עראָ־פּלאַנען זענען נישט אָנגעקומען...

דער צווייטער קאָנטאַקט, וואָס איך האָב געהאַט מיט דעם דאָזיקן לופט־פּראָבלעם, איז געווען מער אַ פּערזענלעכער און ווייניקער אָנגענעם. איינער פון די ערשטע באַזוכן, וואָס די מצרישע עראָפּלאַנען האָבן געמאַכט ביי אונז, איז געווען אין רמת־גן און, ווייזט אויס, אַז זייענדיק „גוט־דערצוי־גענע״ האָבן זיי געהאַלטן פאַר ריכטיק אָפּצוגעבן כבוד פריער פאַר אַלע דעם ראש העיר. מיין הויז איז באָמבאַרדירט געוואָרן און אין גרעסטן טייל צעשטערט געוואָרן. אין אַ צייט אַרום האָב איך זיך דערוווּסט פון אַ געפאַנ־גענעם מצרישן אָפיציר, וועלכער האָט אַליין דורכגעפירט די באָמבאַר־דירונג, אַז דאָס איז נישט געווען קיין צופעליקייט, נאָר עס איז געווען עמיצער פון די פריערדיקע מאַכט־האָבער, וועלכער האָט אָנגעוויזן אויף מיין הויז ווי אויף „אַ זייער געווינטשענעם אָביעקט״. יענעם טאָג איז באַשטימט געוואָרן אַ געוויינלעכע זיצונג פון דער מועצה אין אָוונט. מיין סעקרעטאַר האָט געוואָלט אָפּרופן די זיצונג. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דערצו נישט מסכים געווען. נישט בלויז וואָס אַזאַ פּערזענלעך אומגליק דאַרף נישט שטערן דעם נאָרמאַלן גאַנג פון די געזעלשאַפטלעכע ענינים, נאָר גראָד להיפך: עס איז אַן אויסנאַם־צושטאַנד, וואָס פאָדערט פאַרצו־זעצן זיי פאַר יעדן פּרייז! און דאָס איז געוואָרן אַ געזעץ ביי אונז אין רמת־גן.

און נאָך עפּעס צום אָנדענק פון יענע טעג און יענע ענינים:

זייער שווער איז געווען אין יענע טעג, ווען אונזערע הימלען זענען געווען הפקר פאַר דעם פייַנטס עראָפּלאַנען און ממש פון סטענען האָבן אונזערע בחורים געשאָסן צו זיי. וואָס איז דאָס וווּנדער, אַז גוטע יידן האָבן זיך געבראָכן דעם קאָפּ און אָנגעשטרענגט זייערע פעאיקייטן און אויך זייער דערפאַרונג, וואָס זיי האָבן זיך דערוואָרבן אין אַלע מילי־טערן אין דער וועלט, כדי אויסצוגעפינען ווי צומשבעלסטן געהעריקע שוץ־מיטלען. עס פלעגן קומען צו מיר די דאָזיקע יידן, צווישן זיי אויך זייער

ערנסטע און אינטעליגענטע מענטשן. אָט איז געקומען איינער, וועלכער האָט באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז צו דערגיין דעם סוד פון דער באַרימטער רוסישער „קאַטיושאַ", איבער וועלכער די גאַנצע דייטשע מיליטערישע וויסנשאַפט האָט זיך געמאַטערט פיל יאָרן כדי צו אַנטדעקן דעם סוד. און אָט איז געקומען איינער מיט אַ פאַרטיקן פאַטענט פאַר אַ ראַקעטע „ווי צע", מיט וועלכער מען וועט קאָנען „טרעפן" אויף אַ מרחק פון דריי קילאָמעטער. די דאָזיקע דערפינדער זענען דורך מיר געריכטעט געוואָרן אין די אַנטשפּרעכנדיקע אַמטן ביים זיכערהייטס־מיניסטעריום, וואָס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן און זיין צענטער איז געווען אין רמת־גן.

וואָס איז געוואָרן פון די דאָזיקע אַלע דערפינדונגען און פאָרשלאַגן אין די דאָזיקע אַמטן ווייס איך נישט. בלויז דאָס ווייס איך: איידער מען האָט נאָך באַוויזן צו באַטראַכטן זיי ווי געהעריק, אָדער אויספּרובירן זיי, זענען דערשינען אין דער לופטן אונזערע ערשטע עראָפּלאַנען און אונזערע יונגע פליער. צוערשט האָבן זיי פאַריאָגט דעם פיינטס באָמבאַרדירער־עראָפּלאַנען און דערנאָך אויך אָנגעוואָרפן זייער שרעק אויף זייערע הויפּטשטעט פון דמשק ביז קאַיר.

און אַזוי ווי איך האָב אָנגעהויבן דאָס קאַפּיטל מיט זלמן שניאור, וועל איך אויך פאַרענדיקן מיט אים:

אַז מיר זאָלן זוכה זיין צו לייענען אַ גרויס בוך פון „לופט־קאַפּיטלען" וואָס זאָלן זיין אַ רעהאַביליטאַציע פאַרן יידישן פאָלק, וועמענס באַריר מיט דער לופט אין דער פאַרגאַנגענהייט איז געווען דורך „לופט־געשעפטן" בלויז, און היינט איז עס אַ באַריר פון שטאָלצע שטאָלענע אָדלערס.

## א. אונזערע קינדער האבן נישט ליב קיין „ציונות"

ווען מיר, דערוואַקסענע, ווערן געריִרט ביים אַרויסברענגען די זכרונות פון אונזער פאַרגאַנגענהייט און פון דער מדינה, זאָגן נאָך אונזערע קינדער און אייניקלעך מיט חוזק: „ציונות". און מען קאָן זיי פאַרשטיין: זיי וואַקסן אין זייער מדינה, אונטער אַ יידישער הערשאַפט. אַוודאי ווייסן זיי, אַז עס זענען פאַראַן שונאים אַרום, עס זענען דאָ און וועלן נאָך זיין מלחמות און נצחונות, אָבער דאָס געפיל און דעם טעם וואָס מיר פילן אין דעם וואָרט „באַפרייאונג", ווייסן זיי נישט.

מיר זענען געוואַקסן — כאָטש נישט אַלע האָבן דאָס געפילט אין דער זעלבער מאָס — מיט דעם געפיל, אַז פרעמדע הערשן איבער אונז. דערייבער קאָנען נאָר מיר פאַרשטיין און פילן דעם טעם פון דעם: די ענגלענדער פאַרלאָזן. דער דאָזיקער אינקובאַטאָר האָט אויסגעהאָדעוועט נישט נאָר „טעראָר", נאָר אויך אַ וווּנדערלעכן בעל־חי, וואָס הייסט „זעלבשטענדיקע מדינה", כאָטש ביזן היינטיקן טאָג — און הלוואי נישט אויף קיין לאַנגער צייט נאָך — לעבן נאָך אַ סך אויף דער גרענעץ און עס זענען דאָ שטחים וואָס זענען, ווי עס רופט זיי אָן דער דיכטער אורי צבי גרינבערג, ווען מ'האָט רמת־גן האָט דעם זכות צו האָבן פאַר אַ בירגער — „דאָס העלדזל פון דער פלאַש". אין די גרעסטע טיילן פון לאַנד לעבן כמעט צוויי מיליאָן יידן — כן ירבו — נישט ווי מיר זענען געווען צוריק מיט צען יאָר אַ מינדערהייט פון גאַסן, קוואַרטאַלן, ווו באַוואָפנטע אַראַבישע כוליגאַנעס זענען אונז באַפאַלן טאָג־איין, טאָג־אויס, נאַכט נאָך נאַכט. אויך פון זיי האָבן מיר זיך באַפרייט און אויך דאָס געפיל איז אונזערס און אונזערע קינדער דאַרפן און זענען מחויב אונז צו פאַרשטיין, הגם זיי אַליין פילן דאָס נישט, דאַנקען גאָט — חוץ די יענקע קינדער, וועלכע געפינען זיך אויף די גרענעץ־פונקטן.

עס איז שווער איינצופלאַנצן אין די הערצער פון יונגן דור וואָס איז געוואַקסן אויף די גאַסן פון לוד און רמלה, יהודיה און אַנדערע ערטער, וואָס עס פילט אַ ייד ווי איך, שפּאַנענדיק אויף די דאָזיקע גאַסן, אויף וועלכע אַ פוס פון אַ ייד האָט כמעט נישט געהאַט קיין העזה צו באַטרעטן.

און צום סוף פון מיינע אַנטשולדיקונגס־ווערטער צו די יונגע לעזער: ביי איך איז אַ פשוטע זאַך ווען עס ווירקט אַן איינהייט פון צה"ל, וואָס גרייפט אָן שונאים און נעמט איין שטחים. פאַר אונז אָבער, אַפילו פאַר די,

וועלכע זענען געווען נאָענט גייסטיק און פיזיש צו דער אונטערערד־
באַוועגונג וואָס פלעגט אָנגרייפן, איז דאָס אַ גרויסע איבערקערעניש: מיר
זענען מער נישט יידן וואָס פאַרטיידיקן זיך פאַר אָנפאַלער, און אויך נישט
קיין אונטערערד וואָס גרייפט־אָן מיט דער שיטה „גרייף־אָן און אַנטלויף",
נאָר קעמפנדיק מיליטער, וואָס פירט־אויס דעם באַפעל פון אַ יידישער
מדינה. דאָס איז טאַקע אַ ביסל „ציונות", אָבער אין באַצוג צו דעם וואָס
עס איז געווען אין דער פאַרגאַנגענהייט, איז דאָס גוט, און איך האָב נישט
קיין שום גרונט צו באַהאַלטן מיין פרייד.

על־כן וועל איך ווידמען אייניקע בלעטלעך פון מיין בוך די זכרונות
פון די רעוואָלוציאָנערע טעג, ווען מיר זענען איבערגעגאַנגען פון דער
„הגנה" און פון „טעראָר" צו אַ קעמפנדיק פאָלק.

## ב. די גרענעצן פון רמת־גן

ווען מיר רעדן היינט וועגן גרענעצן סתם, מיינט מען, פאַרשטענדלעך,
דעם עזה־פאַס אָדער די גרענעץ מיט סיריע, אָדער מיט „ממלכת" ירדן.
אָבער ווען מען רעדט וועגן די גרענעצן פון רמת־גן, איז מען אויסן די
פראָבלעמען פון דער ציווילער באַפעלקערונג מיט די פאַרוואַלטונגס־ראַ־
יאָנען פון תל־אביב און בני־ברק. ווען מען רעדט וועגן די גרענעצן פון
רמת־גן אין יענע גרויסע טעג פון יאָר 1948, מיינט מען ממש די מלוכה־
זיכערקייט, ווייל רמת־גן איז געווען אַרומגערינגלט כמעט פון אַלע זייטן
מיט שטח פון שונא.

פון דער זייט פון היינטיקער החייל־גאַס האָט זיך אויסגעשפרייט דאָס
גרויסע אַראַבישע דאָרף סלמה, וואָס איז געוואָרן אַן אָרט פון שרעק. מיר
האָבן טאַקע געגראָבן אויף דער גאַנצער לענג פון דער גרענעץ שוץ־גראָבנס,
מיר האָבן אָנגענומען, אַזוי צו זאָגן, די „מאַזשינאָ־ליניע", אָבער וואָס
נוצט דאָס? די שוץ־גראָבנס האָט מען געקאָנט אַריבערגיין צופוס און
ווען די אַראַבער וואָלטן זוכה געווען צו דער פאַרווירקלעכונג פון
דעם וואָס זיי האָבן אויסגעקוקט מיט אַ פולשטענדיקער זיכערקייט —
צו דעם קומען פון קאַוקאַדזשיס „באַפרייאונגס־מיליטער", וואָלט אַוודאי
דער סוף פון אונזער „מאַזשינאָ־ליניע" געווען דער זעלבער ווי פון דער מאַ־
זשינאָ־ליניע פון די פראַנצויזן אין יאָר 1940, וואָס איז געווען אַ ביסל בעסער
פאַרפעסטיקט ווי אונזערע. דערווייל איז די מורא געווען גרויס, צוליב די
שיס־אָנפאַלן, וואָס האָבן זיך איבערגעחזרט נאַכט נאָך נאַכט. טויזנטער
און צענדליקער טויזנט קוילן זענען געפלויגן, און מיר? איך צווייפל, צי
מיר האָבן געענטפערט מיט איין קויל אויף הונדערט, נישט צוליב שפּאָר־

זאַמקייט, נאָר צוליב אַ גאַנץ פּשוטן טעם: מיר האָבן מער נישט געהאַט...

נאָר די עיקרדיקע צרה אויף דעם דאָזיקן פראָנט־אָפּשניט איז גע־ווען אַן אַראַביש צוויי־שטאָקיק הויז, וואָס האָט געהערשט איבער דער גאַנצער סביבה און מיר זענען געשטאַנען אָפן אויסגעליפערט צו די אַראַ־בישע סנייפּער. ווּעלכע זענען זיך געמיטלעך געזעסן און געשאָסן וויפל עס האָט זיך זיי געגלוסט — און געגלוסט האָט זיך זיי זייער אַ סך.

פון אָנהייב האָבן מיר געטראַכט, אַז מיר וועלן זיך פאַרטיידיקן מיט שוץ־ווענט, כאָטש דאָס אויפשטעלן אַזעלכע ווענט איז אויך געווען שווער, ווייל פון דעם אַראַבישן הויז האָט מען אַן אויפהער געשאָסן, אָבער אויך אַן דער שוועריקייט האָט דער דאָזיקער שטח נישט געצויגן מיין האַרץ און ווייל דאָס איז געווען נאָך פאַרן אַנטשטיין פון דער מדינה, אַזוי ווי די הערשאַפט פון די שופטים פאַרן הערשן פון אַ מלך אין יש־ראל, זענען די זיכערהייטס־ענינים פון רמת־גן געווען למעשה אין מיינע הענט. איך האָב זיך געפילט פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן לעבן פון די רמת־גנער בירגער. אַ פאַרצווייגטע טעלעפאָן־ליניע איז אייגעשטעלט גע־וואָרן אין מיין הויז, צו וועלכן עס זענען געווען פאַרבונדן 14 ליניעס פון 14 שליסל־פּאָזיציעס צו פאַרטיידיקן די שטאָט.

מיט דעם כוח האָבן מיר באַשלאָסן איבערצואַנדערשן די גאַנצע זאַך. אָנשטאָט אויפצושטעלן אַ סך שוץ־ווענט, כדי זיך צו פאַרטיידיקן פאַר איין הויז, איז דען נישט לאָגישער אָט דאָס הויז אַראָפּצורוימען?

און דאָס איז געווען אין אַ שבת־צו־נאַכטס. אַ שרעקלעכער אויפרייס האָט איבערגעריסן די שטילקייט אַרום. איך האָב שוין מער נישט געדאַרפט קיין טעלעפאָנישע ידיעה. איך האָב געוווּסט: דאָס געפערלעכע הויז פון די אַראַבישע שיסער איז אויפגעריסן געוואָרן. די חייל־גאַס איז באַפרייט גע־וואָרן פון שטענדיקן פּחד.

אין פּרדס האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ הילצערנעם טורעם און פון איצט אָן האָבן מיר באַהערשט די גאַנצע סביבה און זיי האָבן געדאַרפט אַנטלויפן מיטלען כדי זיך צו פאַרטיידיקן און אויך דאָס איז געווען איינע פון די ערשטע סימנים פון דער געענדערטער לאַגע.

אויף דעם שטח זענען אייניקע אַראַבער געבליבן אויף אונזער זייט. דאָס אַראַבישע בית־הקברות איז געווען דאָס אייגנטום פון וואַקף און עס האָט אין אים געוווינט אַ גרויסע משפּחה. נאָך דעם ווי מיר האָבן באַזיי־טיקט די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון דעם דאָרף סלמה און מיר האָבן צוריק־געשטויסן דעם שונא, לפּחות פון דער זייט דאָרף, צוריק אין זייער דאָרף אַריין, איז די דאָזיקע משפּחה געבליבן אין רמת־גן. און כדי עס זאָל זיי נישט געשען קיין שלעכטס, האָבן מיר אָוועקגעשטעלט נעבן זיי אַ וואַך.

אָבער אויך דאָס האָט מיר אויסגעזען נישט גוט אויף אַ לאַנגער צייט. איך קענגזאַץ צו אַנדערע ערטער אין לאַנד, ווו מען האָט זיך כמעט געבעטן ביי די אַראַבער, אַז זיי זאָלן נישט אַנטלויפן, האָב איך בכלל נישט געזען קיין אומגליק אין דעם, אַז אין רמת־גן וועלן נישט זיין קיין פאַרשטייער פון שונא אין די טעג פון מלחמה. דערפאַר האָבן מיר, אַלזאָ, באַשלאָסן וועגן אַ „טראַנספער" אויפן פרידלעכן אופן.

מיר האָבן זיי אָרויפגעזעצט אויף אייזלען און זיי געגעבן אַ שטאַרקע וואַך, כדי עס זאָל זיי גאָרנישט געשען. די געמיטער זענען אין יענער צייט געווען אויפגעברויזטע, ווייל נישט איין קרבן איז אין דער סביבה געפאַלן פון די אַראַבישע שיסער, וועלכע האָבן כסדר געצילט. ווען מיר זענען געקומען נאָענט צו דער אומאָפיציעלער „אינטערנאַציאָנאַלער" גרעניץ־ליניע, האָט מען געגעבן דעם ראש המשפחה אַ ווייס ליילעך צו פאָכען דערמיט אַלס סימן אַנטקעגן זיינע פאָלקס־ברידער. און אָט האָט די תשובה נישט פאַרשפעטיקט צו קומען. אויך פון דער צווייטער זייט האָט מען געפאָכעט מיט ווייסע ליילעכער אַלס סימן, אַז זיי זענען גרייט צו פאַרהאַנדלונגען; ווייל אַזוי האָבן זיי אויסגעטייטשט אונזער ווייסע פאָן, אויב נישט ווי אַ צייכן פון אונטערגעבן זיך פון רמת־גן צו דעם דאָרף סלמה, איז לפחות פון אַ ווילן צו שלום־געשפרעכן. און עס איז כדאי צו געדענקען — אַז אין יענע טעג זענען נאָך נישט געווען קיין אונ"אָ־אויפזעער. ווען די „פאַרשטייער" פון דעם אַראַבישן דאָרף זענען צוגעקומען, איז געווען גרויס זייער אַנטוישונג, זיי האָבן אָנשטאָט אַ משא־ומתן באַקומען אַ מתנה די אַראַבישע משפחה.

אויף דער צווייטער זייט גרענעץ געפינט זיך דער ירקון, אַ מער נאַטירלעכע גרענעץ, אָבער די אַראַבער זיצן אויף די בערגלעך פון שייך־מוניס און זייערע סנייפער שיסן פון דאָרט. מיר שטעלן אויף באַפעסטיקטע פאָזיציעס אין די פרדסים פון די דייטשן, דערנאָך גייען מיר אויך אַריבער אַהער צו אַ מער נוצלעכן שטח. דאָסמאָל איז אויסגעפאַלן אויף לח"י אָפּצורוימען די פאָזיציע פון די אַראַבער און איינצונעמען שייך־מוניס.

די זיכערסטע זייט איז נאַטירלעך פון תל־אביב, אָבער אויך דאָ שיסט מען פון די פרדסים אין די נעכט, און פון דער מזרח־זייט געפינט זיך אָפּגעריסן דער קיבוץ אַפּעל נאָענט צו דעם אָרט, ווו עס געפינט זיך איצט די בר־אילן־אוניווערסיטעט. מיר האָבן עוואַקואירט פון דאָרט די קינדער און די פרויען. בייטאָג זענען זיי איינגאַנצן אָפּגעריסן. ביינאַכט פירן מיר זיי אַריבער געווער און שפייז, מיר גנבנען זיך צו זיי אין דער פינצטערניש, אָן ליכט. און נאָך איין גרענעץ איז דאָ. נאָענט פון פרדס געפינט זיך

אַ קלויסטער, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון צוליב אַן אומ־פאַרגעסלעכער איבערלעבונג.

דער פּרדס פון קלויסטער איז איינגענומען געוואָרן דורך אצ״ל און דאָ מוז איך ווידער מאַכן אַ באַמערקונג פאַרן יונגן לעזער און פאַר דעם נייעם עולה, וועמען עס וועט זיין שווער צו פאַרשטיין וואָס עס הייסט „איינגענומען דורך אצ״ל, אָדער איינגענומען דורך לח״י צי דורך דער „הגנה״. דאָס איז געווען אין די טעג פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה. די ענגלענדער האָבן זיך לאַנגזאַם צוריקגעצויגן אויף צפון אין דער ריכטונג פון חיפה צום אַרויספאָר־פּאָרט און צו עזה. זייער אויס־רעכענונג איז געווען, אַז אין זייער פּלאַנירטן און צוגעגרייטן תוהו ובהו וועלן די אַראַבער האָבן די איבערהאַנט. די יידישע כוחות, וואָס זענען ביז איצט געווען אין אונטערגרונט, שווימען ביסלעכווייז אַרויס. עס איז כמעט נישטאָ קיין קאָאָרדינאַציע צווישן זיי, אָבער די כוחות זענען זייער וויכטיק און דעריבער קאָנטראָלירט מען נישט, און ווער עס קומט און איז גרייט צו פאַרטיידיקן אָדער איינצונעמען — איז געבענטשט זאָל ער זיין. אַלנפאַלס אין רמת־גן איז נישטאָ קיין פּראָבלעמען. אַלע זענען אין מיינע אויגן גלייכע און טייערע זין.

די טעג זענען ערב פּסח־טעג. אַלע באַגריפן מישן זיך אויס. ווינטער, פרילינג, היין און קעלט, חמץ און מצה, יידן, אַראַבער און ענגלענדער. די ענגלענדער זענען פאַרנומען מיט יציאת פּאַלעסטיין. די אַראַבער גרייטן צו זייער אינוואַזיע פון אַלע זייטן און נאָך אַנדערע מכות מצרים אויף אונז און מיר פאַרנעמען זיך מיטן ביעור „חמץ״, וואָס געפינט זיך ביי אונז אין אַ גרויסער מאָס און שטערט צו אונזער פרייהייט. אָט לאָזט זיך הערן די רויבערישע שטים, אָט איז יהודיה, סלמה און איבער זיי די גרויסע פּלאָג וואָס געפינט זיך אינדערמיט: די מעכטיקע יפו, דער צענ־טער פון דעם אַראַבישן כוח.

אין ערב פּסח ממש, באַקום איך אַ מאָדנע איינלאַדונג: איך ווער איינ־געלאַדן צו פייערן די סדר־נאַכט אין דער פּאָזיציע פון אצ״ל, וואָס גע־פינט זיך אין דעם פּרדס פון קלויסטער.

פאַרשטענדלעך, אַז איך וואַרף נישט אָפּ די איינלאַדונג, אַ „סדר״ מיט די קעמפער פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג... דאָס קאָן זיין ווי איינער פון די לעגענדאַרע „סדרים״ פון די אנוסים אין שפּאַניע.

גרויס איז געווען מיין פאַרוווּנדערונג. די אַנוסים האָבן מסתמא זיך אויך אַזוי צוזאַמענגעקליבן מורא האָבנדיק נישט איין מאָל זיך צו טרעפן אין די באַהאַלטענע ערטער אין די קעלערן, מיט מענטשן, וועלכע זיי זענען געווען זיכער, אַז זיי זענען אמתע קריסטן און עס האָט זיך גאָר

אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען יידן. איך האָב אויך געהאַט עפּעס אַזאַ ענלעך געפיל אין יענער סדר־נאַכט מיט דעם שטאָב פון אצ״ל אין דעם פּרדס פון קלויסטער. זע נאָר זע ווער עס איז זיך דאָ אַלץ צוזאַמענגעקומען! ? מענטשן, אויף וועלכע איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז זיי האָבן עפּעס אַ שייכות מיט דער אונטערגרונט־באַוועגונג בכלל און מיט אצ״ל בפרט! אין מיין גרעסטער פאַנטאַזיע וואָלט איך זיך דאָס נישט פאָרגע־שטעלט מיט אַ חודש צוריק.

טעג, אין וועלכע איך וועל זיצן מיט זיי ביים סדר? ביי דעם סדר פון אצ״ל. און ווו? אין דעם פּרדס פון דעם קלויסטער ווו קיינמאָל האָט אַ יידישער פוס דאָרט נישט געהאַט קיין צוטריט!

אַלזאָ, דער ענטפער אויף דער קשיא „מה נשתנה״ איז זייער קלאָר. אוי, ווי אַלץ האָט זיך געענדערט!

דאָס איז געווען אַ „סדר״ וואָס וועט נישט אַזוי שנעל פאַרגעסן ווערן. דער סדר האָט געדויערט כמעט ביז טאָג און עס האָט זיך געטראָגן אַזאַ מעכטיק געזאַנג, אַז עס איז צו מיינע אויערן נישט דערגאַנגען קיין שום זאַך, וואָס ס׳האָט זיך געטאָן אין דער זעלבער צייט אויפן הויף פון קלויס־טער. און געטאָן האָט זיך דאָרט דווקא אַ סך...

ווייל אויף צו־מאָרגנס אינדערפרי, פסח תש״ח, זענען די כוחות פון אצ״ל אַרויסגעגאַנגען פון דעם הויף איינצונעמען יפו.

ווי זאָגט זיך אין דער הגדה פון פסח ? „אָז רוב נסים הפלאת בלילה״. זענען אונז טאַקע אַ סך נסים געשען אין יענע טעג פון ערב פסח, פסח און אויך נאָך פסח. און אייגער פון די גרעסטע נסים — דער מיסדערפאָלג פון דער אַראַבישער אינפאָרמאַציע. ווען זיי וואָלטן געוווסט... אוי, ווען זיי וואָלטן געוווסט ווי וויניק געווער מיר האָבן צו אונזער דיספּאָזיציע! ווען זיי וואָלטן געוווסט ווי נעבעכדיק עס איז דער איינציקער סטען, וואָס איז גע־בליבן אין די הענט פון די פּאַרטיזאַנער אין אייגער פון די פּאָזיציעס, ווייל די איבעריקע אַכט ביקסן האָט צוגענומען דאָס אָרגאַניזירטע מיליטער. ווען די אַראַבער וואָלטן געוווסט ווי אַזוי אונזערע פּאַרטיזאַנער זענען אַריבער־געלאָפן פון איין אָרט אויפן צווייטן און געשאָסן, בכדי עס זאָל זיך ביי זיי שאַפן דער איינדרוק, אַז זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ באַפעסטיקטער ליניע.

„אָז רוב נסים הפלאת בלילה״ — דאַן זענען אַלע נסים פאָרגעקומען ביינאַכט.

עס איז געווען אַ נערוון־קריג און אונזערע נערוון זענען געווען שטאַר־קערע. די אַראַבישע איבערגעטריבענע מזרח־פאַנטאַזיע האָט פון איין זייט געשאַפן ביי זיי דאָס בילד פון הונדערטער, טויזנטער אַראַבישע גבורים, וועלכע שטראָמען זיי צו הילף, און פון דער צווייטער זייט אַן איבער־

געטריבן בילד וועגן דער הילף וואָס די יידן באַקומען, און דאָס אַלץ האָט גורם געווען, אַז דער פחד האָט גובר געווען די האָפענונג.

נאָך דעם פסח זענען איינגענומען געוואָרן אייניס נאָכן צווייטן סלמה, חיריה, שייך־מוניס. קאָן מען זיך דען היינט פאָרשטעלן, אַז אָט די אַלע ריזיקע שטחים, וווּ עס געפינען זיך די שכונים ביים ירקון און ביים נאַציאָנאַלן פּאַרק ביז צום שאָסיי וואָס פירט קיין ירושלים, איז געווען ערד וואָס האָט געהערט צו דייטשן און אַראַבער?

„אַז רוב נסים הפלאת" — דאָס זענען געווען ווונדערלעכע נסים.

## ג. רמת־גן פון קאָפּ ביז די פיס

מיר וועלן אָנהייבן פון קאָפּ.

היינט איז דאָס נישט קיין מיליטערישער סוד און מען מעג אים אַנטדעקן.

אין איינעם פון יענע טעג, אַ פרייטיק באַכמיטיק, איז געקומען צו מיר אין ביוראָ אין דער מועצה מיין פריינד י. און געבראַכט אַ ביטע אָדער אַ באַפעל (אין יענע טעג זענען די אונטערשידן — פון בן־גוריון אָן — געווען פאַרווישט) צו שטעלן אין זיין רשות 50 דירות, כדי צו שאַפן דעם מיליטערישן שטאַב.

איך געדענק שוין איצט נישט, צי איך האָב דאַן צייט געהאַט צו גרויסן זיך מיטן כבוד, וואָס עס איז אויסגעפאַלן אונזער שטאָט, אָבער דאָס געדענק איך זיכער: נאָך אין דעם טאָג, ערב שבת דווקא, זענען באַפרייט געוואָרן 50 דירות אָן שום טענות און מענות, אָן שום פריערדיקע צוגרייטונגען, אָן שום דרוק, אָן מיליטער אָדער פּאָליציי.

די דירות וואָס זענען דורך מיר באַשטימט געוואָרן, זענען באַפרייט געוואָרן און די שליסלען זענען איבערגעגעבן געוואָרן דעם זיך שאַפנדיקן הויפּט־שטאַב. דאָס איז געווען דער אָנהייב, ווייל די טבע פון הויפּט־שטאַב איז צו פאַרשפרייטן ליבט אַרום זיך. גלייך נאָכדעם האָט מען געמוזט באַפרייען שולן, וואַרשטאַטן, געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן און אַנד. דאָ איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער צענטער פון דער קריגס־אינדוסטריע, דאָ איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער גרויסער געווער־לאַגער אין זייער אַ גרויסן מאַסשטאַב. וואָס פאַרא פאַרשידנאַרטיקע צונויפזאַמלונג פון מיליטערישע לאַגערן. פאַרבייט־טיילן, וואָס די אָפּטרעטנדיקע ענגלענדער האָבן באַטראַכט פאַר אַלטוואַרג און געהאַלטן, אַז עס איז נישט כדאי זיי צו שלעפן ווייטער, איז ביי אונז געווען טייער געווער.

פאַרשטענדלעך, אַז רמת־גן האָט צושטייער געגעבן צוזאַמען מיט יעדן יידישן הויז אין ישראל, אויך פון איר בלוט. חוץ דעם אָבער איז רמת־גן

אויפגעפּאָדערט געוואָרן — און האָט טאַקע געגעבן — אירע הייזער, אירע גערטנער זענען מאָביליזירט געוואָרן, ווייל זיי האָבן געדינט ווי אַ גוטע באַהעלטעניש פאַר די טראַנספּאָרט־מיטלען.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די אַלע צוגרייטונגען און קאָנצענטראַציע אין רמת־גן, האָט זיך אין אונזער שטאָט געשאַפן אַ ספּעציעלע עמפּינדלעכקייט לגבי שפּיאָנען. די לאַגע איז כמעט דערגאַנגען ביז היסטעריע און עס האָט נישט געפעלט קיין סך, אַז מען זאָל אויספירן אַ לינטש־אורטייל איבער איינעם, וועמענס אויפפירונג עס איז נישט געפעלן געוואָרן די עמפּינדלעכע בירגער און אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט אין רמת־גן. צו אונזער גליק אָבער האָט דאָס געדויערט אַ קורצע צייט. ביסלעכווייז איז דאָס געפיל פון זיכערקייט געשטיגן און במילא איז דער פאַרדאַכט קלענער געוואָרן.

און נאָך די זכרונות וועגן איינקוואַרטירן דעם הויפּט־שטאַב אין רמת־גן, וועל איך שטענדיק געדענקען ווי אַזוי איך בין נאָכגעגאַנגען יעדן טריט פון די אָפּטיילונגען, וועלכע זענען געווען צוזאַמענגעשטעלט על פי רוב פון רמת־גנער בחורים. איך בין זיי נאָכגעגאַנגען פון פּאָזיציע צו פּאָזיציע, פון דאָרף צו דאָרף.

כ׳בין כמעט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צושטעלער פאַרן מיליטער, ווייל אין יעדן אָרט, ווו איך בין געקומען, בין איך נישט געקומען מיט קיין ליידיקע הענט און אויב איך האָב מיט זיך גאָרנישט געקאָנט מיטנעמען, איז נאָכגעקומען נאָך מיר אַ נויטווענדיקע און וויכטיקע ליפערונג. ווייל אויך אין דעם פּרט איז דאָך אַלץ געווען פון בראשית, כמעט פּאַרטיזאַניש. מיט די דאָזיקע זכרונות פון גבורה קומען אויך די זכרונות פון אַזאַ ווייטיק און פּיין, וואָס איז נאָך ביזן הייַנטיקן טאָג נישט פאַרהיילט געוואָרן.

אַזוי, למשל, דאָס בילד פון דרייסיק רמת־גנער בחורים וואָס זענען ממש אויסגעשאָכטן געוואָרן אין דעם דאָרף קולה. איך האָב דאָס אָרט ערשט נישט לאַנג באַזוכט, איך האָב זיך האָך אַזוי געפרייט מיט דעם, וואָס דאָס דאָרף פון די מערדער איז באַפרייט געוואָרן. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז די וואַך, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט אין דעם דאָרף איז נישט געווען גענוג, אָבער דער זעלבסט־בטחון פון די בחורים אין די ערשטע טעג איז געווען זייער גרויס, אַ סך מאָל ביז איבערגעטריבנקייט און לייכטזין אַפילו. און אויך דער שטאַב־אָפיציר, וועלכער האָט מיך כסדר באַרואיקט: „האָרג נישט״, איז געווען פון די, וועלכע האָבן באַצאָלט מיטן לעבן. די אַראַבער האָבן זיך אומגעקערט אין דאָרף אַריין און האָבן מיט ווילדער אכזריותדיקייט זיך אַזוי איזדעקעוועט איבער די קערפּערס, אַז עס איז

אוממעגלעך געווען זיי צו דערקענען. דאָס בילד פון דער קבורה איז מיר ביזן היינטיקן טאָג שווער אַרויפצוברענגען אויפן זכרון.

---

און אָט איז די פרשה יהודיה, וועמענס געפּיל פון גאוה עס איז אויס־געמישט מיט ווייטיק און אַ געדאַנק עקבערט אָן אויפהער; צי איז דאָס געווען אַ בויטוועגדיקייט...

יהודיה איז געווען איינגענומען דורך די כוחות פון צה״ל און ווידער האָב איך געאיילט צום אָרט, כדי צו דריקן די הענט פון די בחורים און זיך פריידן מיט דער פרייד פון באַפרייען דאָס אָרט. איך בין אַרויפגע־גאַנגען אויפן טורעם פון מעטשעטש און פון דאָרט האָב איך געזען די פּאָזי־ציעס פון דעם אַראַבישן לעגיאָן אין דעם באַענטסטן דאָרף ווילהעלמאַ. זייער פּאָזיציע פון אונזערער האָט אָפּגעטיילט נאָר אַ שמאָלער וועג... און דאָס האַרץ האָט ביי מיר געצאַפּלט פון גרויס זאָרג פאַר די בחורים.

די אצ״ל־קעמפער האָבן געבעטן הילף און די הילף איז צוליב וועלכע ס׳איז סיבות נישט געקומען. דער לעגיאָן גרייפט אָן. עס איז געווען אַ בלוטיקער קאַמף, מיט אַ סך קרבנות, ווייל דער קאַמף איז פאָרגעקומען נישט בלויז אויפן דאָרף, נאָר אויך אויפן וועג צו קאָנען צופירן וואַסער קיין ירושלים פון ראש־העין. און יהודיה איז געפאַלן. צוזאַמען מיט דעם דאָרף יהודיה איז געפאַלן אַ יידישע העלדין. איינע פון די אצ״ל־קעמפערינס האָט זיך אין דער לעצטער מינוט אַראָפּגעוואָרפן פון דעם טורעם, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די ווילדע אַראַבער.

אַזוי פאָלג איך נאָך די טריט פון די קעמפער און דאָס האַרץ צאַפּלט צווישן פרייד און צער, צווישן זיכערקייט און זאָרג.

יעדן טאָג קרבנות, אָבער יעדן טאָג ווערט אַלץ לויזער דער שטיקונגס־גאָרטל פון די אַראַבער אין דער געגנט אַרום רמת־גן. נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל און די פּאָזיציעס פון אונזערע זיין דערווייטערן זיך פון דעם נאָ־ענטסטן פראָנט. די אָפּטיילונגען פאַראייניקן זיך. אַ פאַראייניקט מיליטער. שוין נישט מער קיין אָפּטיילונג פון דער אָדער יענער שטאָט, און אויך נישט מער קיין אָפּטיילונג אַפילו פון דער אָדער יענער אונטערגרונט־באַוועגונג. נאָך אַ ביסל און פּאַרטיזאַנישע גבורים ווערן פאַרוואַנדלט אין קעמפנדע זעלנער. צה״ל ווערט געשאַפן מיט אַן איינהייטלעכן און זיגערישן כוח. פון קאָפּ ביז די פיס אַ פאַראייניקטער גוף פאַר מלחמה און באַפרייאונג.

## ד. פאַרוואָס זענען זיי אַנטלאָפן?

אין מיין „נאָכיאָגן״ אונזערע בחורים פון דאָרף צו דאָרף, פון פּאָזיציע

צו פּאָזיציע, האָב איך אויך געזען בילדער פון אַראַבישן אַנטלויפן, דאָס אַנטלויפן, וואָס איז געווען איינע פון די סיבות פון אונזער זיג, דער ביי־שטייער פון שונא. דאָס אַנטלויפן, מיט דער גבורה פון אונזערע זין, האָבן אונז געבראַכט דעם זיג.

ביזן היינטיקן טאָג איז נישט לייכט צו באַגרייפן פינקטלעך וואָס און ווי אַזוי דאָס איז געשען. ווי אַזוי בעמען פינף אָדער זעקס הונדערט טויזנט מענטשן, וועלכע זענען דורות־לאַנג געווען איינגעוואָרצלט אין לאַנד, אין שטאָט און אין דאָרף און לאָזן איבער דאָס הויז, דאָס פעלד, דאָס געוועלב און די שטאַל, אַלץ, אַלץ און אַנטלויפן.

איך האָב געזען די פּאַרלאָזטע דערפער מיט די אויסגייענדיקע בעלי־חיים אין די שטאַלן.

איך האָב געזען באַק־אויוונס, אין וועלכע עס האָבן זיך נאָך נישט גע־האַט פאַרלאָשן די טליענדיקע קוילן, און אויך קאַפע וואָס איז צוגעגרייט געווען צום טרינקען.

כ׳האָב געזען אויפן שאָסיי פון ל״ד און רמלה זאַכן פונאַנדערגעשפּרייטע איבער דער גאַנצער לענג, קאָלדרעס, קישנס, גאַנצע בערג.

כ׳האָב אויך געזען צעשטערונג און חורבן פון אייגנטום, וואָס איז פאַר מיר געווען אומפאַרשטענדלעך, און כ׳האָב אויך נישט געקאָנט פאַר־שטיין נאָכדעם ווי איך האָב געהערט פון איינעם אַ קאָמענדאַנט, אַז בעתן קאַמף און זיג, איז דעם זעלבער שווער אונטערצושיידן צווישן אַ ווערטפולן און אַן אומווערטפולן פאַרמעגן. צופיל שנאה און פאַרביטערונג האָבן זיך אָנגעקליבן, נישט נאָר פון די פאַרפאָלגונגען און פּאָגראָמען אין די פאַר־שידענע גלותן, נאָר אויך פון די פּאָגראָם־יאָרן אין לאַנד. מ׳האָט צו קלאָר געוווסט וואָס עס דערוואַרט אונז אויב די אַראַבער זאָלן, חלילה, זיין די זיגער. דאָס אַלץ האָט זיך אָנגעזאַמלט און איז אויסגעלאָדן געוואָרן בעת דער דעראָבערונג פון די דורכן שונא פאַרלאָזטע געביטן.

אויב לויט אונז נאָך איז געווען אַ לאָגיק אין די געשעענישן, קאָן איך אָבער ביז איצט נישט באַגרייפן די לאָגיק און טעם פון זייער אַנטלויפן, ווייל אונזערע פירער — פון היפה ביז יפו — זענען געשטאַנען און געבעטן זיך ביי זיי, אַז זיי זאָלן נישט אַנטלויפן!

טאָ פאַרוואָס־זשע זענען זיי יאָ אַנטלאָפן?

איך געדענק אַ באַזוך פון יענע טעג אין דאָרף סלים. דאָס דאָרף האָט זיך געפונען אויף אַ שפּיץ באַרג און איז געווען גוט באַפעסטיקט. מיט עטלעכע ביקסן און מיט איין מאַשין־געווער האָט מען געקאָנט האַלטן דאָס דאָרף לאַנגע וואָכן. אָבער זיי האָבן אַפילו נישט געפּרוווט דאָס דאָרף צו האַלטן.

ווי זיי האָבן נאָר דערזען אונזערע מענטשן פון דער ווייטנס, האָט זיי באַלד באַהערשט אַ בהלה פון אַנטלויפן.

בעת איינעם פון מיינע באַזוכן דאָרט, האָט אַ זעלנער געבראַכט אַן אַראַבישן געפאַנגענעם, נישט קיין זעלנער און נישט קיין קעמפער איז געווען אָט דער אַראַבער. ער איז געווען אַ יונגער און געזונטער מאַן פון אַ יאָר דרייסיק, וועמענס פּנים האָט אויסגעדריקט גלייכגילטיקייט. ער איז געווען באָרוועס און איז געכאַפּט געוואָרן אַן געווער. זיין גאַנצער אויסזען האָט עדות געזאָגט, אַז ער איז אַ שטילער פּויער. ער האָט נישט גע־ ווּסט וואָס מען וויל פון אים און עס האָט זיך פּונקט נישט געפונען קיינער וואָס זאָל זיך קאָנען מיט אים פאַרשטענדיקן אויף זיין שפּראַך און אַזוי האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו זיין אַן איבערזעצער.

אויף מיין פראַגע וואָס ער טוט דאָ, האָט ער געענטפערט מיט אַנטשטוי־ נענדיקער פּשטות, אַז ער איז געקומען... באַגיסן די טייטל־בוימער, וואָס ער האָט געפּלאַנצט ערשט מיט אַ וואָך צוריק, ווייל אויב ער וועט זיי נישט באַגיסן — וועלן זיי אָפּשטאַרבן.

זיינע רייד זענען געווען אַזוי ווייט פון דערווירקלעכקייט, אַז פון אָנהויב האָט זיך געדאַכט, אַז ער זאָגט סתם אַ ליגן.

— „צי ווייסטו דען נישט, אַז די יידן האָבן איינגענומען דאָס דאָרף ?" — האָב איך געפרעגט.

— „יאָ, איך ווייס, אָבער מען האָט אונז געזאָגט, אַז אין אַ וואָך אַרום וועט מען אַרויסיאָגן דעם יאַהוד און מיר וועלן זיך קאָנען צוריק אומ־ קערן. דעריבער בין איך געקומען באַגיסן די בוימער, ווייל אויב איך וועל וואַרטן, וועלן זיי דערווייל אָפּשטאַרבן..."

צי פון באַאיוויטעט, מיט וועלכער ער האָט דאָס געזאָגט, אָדער צו־ ליב דעם, וואָס רעדנדיק וועגן געפּלאַנצטע בוימער האָט ער נישט־ווילנ־ דיק אָנגערירט מיין שוואַכן פּונקט, אַזוי אָדער אַנדערש האָב איך דאָך געראָטן די בחורים, זיי זאָלן קאָנטראָלירן דעם ענין מיט די בוימער און זען צי עס איז אמת, אָדער איז עס אפשר סתם אַ המצאה פון אַ שפּיאָן.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען ריכטיק: יונגע פלאַנצן זענען געשטאַנען אויפן פעלד און געוואַרט אויף באַוואַסערונג. אַלזאָ, איינע פון די סיבות פון זייער אַנטלויפן איז געווען דער בטחון, אַז נאָך אַ ביסל און זיי וועלן זיך אומקערן מיט דעם זיגערישן אַראַבישן מיליטער.

און דאָך, צו וואָס האָבן זיי געדאַרפט אַנטלויפן ? מען האָט דאָך גע־ קאָנט וואַרטן אין שטאָט, אָדער אין דאָרף, אויף דעם זיגערישן מיליטער.

אויף דעם איז דאָ נאָר איין ענטפער:

דיר יאסין.

דיר יאסין איז געווען איינס פון די גרויסע דערפער, וואָס האָט בעתן קאַמף געהערשט אויף ירושלים, ד. ה. אויף איין ליניע, וואָס פאַר־אייניקט דאָס האַרץ פון לאַנד מיט דעם שמאָלן און לאַנגן פּאַס פון יידישן ישוב לענגאויס דעם ברעג. און דיר יאסין איז געווען, ווי דאָס רוב דערפער אין דער געגנט פון ירושלים — אויסער אבו־גוש — אַ דאָרף פון מערדער, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער שטאַרקער השפּעה פון כור־סייני, דעם ירושלימער מופטי.

און אויב אין פלאַכלאַנד האָבן זיך די כוחות פון אצ״ל און לח״י פאַר־אייניקט מיט די כוחות פון דער „הגנה" און מיט די זיך מאָביליזירנדיקע כוחות פון צה״ל, זענען אין ירושלים נאָך לאַנגע חדשים נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינה געווען באַזונדערע מחנות, ווייל אָפיציעל האָט ירושלים זיך געפונען אויסער די גרענעצן פון דער מדינה און עס איז געווען פאַר־באָטן צו שאַפן אין איר צה״ל־פאָרמאַציעס, לויט דעם צעטיילונגס־פּלאַן, וואָס האָט געדינט ווי אַ געזעצלעכע אינטערנאַציאָנאַלע באַזע פאַר דער רעגירונג, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין תל־אביב. דערפאַר איז ביזן אַטענטאַט אויף בערנאַדאָט געווען טעטיק די אונטערערד אין ירושלים, קאָאָרדינירנ־דיק אַמאָל איין גרופּע מיט דער צווייטער, אָדער ניט.

אין דעם דאָזיקן מצב האָבן אצ״ל און לח״י באַשלאָסן דורכצופירן אַן אָפּעראַציע אין דעם דאָרף דיר יאסין, אין וועלכן עס זענען קאָנצענטרירט געווען שטאַרקע אַראַבישע באַנדעס. דער קאַמף איז געווען זייער אַ שווע־רער, עס זענען געפאַלן אויך עטלעכע בחורים פון אצ״ל און לח״י. דאָס איינ־נעמען דאָס דאָרף איז פאָרגעקומען אין קאַמפן פון הויז צו הויז, און אַזוי ווי די אָנפירער פון די באַנדעס האָבן אָפּגעהאַלטן די אַראַבישע ציווילע באַפעלקערונג, די פרויען און קינדער, פון אַנטלויפן, האָבן די קוילן און די גראַנאַטן, פאַרשטענדלעך, נישט געמאַכט קיין אונטערשיד פון אַ קעמ־פער ביז אַ סתם בירגער, צווישן אַ פרוי און אַ מאַן ; און נאָכן איינגעמען דאָס דאָרף האָט מען דאָרט געפונען 250 טויטע, צווישן וועלכע עס זענען געווען אַלטע לייט, קינדער און פרויען. ירושלים איז באַפרייט געוואָרן פון מערב־זייט.

אָבער דער ענין איז באַקאַנט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד אַדאַנק דעם טומל, וואָס איז אַנטשטאַנען אַרום דעם קאַפּיטל און אַדאַנק דעם אויפ־בלאָזן די געשעעניש דורך ביידע צדדים צוזאַמען. פון איין זייט האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם כוסייני, דער ירושלימער מופטי. נאָכדעם ווען ער האָט געזען, אַז דער רוף פון „חג׳ יהאד", די הייליקע מלחמה, אונטער דער

גרינער פאַן, ברענגט נישט קיין רעזולטאַטן, האָט ער אויפגעהויבן אַ געשריי, אַז די יידן גרייטן זיך אויסצושעכטן די גאַנצע אַראַבישע באַפעלקערונג. ער האָט פאָרגעשטעלט שרעקלעכע בילדער אין די צייטונגען און אין אויפרופן ווו ער האָט געשריבן וועגן אויפשניידן בייכער ביי שוואַנגער־פרויען און וועגן דעם איזדעקעווען זיך איבער די קערפּערס. זאַכן, וועלכע זענען, נאַטירלעך, קיינמאָל נישט פאָרגעקומען, מעשים וואָס אַפילו אין די שווערסטע צייטן האָט אין זיי נישט געהאַט קיין חלק קיין האַנט פון די יידישע קעמפער. פון דער צווייטער זייט זענען אַלאַרמירט געוואָרן די מענטשן פון „ברית שלום", פון די געשווירענע פיינט פון אַ יידישער מדינה און פון יידישער מאַסן־איינוואַנדערונג, און זיי האָבן זיך געשטעלט ווי עדות אויפן מופטיס זייט.

און אָט איז געשען אַ משונהדיקע זאַך. דער געוואַלד וואָס איז אויפגעהויבן געוואָרן, האָט געהאַט פונקט אַ פאַרקערטע ווירקונג פון דעם, וואָס די שרייער האָבן געצילט. די שילדערונגען מיט די צוגאָבן פון דער אַראַבישער פאַנטאַזיע האָבן איבערצייגט די אַראַבער, אַז אין יעדן אָרט, ווו עס וועט נאָר אַריינטרעטן אַ פוס פון אַ ייד, וועט פאָרקומען אַ שחיטה, דאַרף מען דערפאַר נישט וואַרטן מער און זיך נישט לאָזן פאַרנאַרן דורך געוויסע יידישע פירער און בלייבן. און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַנטלויפן פון הונדערטער און טויזנטער אַראַבער. אָנשטאָט דיר יאסין זאָל פאַרגרעסערן די התלהבות צום קריג מיט די יידן — ווי עס האָט געוואָלט דער מופטי — איז זי גאָר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַקט, וואָס אויב ער האָט נישט דעצידירט אין דער אייגנטלעכער מלחמה, וואָס איז אַנטשיידן געוואָרן מיטן כוח פון אונזערע קעמפער — איז קלאָר, אַז ער האָט דעצידירט פאַרן כאַראַקטער פון דער מדינה, וועלכע מען האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט מיט אַן אַראַבישער מינדערהייט פון אַכט הונדערט טויזנט אַראַבער אויף אַזאַ שמאָלער שטרעקע, ווו עס וואָלט זיכער געווען נאָך ענגער, ווען נישט דאָס אַנטלויפן.

מיר איז אויסגעקומען צו שמועסן וועגן דעם ענין מיט איינעם פון מיינע פיל אַראַבישע פריינט, מועלם יוסף, דער געוועזענער וויצע־בירגערמייסטער פון טבריה, און אויך פון אַנדערע האָב איך געהערט, אַז: „נישט אין אַלע שרעקלעכע דערציילונגען האָבן מיר געגלויבט, אָבער אויב אַפילו אַ צענט חלק פון דעם איז אמת געווען, איז דאָס אַנטלויפן באַרעכטיקט, על כל פנים פאַרשטענדלעך".

דאָס איז דער ענטפער פון אַן אַראַבישן עסקן. און כאָטש איך האָב פריער געבראַכט דעם געשפּרעך מיט אַ פשוטן אַראַבישן פויער, האָב איך פונדעסטוועגן געוואָלט אויך עטוואָס הערן פון די אַראַבישע קעמפער. עס

האָט זיך מיר געמאַכט די געלעגנהייט צו שמועסן מיט די בעסטע פון זיי, מיט די דרוזן און טשערקעסן, וועלכע זענען באמת דרייסטע קעמפער. נאַטירלעך האָט מען נישט געקאָנט דערוואַרטן פון דעם סאָרט מענטשן, אַ קלאָרע דזשענטלמעניש׳ע דערקלערונג וועגן גיבן פּאַרצוג דער דרייסט־קייט און פעיקייטן פון אונזערע קעמפנדע בחורים. דערפאַר האָבן זיי גע־פונען אַ פיקאַנטן אויסוועג: אין דער אמתן — האָבן זיי געטענהט — האָט מען דאָך בכלל נישט געקעמפט. פאַרוואָס? — דערפאַר ווייל זיי האָבן גע־זען אין אונזערע רייען... מיידלעך און אַזעלכע קעמפנדע ריטער ווי זיי זענען, וועלן דאָך נישט ריכטן זייער געווער קעגן אַ פרוי...

דאָס, וואָס איך האָב דאָ אַרויפגעבערענגט פון דעם, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען און מיינע אויערן האָבן געהערט, האָב איך אַרויסגעדרונגען מיט מיין לאָגיק וועגן דער זייט פון דער מטבע, וועגן דעם פאַרבינדעטן וואָס האָט אונז געהאָלפן אין אונזער נצחון, אויף דעם אַראַבישן פחד.

און אויף דער ערשטער און עיקר־זייט פון דער מטבע, וואָס הייסט די מטבע פון באַגייסטער ישראל־פרייהייט זענען, פאַרשטענדלעך, אויס־געקריצט די ווונדערלעכע געשטאַלטן פון אונזער יוגנט.

## ה. ליבע פון ערשטן אויגנבליק

שוין אַ סך יאָרן ווי איך גיב זיך אָפּ מיט בוימער. איך בין נאָך אַוודאי נישט דערגאַנגען אַלע סודות פון דער נאַטור, נאָר דעם אופן ווי אַזוי עס וואַקסט אַ בוים האָב איך אַ ביסל געקאָנט און כ׳ווייס ווי גרויס עס איז דער כוח פון ווילן — מיט דער הילף פון וואַסער און הימל — ווען זיי ווערן פאַרפלאַנצט אין ערד. גרויסע שטחים וויסטע און פעלזיקע ערד האָב איך אַרום זיך געזען און איך ווייס ווי אַזוי זיי זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גערטנער, גרינס און וועלדלעך.

עס איז אָבער פאַראַן איין סאָרט בוימער, וואָס זענען ווי פּלוצים אויס־געוואַקסן פאַר מיינע אויגן און ביז הייַנט זענען זיי ווי אַ נס פאַר מיר.

דאָס זענען אונזערע פאַראַשוטיסטן.

און אויב איך פאַרליב זיך פון דאָס ניי פון צייט צו צייט אין אונזערע בוימער און בלומען, ווען איך זע זיי אַרויסשפּראָצן פון דער ערד, האָב איך זיך אין די פאַראַשוטיסטן פאַרליבט ביי פּונקט פאַרקערטע אומ־שטענדן — ווען איך האָב זיי געזען אַראָפּלאָזן זיך פון הימל. און אפשר צוליב דעם טאַקע איז דער דאָזיקער ענין אייַנגעקריצט געוואָרן אין מיין נשמה אויף אייביק. ווער האָט אונז געבוירן אַזעלכע בחורים?

מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט זיי איז געווען אויף דעם ערשטן

מיליטערישן פּאַראַד אין מדינת ישראל, וואָס איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1948, און איז פאָרגעקומען אויפן סטאַדיאָן אין רמת־גן. און אויב אַפילו דער סטאַדיאָן זאָל זיין געבויט געוואָרן נאָר צוליב דעם, אַז עס זאָלן זיך אויף אים אַראָפּלאָזן די גבורים מיט פּאַראַשוטן, פאַר די אויגן פון צענד־ליקער טויזנטער ישראלים, וועלכע זענען צוגעשמידט געוואָרן ווי מיט איין אויג צו דער באַוואָפנטער, אויסגעשולטער אָפּטיילונג, וואָס איז גרייט געווען צום קאַמף און האָט דערלאַנגט דעם פּרעמיער אַ קורצע דערקלע־רונג: „מיר זאָגן צו צו קעמפן אין צייט פון מלחמה אויף דעם באָדן פון שונא" — איז געווען גענוג, אַז די דאָזיקע איבערלעבונג זאָל נישט פאַר־געסן ווערן פון קיינעם זיין גאַנץ לעבן.

טרערן האָבן זיך געגאָסן פון די מענטשנס אויגן. עס האָט געוויינט דער פרעמיער בן־גוריון; איך האָב געוויינט און עס האָבן געוויינט פון שמחה און גליק אַ סך צענדליקער טויזנטער יידן. ווי עס וואָלטן אונז אַלעמען אויסגעוואַקסן אייזערנע פליגל און בטחון. מיר האָבן ווי געפילט, אַז איצט, מיט די פּאַראַשוטיסטן, לאָזט זיך אַראָפּ אַ פאַרטריבן פאָלק פון לופט־רוים אויף דער ערד און קלאַמערט זיך איין אין איר. פאַרוואָס האָבן מיר אַלע געוויינט? וואָס פאַראַ פאַרשטאָפּטע, פאַרחתמעטע קוואַלן זענען געווען אין אונזערע נשמות, וואָס זענען אין אָנבליק פון דעם וווּנדערלעכן בילד אויפ־געבראָכן געוואָרן און האָבן אַרויסגעשטראָמט?

און דאַן האָב איך זיך איינגעליבט אין זיי. איך האָב שוין דערציילט אין בוך וועגן מיין ליבשאַפט צו געווער, גבורה; וועגן מיין ליבע צו דרייסט־קייט און שטאָלץ, נאָר די מאָס פון מיין פאַרליבן זיך אין די בחורים האָט אויך אַנטהאַלטן אַלע מיינע ליבעס צוזאַמען: גבורה, כבוד און שיינקייט.

און ווען די אָרטיקע פאַרוואַלטונגען האָבן אָנגעהויבן „חתונה" מאַכן, דאָס הייסט אַדאָפּטירן די צה"ל־איינהייט, בין איך זיכער ענלעך געווען אין יענע טעג צו אַ פאָטער, וואָס פאָלגט מיט גרויס אייפערזוכט נאָך אַ מיוחסדיקן חתן פאַר זיין שיינער „בת יחידה". ווייל קודם־כל האָט מען דאָך געדאַרפט פרעגן ביים „חתן־בחור", ד. ה. ביי די בחורים פון דער פּאַראַשוטיסטן־אָפּטיילונג גופא, צווייטנס האָבן זיי אויך אַ פאָטער, וועלכער האָט אַ דעה — דאָס איז די הויפּט־קאָמאַנדשאַפט. און איך ווייס נישט אין וועלכן זכות, אָחער עס איז מיר בייגעשטאַנען דער זכות פון די אבות, אָדער עס האָט די בחורים געצויגן דער כישוף פון מיין יפהפיה. אַזוי צי אַזוי, דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן, מיר האָבן אַדאָפּטירט די פּאַראַשוטיסטן. דאָס האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך גליק און דער שטאָט — אַ גרויסן כבוד.

די צערעמאָניע פון דער אַדאָפּטירונגס־פייערונג איז פאָרגעקומען אין דער באַזע פון דעם גדוד, נאָכדעם ווי די ערשטע באַקאַנטשאַפט איז פאָר־געקומען אין דער „כלה׳ס" הויז. איך געדענק נישט אין מיין גאַנץ לעבן מאָמענטן פון אַזאַ טיפער געריזטקייט, ווי איך האָב איבערגעלעבט אויף דער אויפנאַמע. איך שטיי נעבן דעם סמג״ד (סגן מפקד גדוד), ווייל דער מג״ד (מפקד גדוד) איז געווען פאַרווונדעט און איז געלעגן אין שפּי־טאָל. איך דאַרף עפּעס זאָגן און עס פעלן מיר אויס די ווערטער. פּלוצים דערזע איך — ווי איך אַליין וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט אַ זכרון־פּאַראַשוט, מיט אַ שפּרונג פון צענדליקער, צענדליקער יאָרן, צי פון דעם גלותדיקן ווייטן שטעטל, אָדער פון די צייטן פון דעם גראָב־אייזן און קינזשאַל, — אַז אָט שטיי איך אויף אַ יידיש פעלד, אַ גוטער און שטילער הימל איבער אונז, אַ ברכהדיקע זון ברענט־אָפּ די פּנימער פון די יידישע בחורים אַרום מיר, און דער באָדן אונטער די פיס איז זיכער, און פעסט, אין זכות פון אָט די בחורים, וואָס זענען מיינע זין, די זין, וועלכע מיין שטאָט רמת־גן האָט מיט ליבע אַדאָפּטירט. רמת־גן, די פּערטע שטאָט לויט דער גרויס און די ערשטע לויט דער שיינקייט אין דעם באַפרייטן ארץ ישראל. רבונו של עולם! און דאָס איז נישט קיין חלום, דאָס איז מער ווי איך האָב געקאָנט חלומען. מיט וואָס האָב איך זוכה געווען? מיט וואָס? אָט דערלאַנגען מיר די טייערע בחורים אַלס מתנה אַ רויט היטל, דאָס היטל, וואָס עס טראָגן די פּאַראַשוטיסטן. מיין צונג קלעבט זיך צו צום גומען. איך האָב קיין ווערטער נישט און מיין האַרץ איז איבערפולט.

און אומגעריכט איז אויך אָנגעקומען דער מג״ד, וועלכער האָט נישט געוואָלט מוותר זיין אויף דער פייערונג, וואָס איז פאָרגעקומען לכבוד דעם אַדאָפּטירן די בחורים. ער האָט פאַרלאָזן דאָס קראַנקן־הויז און איז געקו־מען אַהער. ער איז באַנדאַזשירט. אָבער וואָס איז געשען? אַ כוואַליע פון באַגייסטערונג איז אַדורך די בחורים, רויטע היטלען פלאַטערן אין דער הויך. זייער מפקד איז געקומען! „דער מפקד! דער מפקד!" — האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען און באַגייסטערטע, ליבנדע און גליקלעכע פּנימער האָבן געלויכטן פון אַלע זייטן.

כ׳האָב אין מיין לעבן געזען אַרמייען, מיליטער און אויך קאָמאַנדירן האָב איך געזען, נאָר אַזעלכע באַציִונגען, אַזאַ בלוט־בונד און פאַרבריי־דערונג פון קאָמאַנדיר מיט זיינע סאָלדאַטן, האָב איך נישט געזען.

ווער האָט געזאָגט, אַז אָט די ארץ ישראל־ערד איז וויסט און טרוקן, אָן וואַסער? גראָבט און איר וועט געפינען. און ווער זאָגט, אַז אָט די יוגנט, וואָס איז אונז דאָ אויסגעוואַקסן ווי אַ וווּנדער, איז פאַרהאַרטעוועט און פאַרמאָגט נישט קיין געפילן? זוכט און איר וועט געפינען אַ סך ליבע.

און איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרשטיין אַ ביסל פון די סודות פון דעם וואַקסנדיקן כוח, וועמענס פּירות זענען — די נצחונות, וועלכע די וועלט באַוווּנדערט.

אַזוי האָבן מיר אַדאָפּטירט דעם דרייסטן גדוד און פון דאַן אָן זענען אונזערע באַציִונגען געווען ענגע. אָפט איז די שטאָט פאַר זיי און אָפט זענען פאַר זיי אַלע הייזער פון די אײַנוווינער, אָבער איבער אַלעם זענען פאַר זיי אָפן די הערצער זיי צו ליבן. און ווי קאָן מען זיי נישט ליב האָבן?

איך האָב זיי געזען לעבן אין זייערע מחנות, פאַר און נאָך אָפּעראַציעס, איך האָב זיי געזען אין ווייטע פּאָזיציעס און פאַרוווּנדעטע אין די שפּיטעלער. איך האָב זיי געזען אויף פרייליכע מסיבות אין שטאָט און אין זאַמדיקן מדבר אין אַ ברענענדיקער היץ, כמעט אָן וואַסער. און שטענדיק האָב איך זיי געזען אין זייער וווּנדערבאַרער אייגנשאַפט: אין זייער פּשטות. ווי עס וואָלט זיך אין זיי פאַרקערפּערט די רעאַקציע קעגן די פיזישע און גייסטיקע פּלאָנטערס פון אַ פאָלק, וואָס איז צעפּרעסן פון גלותן, פּאָליטיק און פּראָבלעמען. די פּאָפּולערסטע ווערטער, ביי אַלע באַדינגונגען, וועלכע זענען כמעט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאַראָל, זענען געווען: „נישטאָ קיין פּראָבלעמען" און אויב עמיץ האָט פון גרויס יאוש ממש אָנגעהויבן עפּעס צו שטאַמלען אָן אָנקלאַגע — „מען הענגט זיך אָן אויף אים" — אויף זייער לשון, בקיצור „נישט באַשמוצן" און געענדיקט.

און ווען איך האָב איינמאָל, ערב ראש השנה, געברענגט צו אָן אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך געפונען „ערגעץ־ווו", ביים סאַמע ראַנד פון די גרענעצן פון ווייטן נגב, אַ ברכה מיט אַ ביסל מתנות, יעדן איינעם אַ מתנה לכבוד דעם נייעם יאָר, איז מיר — נאָכן געזעגענען זיך — באַכגעלאָפן אַ „סאָלדאַט" מיט צוויי פּעקלעך אין די הענט: „הער בירגערמייסטער, איר האָט דאָך אונז געגעבן צוויי איבעריקע פּעקלעך!".

זענען דאָ „פּראָבלעמען"? ניין, אפשר זענען זיי גערעכט, עס זענען נישטאָ קיין פּראָבלעמען. און דאָך פייניקט מיך איין פּראָבלעם אָן אויפהער: וועה האָט אונז אויפגעהאָדעוועט אַזאַ ראַסע?

## ז. אווּנט

פון צייט צו צייט, ווען דו ווילסט איינלאַדן די מענטשן פון דעם אַדאָפּטירטן גדוד, אָדער זייערע אָנפירער, צו וועלכער עס איז מסיבה, ביסטו קיינמאָל נישט זיכער צי זיי וועלן קומען. און נישט איינמאָל זענען געמאַכט געוואָרן אַלע צוגרייטונגען און אין דער לעצטער מינוט איז די מסיבה אָפּגערופן געוואָרן, און אויב דו וועסט וואַגן צו באַקלאָגן זיך,

וועלן זיי דיר ענטפערן מיט זייער שפּראַך: „אַן „באַשמוצן" און געענדיקט". עס איז אייך אַפילו פאַרבאָטן צו פרעגן: פאַרוואָס? עס טרעפט, אַז דו ווילסט זיך דערוויסן פון די מאָרגן־צייטונגען, וואָס איז די סיבה פון זייער אָפּ־וועזנהייט. עס טרעפט, אַז די גרויסע אותיות פון דער ערשטער זייט זענען אַ געגנוגנדיקע אויפקלערונג וועגן דעם ענין, אָבער עס טרעפט אויך, אַז דו זוכסט אומזיסט. די צייטונגען — ווי דיר אויף צו להכעיס — ברענגען גאָרנישט. ווי עס ווייזט אויס, ווערן אַ סך זאַכן געטאָן אין דער שטיל. נאָך איידער עס קומען די גרויסע קעפּ אין די צייטונגען.

באַר אַזויפיל איך געהער נישט צו די, וועלכע ווערן שנעל פאַרצווייפלט, האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן אַן אָונט פאַר די אָנפירער פון די פאַראַ־שוטיסטן.

און זע סאַראַ וווּנדער, דאָס מאָל איז מיר געלונגען. ווי עס זעט אויס, דערוואַרטן אונדז און זיי נאָך אַ סך טעג פון רו.

איז אַלזאָ דער אָונט געווען זייער שיין. עס זענען אַנוועזנד געווען כמעט אַלע אָנפירער, אַפילו די זיך אויסצייכנענדיקע סערזשאַנטן. עס איז געווען אַ רייכער פּראָגראַם און דאָס טרינקען איז אויך געווען כדת, דאָס הייסט כדת ישראל, צו שמחה און נישט צו שיכרות — די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע.

דער מפקד האָט, וואָס אַן אמת, אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, אָבער דאָך איז ער געקומען און זיך געפרייט מיט אַלעמען.

אינמיטן דער מסיבה איז ער צוליב וועלכער עס איז סיבה ווידער אַרויסגעגאַנגען, אָבער דאָך האָט ער זיך אין אַ קורצער צייט אַרום צוריק־געקערט און זיך צוריק געפרייט מיט אַלע.

נישטאָ קיין פּראָבלעמען.

קיין פּראָבלעמען זענען נישטאָ, אָבער וואָס האָט דער מפקד אין דער צייט געהאַט ביי זיך אין טאַש?

אין דער צייט האָט שוין דער מפקד געטראָגן ביי זיך אין טאַש דעם באַפעל.

דעם באַפעל פון אַרויסמאַרש.

נאָך אין דער זעלבער נאַכט.

קיין סיני.

## ז. צוויי וואס האבן זיך נישט צוריקגעקערט

אַט זענען צוויי פון זיי, פון די אַדאָפּטירטע זין, און פון די, וועלכע

האָבן זיך געפונען אויף דער מסיבה אין „בית האזרח", און דאָס איז גע־
ווען שוין זייער לעצטע מסיבה אין זייער לעבן.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זיך מיט די צוויי דווקא פּאָטאָ־
גראַפירן און ביידע טייערע זין זאָלן שטענדיק זיין פאַר מיינע אויגן.

איינער עובד, פון די, וועלכע גייען שטענדיק פרייוויליק. איינער פון
די, צוליב וועמען עס איז אַריינגעפירט געוואָרן אַ חידוש אין דער תורה
פון פרייוויליקייט. און עס דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז אַ נייעס פון וועלט־
מאַסשטאַב: ווייל עס האָבן זיך צופיל געמערט די פרייוויליקע צו ספּעציע־
לע אָפּעראַציעס, איז באַשלאָסן געוואָרן איינצופירן אַ שיטה פון פּונקטן.
עס איז פאַראַן אַ באַגרענעצונג אין רעכט און אין פליכט צו גיין פריי־
וויליק. און „פרייוויליק" גיין הייסט אָפּט: גיין פרייוויליק צום טויט.

און ער איז איינער פון די, וועלכער איז געשטאַנען נאָענט ביי די
גרענעצן פון די פּונקטן. עס וועט אים מער נישט דערלויבט ווערן צו גיין
פרייוויליק.

ער איז געפאַלן אין סיני.

דער צווייטער איז חיים מצליח. ווי זיין באָמען — אַזאַ איז ער
געווען. ער איז אַ געבוירענער אין רמת־גן און אַ שילער פון אירס
אַ קינדער־גאָרטן און שולע. ער האָט זיך מאָביליזירט נאָך פאַרן טערמין
פון זיין מאָביליזאַציע־יאָר. ער האָט באַשלאָסן איינס: ער וועט דערגיין
צו דעם שטאַפּל פון אַ שעף פון גענעראַל־שטאַב (רמטכ"ל) מיט אייגענע
כוחות.

און ער איז געפאַלן אין סיני.

אַזוי זענען זיי געשטאַנען מיט מיר יענע נאַכט אין „בית האזרח",
געטרונקען און געפרייט זיך, אָבער וואָס דער מפקד האָט געטראָגן ביי
זיך אין טאַש האָבן זיי נישט געוווּסט. ניין, זיי האָבן נישט געוווּסט.

און ווען זיי וואָלטן יאָ געוווּסט?

צי וואָלט זייער פרייד קלענער געוואָרן?

נישט קלענער געוואָרן, נאָר זי וואָלט געווען נאָך דערהויבענער, ווען
זיי וואָלטן געוווּסט, אַז מאָרגן וועלן זיי ישראלדיקע עראָפּלאַנען אַראָפּ־
לאָזן אין האַרץ פון מדבר סיני.

## ח. אונטערן צייכן פון אונזערע זינס נצחונות...

אפשר צוליב דעם לעצטן אָוונט, וואָס איך האָב איינגעאָרדנט פאַר
דער אָפּעראַציע, האָב איך געהאַט די זכיה צו זיין פון די ערשטע, וואָס

זענען אַדורכגעגאַנגען די גאַנצע לענג פון די ליניעס, אויף וועלכע עס האָט זיך געפירט די מלחמה, וואָס וועט אַריינגיין אין דער געשיכטע ווי איינע פון די באַוווּנדערנדיקסטע און באַלערנדיקסטע. אין דעם דאָזיקן באַזוך האָבן זיך באַטייליקט די אָנפירער פון לופט־פלאָט און די אָנפירער־שאַפט פון די פּאַראַשוטיסטן. צוזאַמען ביי אַ 150 פּערזאָן.

אַ סך איז שוין געשריבן געוואָרן וועגן דער אָפּעראַציע, און אַ סך וועט נאָך געשריבן ווערן, ווייל זי האָט פאַרמאָגט אַזויפיל סורפּריזן אין באַצוג צו דער צייט. עס איז ממש געווען אַ קאָנקורס פון די איבעראַשער און איבעראַשטע, צווישן די נאָכיאָגער און די אַנטלויפער, און אַ תהום צווישן באַרימעריי און ווירקלעכקייט ביים שונא. און אַ תהום אויך צווישן דעם כאַראַקטער פון מיליטער, און כאַראַקטערלאָזיקייט פון אַן אַרמיי. איך וועל דאָ נישט איבערחזרן די שילדערונגען וואָס זענען שוין אַרויסגעבראַכט געוואָרן, איך וועל זיך נאָר באַגנוגענען מיט אָנגעבן עטלעכע פון די כאַראַקטעריסטישסטע איינדרוקן.

ביים אַריינגאַנג קיין עזה האָבן מיר אונזערע פּאַראַשוטיסטן געוויזן די וואַסער־לייטונג, וואָס זיי האָבן אויפגעריסן צוויי מאָל, נאָך פאַר דער אָפענער מיליטערישער אַקציע. איצט ווייזן זיי פּינקטלעך די וועגן פון די פריערדיקע אַקציעס, דאָ זענען זיי געקראָכן, דאָרט זענען זיי געלעגן און אָט דאָ האָבן זיי אונטערגעלייגט דעם אויפרייס־מאַטעריאַל. אָט זענען אויך די טיילן פון דער חרוב־געוואָרענער וואַסער־לייטונג מיט זייערע ערשטע רעפּעראַציעס.

אָבער נישט בלויז שטומע שפּורן פון יענע אַקציעס האָבן זיך דאָ געפונען, עס זענען אויך געווען זייער אינטערעסאַנטע, לעבעדיקע צייכנס. אין דער צענטראַלער וואַסער־לייטונג אַרבעטן ממש די זעלבע אַראַבער, וואָס האָבן אין זיי געאַרבעט בעת דעם ערשטן אויפרייסן זי. און אָט איז אַ סורפּריז: זיי דערקענען פּלוצלינג די בחורים, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין יענע אָנפאַלן און אין זייערע אויגן איז נאָך געבליבן דער גרויסער וווּנדער: פאַרוואָס האָבן זיי די בחורים דאַן נישט אומגעבראַכט?

די אָנווייזונגען אין יענע אַקציעס, פאַר דער סיני־מלחמה, זענען געווען בלויז צו צעשטערן די בנינים און נישט צו טרעפן די ציווילע באַפעלקערונג סתם אומנייטיק. ווען אונזערע בחורים האָבן זיך דערנענטערט, זענען די אַרבעטער געווען זיכער, אַז עס איז געקומען זייער סוף. און טערן איינדרוק פון פחד האָט זיך, ווייזט אויס, איינגעקריצט טיף אין זייער זכרון דער אויסזען פון די בחורים, ווייל אָט האָבן זיי דערקענט זייערע רעטער, זיי דערקענען זיי און פאַרנייגן זיך טיף מיט דאַנקבאַרקייט און... זיי זענען נישט פריי, זיי זענען נישט פריי. קיינמאָל וועט אַן אַראַבער

דאָס נישט פֿאַרשטיין, ווייל דאָס איז דאָך פּונקט דאָס פֿאַרקערטע פֿון וואָס זיין שכל איז מחייב און וואָס ער וואָלט געטאָן און טוט טאַקע ביי יעדער געלעגנהייט: הרגענען, שעכטן, און וואָס דער קעגנער איז שוואַכער, אָדער שוצלאָז, איז דער באַפֿעל אַלץ מער זיך צו איזדעקעווען איבער אים. דער־פֿאַר פֿאַרשטייט ער נישט, אָט דער וואַסער־לייטונג־מעכאַניקער, ווי אַזוי ער איז לעבן געבליבן, פֿאַרוואָס האָט מען אים געלאָזט לעבן...

און אַזוי האָבן אויך זיכער נישט באַגריפֿן די פּויערים, די לאַנדווירטן אין דער סביבה פֿון אבו־עגילה, פֿאַרוואָס די יידן האָבן נישט צעשטערט די גרויסע וואַסער־דאַמבע, וואָס איז געבויט געוואָרן נאָך אין די צייטן פֿון די ענגלענדערס הערשאַפֿט און האָט אָפּגעקאָסט העכער אַ מיליאָן ענגלישע פֿונט. די בחורים האָבן מיר געזאָגט מיט פּשטות: „אַ סך פּויערים לעבן פֿון אָט דעם וואַסער, דאָס איז נישט קיין מיליטערישער אָביעקט”...

ניין, אויך דאָס האָבן די אַראַבישע פּויערים נישט פֿאַרשטאַנען...

אפֿשר איז שלעכט וואָס זייער אויפֿנאַם־פֿעאיקייט איז אַזוי שוואַך, און אפֿשר איז עס גאָר גוט, עס איז נישטאָ קיין שלעכטס אָן אַ שמץ פֿון גוטס.

אָט זעען מיר אויף אונזער באַזוך, ווי אונזערס אַ בחור פּרוווט ברענגען אין באַוועגונג אויפֿן שאָסיי אַ נייעם רוסישן טאַנק, וואָס איז געשיקט געוואָרן פֿון דעם „זיגערישן” מיליטער דורך נאַצערן, לויט זיין באַרימען זיך, און איצט איז ער גאַנץ, אָבער פֿאַרלאָזט, און געפֿינט זיך האַלב אויפֿן כביש און האַלב אין קאַנאַל. ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט פֿון וועג פֿון איסמעליה אין דער ריכטונג פֿון אל־עריש, האָט דער בחור שוין דערווייל באַוויזן צו לאָזן אין באַוועגונג דעם טאַנק, וועלכער איז געווען פֿולשטענדיק אין אָרדענונג און עס איז אַפֿילו גענוג בענזין געווען אין אים, נאָר וואַסער האָט געפֿעלט. נאָכדעם ווי מען האָט דעם בחור געגעבן וואַסער אָנצופֿילן דעם טאַנק, האָט ער זיך אָן גרויסע שהיות אַוועקגעזעצט ביים רודער.

„צי קענסטו אַ רוסישן טאַנק, וואָס דו ביסט שוין גרייט אים צו פֿירן ?” — האָב איך געפֿרעגט.

„איך מיין, אַז יאָ” — האָט ער געענטפֿערט — „די מצרים האָבן ווי עס ווייזט אויס אים נישט געקענט. ווער ס'איז מסוגל צו פֿאַרשטיין — פֿאַר־שטייט, און בכלל, וואָס איז דאָ דאָס פּראָבלעם ?” — האָט ער צוגעוואָרפֿן און געלאָזט דעם פֿרעמדן טאַנק אין באַוועגונג...

אַ סך האָבן שוין געשילדערט די פֿאַרלאָזטע מצרישע מחנות ; די גוט־באַפֿעסטיקטע מחנות און די טויזנטער טראַנספּאָרט־מיטלען און גע־

פאַנצערטע אויטאָס און טאַנקן, וואָס האָבן עדות געזאָגט, אַז נישט צוליב פאַרטיידיקונגס־צוועקן זענען זיי צוגעגרייט געוואָרן. נאָר נישט אומזיסט האָבן אַלע פאָטאָגראַפיסטן, מאָלער און די שילדערער זיך אָפּגעשטעלט אויף... די שיך. נאָר דער, וואָס האָט געזען דאָס בילד פון די טויזנטער פאַרלאָזטע פּאָר שיך, וועט פאַרשטיין די זאַך. דאָס איז פיל אויפטרייס־לענדיקער ווי אַ פאַרלאָזטער טאַנק. די שיך זענען מער באַהאַפטן מיטן מענטשנס קערפּער. נישט אין דעם פאַרלאָזטן טאַנק האָסטו געפילט דעם מענטש, וואָס איז דאָרט געזעסן און איז אַנטלאָפן. נאָר אין די שיך, אַט די שיך, וועלכע אַ מענטשלעכער פוס האָט געטראָגן און ער האָט זיי אויס־געטאָן אין דער גרעסטער שנעלקייט און אין גרויס בהלה, כדי אַנטרונען ווערן און ראַטעווען זיין לעבן מיט זיינע באָרוועסע פיס אין דעם אין־סופיקן מדבר־זאַמד. אָט די דאָזיקע שיך האָבן מער פון אַלץ צוגעאיילט דאָס אַנטלויפן פון דעם פאַרשעמטן שונא. פחדנות. —

חוץ דעם אַלעם, אָבער, ווי וווּנדערבאַר איז די שטילקייט, אין וועלכער עס באַוועגן זיך אונזערע בחורים אין שטח. האָבן זיי דאָך, די מצרים, געזען אין דעם דאָזיקן שטח זייער לאַנד, זיי זענען דאָך אויסגעאיבט גע־וואָרן אויף אים, האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט יאָרן, און ווען עס איז געקומען די צייט פון קאַמף, זענען זיי אַרומגעלאָפן, זיך תועה געווען ווי אין אַ פרעמדן מדבר, אָן אַ וועג, אָן וואַסער. היינט זע נאָר, זע ווי עס באַוועגן זיך דאָ אונזערע בחורים! גלייך ווי דער שטח וואָלט פון שטענדיק אָן געווען זייערער.

זע נאָר זע, ווי זיי קענען דאָ יעדעס שטעגעלע, יעדן וועג, און בסך־הכל צוויי אָדער דריי מאָל, ווי זיי גייען דורך דעם וועג. דאָס ערש־טע מאָל זענען זיי דאָך דאָ דורכגעגאַנגען אין שטורעם פון קאַמף און דאָס אויך בייגאַכט. און אויך דאָס זאַמד דאָ אין די מערסטנטייל ערטער וואַנדערט און די וועגן ענדערן זיך כמעט יעדן חודש. און זיי? ניין. איך קאָן נישט תופס זיין ווי אַזוי זיי געדענקען דאָ יעדן שטעג, יעדן פעלז פון דעם גרויסן און שרעקלעכן מדבר? פון וואַנען ווייסן זיי פינקטלעך וווּ עס געפינט זיך דער וואַסער־גרוב און ווו געפינען זיך איינזאַמע, איינצלנע פאַלמעס אין האַרץ פון דער וויסטעניש? אָדער אפשר וועקט זיך אויף אין זייער אונטערבאַוווסטזיין דער אור־זכרון פון זייערע אבות, וועלכע האָבן געוואַנדערט אין די מדבריות גאַנצע 40 יאָר?

אַזוי אָדער אַנדערש, אויב אורטיילן לויטן אַנטלויפן פון די מצרים און לויטן זעלבסט־בטחון פון אונזערע בחורים אין זייער באַוועגן זיך דאָ, דאַרף מען ווידער און ווייטער זיך אַריינטראַכטן אין דער פראַגע: צי איז באמת דער האַלב־אינדזל סיני מצרישע ערד, אָדער ישראלדיקע ערד?

ווייל בעת אונזער באַזוך אין אַנבליק פון אונזערע זיגערישע בחורים, איז אונדז נישט געקומען אַפילו אויפן געדאַנק, אַז מיר וועלן לאַנגזאַם און צו ביסלעך פון דאָרט זיך צוריקציען. מיר האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו פילן אַזוי ווי מיר וואָלטן זיך באַוועגט אויף אונזער שטח. און אַ שאָד. אַ שאָד, וואָס מיר האָבן זיך אַנטוישט, און נאָך מער, ווייל עס האָבן זיך אַנטוישט די בחורים, וועלכע האָבן איינגענומען מיט זייער מוט און בלוט די וויסטעניש.

אָבער נישט נאָר פון וווּנדער דערציילן מיר מיינע באַגלייטער. זיי ווייסן אויך צו דערציילן וועגן פעלערן, וועגן אומגליקן, און זיי ווייזן: אָט דאָ איז געווען דער און דער פאַרפאַל. און דאָ זענען מיר בכשל געוואָרן. און זיי דערציילן דאָס אַלץ, נישט נאָר צוליב דער אויסגערעכנטער באַדערפעניש, כדי צו לערנען פון די פעלערן, נאָר צוליב דער פשטות און גראָדליניקייט וואָס באַצייכנט מער פון אַלץ די בחורים, וואָס איז דער אייגנטלעכער קעגנזאַץ פון באַרימעריי און ליגנס פון שונא.

און אין חן־יוניס, ווי אין עזה, אויפן געביט פון ציווילן לעבן: אַ פּרעכ־טיקער פּאַלאַץ פון איין זייט – און שרעקלעכע דלות־וווינונגען פון דער אַנדערער זייט. און פון דאַנען איז נאָר איין שפּאַן צו דעם, וואָס איז פאָר־געקומען אין זייער מיליטער און איז געווען איינע פון די סיבות פון זייער מפּלה. די קאָמאַנדירן זענען תמיד די לעצטע אין קאַמף און די ערשטע צום צוריקציען זיך. אין קעגנזאַץ צו דעם די ישראל־קאָמאַנדירן — און די מערסטע פון זיי זענען נאָך ייִנגלעך כמעט — וועמענס אויסגעשריי עס לויטעט: „בחורים, נאָך מיר!". דאָס האָט אונדז געבראַכט דעם נצחון.

נאָך דעם באַזוך אין אַלע ערטער פון קאַמף און נצחון אין דעם מדבר, האָבן מיר די בחורים געשאָנקען איינע פון די גרעסטע פאַרגעניגנס אין מיין לעבן: דאָס פליען אויפן וועג קיין אילת לענגאויס דעם מפרץ שלמה (שלמה־בוכטע) ביז יטבת אין דרומדיקן עק.

כדי צו באַשרייבן די שיינקייט פון דעם אויסגוס דאַרף מען באַזיצן אַ פעדער פון אַ קינסטלער, אָבער כדי אים צו זען און איינזאַפּן אין זיך די שיינקייטן, איז נאָר נויטיק אַן אָפן אויג, אַן אָפן האַרץ און... אַזאַ באַחנטן לופט־פּליער, וואָס זאָל דיך איינלאַדן צו זיצן נעבן אים ממש, כדי צו זען דעם גאַנצן וועג, די צוויי אָרעמס פון דער שיינער יבשה אין זייער ווילדקייט און דעם וווּנדערבאַרן בלויען פּאַס, די אַזוי גערופענע „בלויע צונג" אין דער מיט.

צוויי טעג בין איך געווען דער גאַסט פון די פּאַראַשוטיסטן אין אָט דעם וווּנדערלעכן ווינקל, וואָס געפינט זיך אין עק פון האַלב־אינדזל סיני. מען האָט מיך מכבד געווען צו שלאָפן אויף דעם גומי־מאַטראַץ פון מצרישן

קאָמאַנדיר, ווייל וואָס אַ חוץ דער מעגלעכקייט און ווילן צו קעמפן — וואָס נאָך האָט צוגעפּעלט דער מצרישער מיליטער־קאָמאַנדע דאָרט ? אָנהייבנדיק פון די מאָדערנסטע און נייסטע באַפעסטיקונגען ביז צו די באַקוועמלעכקייטן אין די לוקסוסאַרטיקע צימערן. אפשר האָבן זיי זיך אונטערגעגעבן צוליב הונגער און אַרומרינגלונג ? ווי זאָגן אונזערע טייערע סאַבּרעס: מה איכפת?! אַ סך טעג האָבן אונזערע בחורים געגעסן פון שעפּסן־פלייש, וואָס איז דורך די מצרים צוגעגרייט געוואָרן אויף לאַגער און אויך די פּיתות וואָס איך האָב דאָרט געגעסן זענען געווען פון דעם גרויסן מעל־רעזערוו וואָס זיי האָבן אָנגעגרייט דאָרט. און די אַראַבישע משרתים, וועלכע האָבן באַדינט די מצרישע קאָמענדאַנטור, האָבן ווייטער פאָרגעזעצט זייער אַרבעט, געבאַקן, געברוימט, גלייך ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען, אָבער אונזערע בחורים זענען נישט געשטאַנען נאָך דער דאָזיקער הילף פון האַלבע שקלאַפן, און זיי האָבן אויך נישט געהיטן די דאָזיקע געפאַנגענע. נאָך וואָס ? זיי וועלן אַנטלויפן ? וווהין וועלן זיי אַנטלויפן ? צום הונגער־טויט ? זאָלן זיי לויפן...

אויך די צוויי וואַסער־לייטונג־צענטראַלעס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן דורך די מצרים, כדי צו פאַרוואַנדלען דאָס ים־וואַסער אין וואַסער צום טרינקען. איינע איז געווען הערגעגנצט, די צווייטע איז נאָך נישט געווען צוזאַמענגעשטעלט און אונזערע מענטשן האָבן דערביי געאַרבעט, ווייל ווער האָט דען געטראַכט אין יענע טעג, אַז מיר וועלן געצוווּנגען ווערן צו פאַרלאָזן דאָס אָרט, וואָס דער פּרעמיער־מיניסטער פון ישראל האָט וועגן דעם געזאָגט, אַז דאָס איז דער שטח פון דער יידישער מדינת יטבת און, אַז דאָס איז דער ראַנד פון דעם דריטן מלכות ישראל ?

קיין שום פּרט, קיין רגע פון די צוויי טעג זענען נישט אויסגעמעקט געוואָרן אין מיין האַרץ. ווי אַזוי וועל איך פאַרגעסן אָט די קליינע גרופּע בחורים, וועלכע זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן צענדליקער קילאָמעטער פון דאָרט, אין האַרץ פון אַ פּוסטן מדבר, כמעט אָן וואַסער און זיי זיצן דאָרטן פּונקט ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אין איינעם פון די רמת־גנער גערטנער, מיט אַזאַ פּשטות און נאַטירלעכקייט, מיט אָט דער אייביקער תשובה: נישטאָ קיין פּראָבלעמען.

און ווי אַזוי זאָל איך פאַרגעסן דעם שיינעם מפקד, וואָס שטאַמט פון אַ דריטן דור אין לאַנד, געבוירן אין דעם עקרון, אין וועלכן עס איז פאַראַן אַזויפיל מענטשן וואָס זענען זיך מתיאש פון איר און לאַכן זי אויס. אויב אַזאַ געוויקס, אָבער, איז אַרויסגעוואַקסן פון עקרון איז דאָס אָרט גוט. זייער גוט.

און ווי קאָן איך פאַרגעסן אַזאַ האַרציקע פעלד־סעודה, אויף וועלכער

די קוכער — נאָכדעם ווי זיי האָבן געענדיקט דאָס דערלאַנגען — זעצן זיך אַוועק ביים טיש מיט אַלע צוזאַמען עסן. און נאָך דער סעודה דערלאַנגט זיי דער מפקד טיי. בישט ווי ביי די ענגלענדער, וואָס איין מאָל אין יאָר, צו „קריסטמעס", איז אַ מצוה צו זיין „מענטשלעך" און „גנעדיק", נאָר אַלע טאָג פון אַ גאַנץ יאָר, און דאָס זאָל חלילה בישט מינערן די שטרענגע דיסציפּלין.

און מיינע אויגן לויפן הין און צוריק פון די בחורימס פּנימער צו דער בוכטע און צוריק. שיינקייט טרעפט זיך אָן מיט שיינקייט. צי געהערן זיי דען בישט איינס צום צווייטן פון זייער געבוירן אָן?

און אַזוי ווי איך בין פון דער נאַטור אויס אַן אָפּטימיסט, און גלויב אין דעם כוח פון מעשים און אין כוח פון אונזערע בחורים, טרעפט, אַז איך וועל אינגאַנצן אָפּ מיין אויפמערקזאַמקייט פון אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען, פון דעם ווייטיקדיקן צוריקציען זיך, און איך געדענק נאָר בן־גוריונס רייד וועגן יטבת — די מדינה פון די יידן, און איך געדענק נאָר די שטאַרקע איינגעזעסנקייט פון אונזערע בחורים דאָרט. און עס טרעפט, אַז בעת מיינע באַזוכן אין רמת־גנער נאַציאָנאַלן פּאַרק שטעל איך זיך אָפּ ביי אַ געוויסן פּלאַנץ און איך טראַכט:

אפשר איז כדאי און פּרוּוון אים פּלאַנצן דאָרט, אויף דער דרום־מדיקער גרענעץ, ביים ראַנד פון דעם אויסגוס, ביים שיינעם סנפּיר?

# די „אימפעריאליסטישע" רמת־גן

פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער פאַרמעסט איז בלויז אַ טייל פונעם גיגאַנטישן פאַרמעסט, אין וועלכן עס געפינט זיך דאָ דאָס גאַנצע פאָלק אין לאַנד, זייט יענעם וווּנדערפולן מאָמענט, ווען עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן די מדינה און מיר האָבן אין איר באַקומען כלים פאַר אונזער גרויסער טאַט. אָבער דוכט זיך מיר, אַז אין דעם גאַנצן אַלגעמיינעם בילד פון די גרויסע זאַכן, וואָס ווערן געטאָן אין דער מדינה, האָט נישט רמת־גן צו שעמען זיך מיט דעם, וואָס זי האָט אויפגעטאָן איבערהאַלב אירע גרענעצן און אויך אויסער אירע גרענעצן, אין פאַרלויף פון די יאָרן זינט ווען איך האָב אָפּגעשלאָסן די קאַפּיטלען פון דעם בוך, וואָס איז טיילווייז געווידמעט דעם פונאַנדערוווקס פון מיין שטאָט.

„איבערהאַלב אירע גרענעצן און אויך אויסער אירע גרענעצן" האָב איך געזאָגט. ווייל, ווירקלעך, האָב איך נישט איין מאָל געהערט זאָגן — צי פון פאַרגעניגן און הומאָר, צי פון קנאה און אויך אַביסל פאַרדרוס אויף כלומרשטע גרענעץ־איבערשרייטונגען, — אַז איך בין אַן „אימפּע־ריאַליסט". איך לאָז מיך נישט באַגנוגענען מיט דעם תחום, וואָס שטייט צו אונזער רשות, און אויך נישט מיט די מעגלעכקייטן וואָס שיינען צו זיין רעאַלע, נאָר איך שטרעב צו נייע דעראָבערונגען, צי מיט אויסברייטערן די גרענעצן פון דער שטאָט, צי מיט אונטערנעמונגען אין דער שטאָט, וואָס אויפן ערשטן בליק זעען זיי אויס צו זיין איבערגעטריבן אין פאַר־העלטעניש צום כוח פון דער דאָזיקער קליינער שטאָט.

ווייל ווירקלעך, אין די אויגן פון די פּלאַנירער און מומחים פאַר סטאַטיסטיק און ביי די טישן אין די הויכע אַמטן גייט רמת־גן נישט אַרויס פון די ראַמען פון אַ שיינער גאָרטן־שטאָט מיט אַ באַפעלקערונג פון 85.000 נפשות.

און יעדער נייער געדאַנק, וואָס מיר ברענגען אַרויס, דערוועקט ביי זיי ספיקות און זיי הויבן אָן אויסרעכענען דעם „ערשטנס" און „צווייטנס" און „דריטנס". ערשטנס: ווער דאַרף דאָס בכלל, צווייטנס — און דאָס איז דער עיקר — פאַרוואָס דווקא רמת־גן, דריטנס: פונוואַנען וועט מען נע־מען צו דעם געלט, אא"וו אא"וו אא"וו.

און צום גליק פון רמת־גן — און היינט קאָן מען זאָגן: אויך לטובת

די ישראל־בירגער אויסער רמת־גן — האָבן מיר זיך דערלויבט צו דעצי־דירן און טאָן זאַכן לאו דווקא לויט די גענויע אויסרעכענונגען פון די גרויסע רעכן־מייסטערס אין די אַמטן.

און אַזוי זענען אַנטשטאַנען און אויסגעוואַקסן און עס אַנטשטייען און וואַקסן אויס אין רמת־גן אונטערנעמונגען, מיט וועלכע מיר שטאָלצירן. איך בין אויסן פאַר אַלעם די פיר גרויסע אונטערנעמונגען:

דער אינדוסטריע־ראַיאָן אין רמת־גן,

דער שיכון הותיקים,

דער סטאַדיאָן,

דער נאַציאָנאַלער פּאַרק.

אָבער איידער איך גיי זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן יעדן איינעם פון זיי באַזונדער, דאַרף איך פאַר דעם דערציילן אַ פּרשה, וואָס איז בבחינת די ערשטע „אימפּעריאַליסטישע דעראָבערונג" פון רמת־גן, אַ דעראָבערונג, וואָס האָט דערמעגלעכט דאָס רעאַליזירן די אַלע אַנדערע פּלענער. איך מיין דערמיט דאָס דערוועררבן דעם באָדן פון שרונה.

די דאָזיקע פּרשה האָט זיך פּאַקטיש אָנגעהויבן אַ צייט לאַנג פאַרן אַנטשטיין פון דער מדינה.

„ליבע" שכנים האָט רמת־גן געהאַט — די קאָלאָניע שרונה. נישטאָ וואָס צו זאָגן: די דאָזיקע שכונה איז געווען אַ בליענדיקע און ווונדערלעך איינגעאָרדנטע קאָלאָניע. די דאָזיקע דייטשן — וואָס זיי זאָלן נישט מאַכן, מאַכן זיי מיט אַן אויסערגעוויינלעכער „אָרדענונג" און וויסנשאַפטלעכער פּינקטלעכקייט, אָנהויבנדיק פון אויפשטעלן אַ שיין דאָרף, ביז אינדוס־טריע, ביז קריג, און ביז — אויסראָטונג. אַלע באַוווינער פון דער דאָזי־קער שכונה זענען געווען אויסגעשפּראָכענע נאַציס, און אין שרונה איז דאָך נישט געווען קיין טעראָר־מאַכט און קיין היטלער־דיקטאַטור און פונ־דעסטוועגן זענען געווען נאַציס. מען דאַרף דאָס אונטערשטרייכן, כדי פון דעם עפּעס צו לערנען וועגן מכלומרשטן „טעראָר", וואָס האָט געצוווּנגען דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק צו זיין נאַציס.

מיטן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, אין וועלכן די ענגלענדער און די דייטשן זענען צו אונזער גליק געשטאַנען פון ביידע זייטן באַריקאַדע, זענען די דייטשן פון שרונה דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אויסטראַליע. צו־ערשט איז אויף דעם פאַרמעגן געווען באַפולמעכטיקט אַ דייטש מיטן נאָ־מען וואַגנער, אַן אינדוסטריעלער און אַ נאַצי אויך ער. זיינע פאַרבינ־דונגען מיט אַראַבישע כנופיות זענען געווען גוט באַקאַנט. איך האָב זיך געשטעלט מיט אים אין קאָנטאַקט וועגן אָפּקויפן די באָדנס פון די שרונה־דייטשן, וואָס גרענעצן זיך מיט רמת־גן. פאַרשטייט זיך, אַז אין די דעמאָל־

טיקע אומשטענדן האָב איך געהאָפט צו קויפן זיי פאַר אַ ביליקן פרייז און גוטע צאָל־באַדינגונגען. און מיר האָבן שוין אָנגעהויבן מאַכן די חשבונות... אָבער אין צווישנצייט האָט זיך געפונען אַ יידישע האַנט, געבענטשט זאָל זי זיין, וואָס האָט מיט וואַגנערן געמאַכט אַן אַנדערן חשבון, אַ בלוט־חשבון — וואַגנער איז דערמאָרדעט געוואָרן.

די מאַנדאַט־רעגירונג האָט פאַר דעם שרונה־באָדן באַשטימט אַ ספעציעלע קאָמיסיע אַלס אַפוטרופוס איבער דעם שונאס פאַרמעגן. איך האָב אָנגעהויבן אַ משא ומתן מיט דער דאָזיקער קאָמיסיע. מיר האָבן געבעטן צו באַזוכן צוזאַמען מיט אונז אויפן אָרט, כדי אָפצושאַצן דעם באָדן און עס איז אויך באַשטימט געוואָרן אַ דאַטע. אָבער דער גורל האָט אַנדערש געוואָלט. אַ טאָג פריער זענען פיר בריטישע פאָליציאַנטן פאַרכאַפט געוואָרן אין שווים־באַסיין „גלי־גיל” אין רמת־גן און צוליב דעם איז בטל געוואָרן דער באַזוך פון דער קאָמיסיע. די קאָמיסיע האָט צוגעגרייט אַ באַריכט און באַשטימט פרייזן און באַדינגונגען, ווי עס פאַסט פאַר דעם שנאה־רעזשים פון בריטישן מאַנדאַט אין יענע יאָרן. דער פאָרשלאַג פון דער קאָמיסיע, וואָס איז ממש געווען ספעקולאַציע לויט דער הויך פונעם פאַרלאַנגטן פרייז, האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם דאָזיקן „שיינעם” זאַץ: „די יידן האָבן דערמאָרדעט גאָטפריד וואַגנער, דעם באַפולמעכטיקן פון די דייטשן אין לאַנד”. די דאָזיקע איינלייטונג צו אַ האַנדלס־פאָרשלאַג איז ביי מיר פאַרגעקומען אַביסל צו־באַגרענעצט. דעריבער האָב איך אויף מיין אויקדיענץ ביים גענעראַל־סעקרעטאַר וועגן דעם באָדן פאָרגעשלאָגן אויסצובייטערן זי און אָנהייבן בערך אַזוי: „ווי באַוווּסט, האָבן די יידן דערמאָרדעט קריסטוסן... נאָך פאַר וואַגנערן”. פאַרשטייט זיך, אַז דער משא ומתן איז איבערגעריסן געוואָרן.

פון אַלע שטאַנדפונקטן און טעמים האָט ווייטגעטאָן דאָס האַרץ; נישט בלויז צוליב דער מעגלעכקייט אויסצובייטערן דעם שטח פון רמת־גן, נאָר אויך צוליב דעם חשש טאָמער וועלן זיך די דייטשן אומקערן אַלס בריטישע אונטערטאַנען און באַזיצער פון דעם באָדן. עס וועט גאָרנישט ווערן פון דער גוטער געלעגנהייט און אין צענטער פון יידישן ישוב וועט נעסטן דער דאָזיקער ראַק. כאָטש, למען האמת, האָבן מיר נאָך בעתן פירן דעם משא ומתן נישט געוווּסט פונוואַנען מיר וועלן נעמען געלט צו רעאַליזירן די טראַנזאַקציע אַפילו פאַר אַ ביליקן פרייז...

ביז עס איז געקומען אַ צווייטע געלעגנהייט.

בערך פינף יאָר נאָך דעם ווי די דייטשן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאַנד, האָבן די טעמפּלער באַשלאָסן, „פון זייער גוטן ווילן”, ווי באַוווּסט, צו עוואַקואירן זיך. איין מאָל, ווי באַקאַנט, האָט זיי געטראָפן

די האַנט פון די יידישע קעמפער אין דער פעסטונג, וואָס זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט אויף דער ערד פון דער דאָזיקער שרונה...

און אָט האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען אַז אין דער עוואַקואַציע־בהלה זענען די ענגלענדער גרייט צו פאַרקויפן דעם באָדן כמעט פאַר אַ פינפטל פונעם פּרייז, וואָס איז געהאַט באַשטימט געוואָרן דורך דער באַוווסטער קאָמיסיע.

דער משא ומתן מיט די רעשטלעך פון דער קאָמיסיע האָט זיך געפירט אין באַדינגונגען פון תוהו ובוהו ממש. קיין טעלעפאָן־ און טעלעגראַף־פאַרבינדונג איז שוין כמעט נישט געווען, מען האָט געדאַרפט יעדעס מאָל פאָרן קיין ירושלים און אַ נסיעה קיין ירושלים אין יענע טעג איז געווען פאַרבונדן מיט סכנת נפשות און יעדעס מאָל זענען מיר געווען באַזאָרגט איבער די וואָס זענען אַהין געפאָרן. נישט איין מאָל איז זייער טאַקסי באַשאָסן געוואָרן אויפן וועג.

און אין די דאָזיקע טעג און אין אַזאַ מצב האָבן די באַנק־דירעקטאָרן געוויס נישט געהאַלטן אָפן די האַנט און די קאַסע צו געבן הלוואות פאַר גרויסע בוי־פּראָיעקטן. אַלץ איז געשטאַנען אונטער אַ פראַגע־צייכן און אונטער אַ חשש פון פונאַנדערפאַל. און ווי באַוווסט איילן זיך נישט באַנקירן צו געבן זייער געלט אויף ווייטגייענדיקע פּראָיעקטן אין אַזעלכע פאַרנעפּלטע האָריזאָנטן.

פונדעסטוועגן האָבן מיר געשאַפן די סומע און מיט אומגעדולד און אומזיכערקייט ביז צו דער לעצטער מינוט געוואַרט אויפן טאָג, ווען עס וועט אין לעצטן נומער פון דער אָפיציעלער צייטונג פון דער פּאַלעסטיין־ (א״י־) רעגירונג דערשיינען די מעלדונג וועגן איבערפירן די דאָזיקע באָדן־שטחים אויפן נאָמען פון דער מועצת רמת־גן.

ביז עס איז געקומען דער דאָזיקער גליקלעכער טאָג פאַר דער רמת־גנער „אימפּעריע״. די מעלדונג איז דערשינען אין דער לעצטער אָפיציעלער צייטונג פון דער פּאַלעסטיין־ (א״י־) רעגירונג. רמת־גן האָט זיך אויסגעברייטערט און פון איצט אָן איז אונזער גרענעץ פון לודער שאָסיי ביז צום ירקון. אויב עס זענען פאַראַן טעג פון נצחון און פרייד אין געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט — און זיי זענען דאָך אַזוי ווייניק — זענען דאָס געווען די דאָזיקע טעג פון דערווערבן דעם באָדן פון די דייטשן.

איז פאַראַן עמיצער, וואָס פאַרגינט נישט די דאָזיקע דעראָבערונג אויפן חשבון פון די נאַציישע שונאים און זייערע מאַנדאַטאָרישע „אַפּוטרופּסים״? איך האָף, אַז נישט. און באַזונדערס, ווען יעדער איינער זעט היינט, און צענדליקער טויזנטער געניסן היינט, פון דעם, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויף דעם דאָזיקן באָדן.

און לאָמיר גיין אײנציקװײז, לױט דער חשיבות און צופעליק אױך לױט דער געאָגראַפישער מאַפּע. דאָס ערשטע לױט זײַן װיכטיקײט: באַשעפטיקונג און פּראָדוציר־אונטערנעמונגען. מיר האָבן אױסגעטײלט באָדן פאַר אַן אינדוסטריע־ראַיאָן. די דעה־זאָגער אין די אַמטן האָבן זיך קאַטעגאָריש קעגנגעשטעלט. אין דער הינזיכט, אױב אױך צוליב אַנדערע טעמים, זענען נישט פאָרגעקומען קײן ראַדיקאַלע ענדערונגען אין די הױכע אַמטן זינט די ענגלענדער האָבן זײ פאַרלאָזן און די ייִדן האָבן זיך באַזעצט אין זײ. חלילה וחס, אַז ייִדישע באַאַמטע האָבן נישט געקאָנט פאַרגינען די אַנטװיקלונג פון אַ ייִדישער אינדוסטריע, װי די ענגלענדער האָבן דאָס נישט געקאָנט פאַרגינען, אָבער װײַזט אױס, אַז ביוראָקראַטיע איז אַן אינטערנאַציאָנאַלער ענין. אָבער פונקט אַזױ װי עס זענען נישט פאָרגעקומען קײן ראַדיקאַלע ענדערונגען אין די דאָזיקע אַמטן, זענען אױך נישט פאָרגעקומען קײן ענדערונגען אין מײַנע אַרבעטס־מעטאָדן. פונקט װי מיר האָבן אין דער פאַרגאַנגענהײט געטאָן װאָס מיר האָבן געטאָן און ערשט דערנאָך האָבן מיר געזאָרגט פאַר דער פאָרמעלער באַשטעטיקונג פון אױבן — אָדער געװײנער געזאָגט: פון אױבן האָט מען דערפאַר געזאָרגט מער װי מיר — אַזױ אױך איצט. מיר האָבן געזאָרגט און געטאָן און די דאָרט אין די „הױכע פענצטער" — נאָך אַלעמען „ייִדישע גזלנים" — האָבן צוגעפאַסט זײער פּלאַנירונג צו דער װירקלעכקײט, װאָס מיר האָבן געשאַפן.

אַזױ איז אַנטשטאַנען אונזער אינדוסטריע־ראַיאָן, אַ קלײנער, אָבער אײנער פון די שענסטע אין לאַנד.

און די צװײטע אין דער רײע: די בױ־פּראָיעקטירונג.

מיר האָבן באַשלאָסן אױפצושטעלן אין די גרענעצן פון די דאָזיקע שטחים אַ טײל פון אַ שטאָט, פּלאַנירט לױט אַ נײער פאָרם ממש, פאַר משפחות פון ותיקים אין רמת־גן, װאָס האָבן מערערע קינדער און װױנען אין שװערע באַדינגונגען. אױך אױסטײלן קװאַרטאַלן פאַר די לערער און שטאָטישע באַאַמטע פון רמת־גן.

ביז איצט פלעגן מיר זיך מיט יעדן בױ־פּלאַן אָנטרעפן אױף באָדן־באַזיצער און הײַזער־אײגנטימער, װאָס יעדער אײנער פון זײ איז געװען האַרט װי אַ פעלז און אַן אינדיװידואַליסט װען מען דאַרף מותר זײַן אַפילו אױף צװײ־דרײַ פּראָצענט פון מגרש, לטובת װעלכן ס'איז כלל־ענין, אָנהײבנדיק פון אַ כביש און ענדיקנדיק מיט אַ שפּיל־פּלאַץ אָדער שולע אד"גל.

און אָט איז אונדז געגעבן געװאָרן אַ געלעגנהײט צו פּלאַנירן אַ טײל שטאָט מיט דער גאַנצער רחבות, װאָס איז נױטיק פאַר עפנטלעכע ערטער, פאַר קלײן און גרױס. איצט װעלן מיר קאָנען בױען ברחבות, ברײטע שאָסײען און גערטנער, און כדי עס זאָלן נישט זײַן קײן יוצאי־דופן, װעט

באַשטימט ווערן אַ שיינע און גרינע פאָרם. די עיריה וועט באַאַרבעטן די גערטנדלעך אינעם פראָנט און וועט אויפשטעלן „לעבעדיקע צוימען״; די הוצאות פון די דאָזיקע אַרבעטן וועלן אײַנגעשלאָסן ווערן אין שטייער־חשבון פון שיכון־באַוווינער. מיר האָבן לאַנג אונטערזוכט די זאַך און גע־זוכט מוסטערן פון אַזעלכע שטעט אין דער וועלט, ביז מיר האָבן אויס־געקליבן דעם פּאַסיקסטן פון זיי...״

אָבער אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג איז די הצלחה נישט געווען קיין פולשטענדיקע. עס זענען געווען סוביעקטיווע מיסדערפאָלגן, פעלערן פון די וואָס האָבן געטאָן אין דער זאַך, צי מיטן קבלנים־אויסוואַל, צי מיטן אויסוואַל פון די שיכון־קאַנדידאַטן.

און עס זענען געווען מיסדערפאָלגן, וואָס זענען נישט געווען אָפּ־הענגיק פון די וואָס האָבן זיך מיט דעם פאַרנומען, מיסדערפאָלגן וואָס די צייט און אָביעקטיווע באַדינגונגען האָבן זיי פאַראורזאַכט, ווי: כסדרדיקע שטייגערונג פון אַרבעטס־לוין און פונעם פרייז פון בוי־מאַטעריאַלן.

איך וועל נישט זאָגן, אַז די שכונה זעט ביי מיר אויס אַזוי, ווי איך האָב זי געזען אין מיין טרוים. און עס איז געווען אַ סך צער און פאַרדרוס און פאַרביטערונג און אַ סך אַנטוישונג, געלט־פאַרלוסטן פאַר דער עיריה און די משתכנים, אָבער: אויך דער דאָזיקער פאַרדרוס איז געווען אַן אויבנ־אויפיקער. די שוועריקייטן און די צרות וועלן פאַרגעסן ווערן און דער דאָזי־קער שיכון מיט זיינע טויזנטער באַוווינער, אויב אַפילו ער איז נישט אַזוי, ווי ער איז פלאַנירט געוואָרן מלכתחילה, איז ער נאָך אַלץ איינער פון די שענסטע אין לאַנד.

פון אינדוסטריע־ראַיאָן, דער פלאַץ פון אַרבעט און שאַפן — צו דעם ווינ־אָרט, דעם מענטשנס דירה, און פון דאָרט ווייטער אויף צפון־צו — צום מרחב. פון דער אַרבעט — אין שטוב אַריין, און פון דער שטוב — צום סטאַדיאָן.

וואָלט איך געקאָנט פאַרעפנטלעכן די קריטיק און באַשולדיקונגען, וואָס זענען אַרויסגערוקט געוואָרן אין רעדעס און אַרטיקלען פון די אָפּאָ־זיציע־רעדנער אין דער מועצה און אויף די שפּאַלטן פון געוויסע צייטונגען, וועלכע האָבן אָנגעגריפן די מערהייט אין דער עיריה בכלל און מיך בפרט, פאַר דעם לוקסוס און פאַרשווענדערישקייט מיטן אויפשטעלן דעם סטאַדיאָן, און אַנטקעגנשטעלן זיי די לויב־געזאַנגען און התפעלות, וואָס מען דריקט אויס, שריפטלעך און מינדלעך, אין אָנבליק פון סטאַדיאָן אין די אַלע גרויסע טעג פון מיליטערישע פאַראַדן, נאַציאָנאַלע פייער־טעג, אינטערנאַציאָנאַלע פאַרמעסטונגען, בעת צענדליקער טויזנטער מענטשן פילן אָן דעם סטאַדיאָן אין אַן אָרדענונג, פראַכט, שלל פאַרבן און מיט אַנטציקונג

פון דער אויגנפאַרכאַפּנדיקער רחבות. אויב איך וועל אַנטקעגנשטעלן די באַשולדיקונגס־ווערטער און די ליב־ווערטער און קאָמפּלימענטן (אויך פון פרעמדע, וועלכע האָבן שוין געזען סטאַדיאָנען אין דער וועלט) איינע קעגן די אַנדערע, וועט פאַר אַלעמענס אויגן אַרויסקומען בולט די שיטה, וואָס איך האָב אָנגעווענדעט אַלע מיינע יאָרן פון מיין טעטיק זיין אין רמת־גן: מיטן כוח פון טאַט, וואָס קומט פאַר די שיינע רייד.

יאָרן האָב איך געחלומט וועגן אַ ספּאָרט־סטאַדיאָן פאַר יוגנט — פאַר יוגנט, וואָס איז נישט באַצייכנט דווקא מיט אַן אָפּצייכן פון אַזאַ אָדער אַנדער פּאַרטיי, נאָר פאַר דער יידישער יוגנט בהא הידיעה, פאַר דער יוגנט, וועמענס עלטערן קומען פון שבעים גלויות און וואָס דער ספּאָרט איז ביי דער זייט פון מיליטער איינער פון די וויכטיקסטע שמעלץ־טעפּ פאַר איר, אַ צוזאַמענשמעלצן זיך אין איין פאָלק און אין אַ געזונט פאָלק, אַ מוסקול־יידנטום, ווי נאָרדוי האָט געחלומט.

מיטן דערווערבן דעם שרונה־באָדן איז געלייזט געוואָרן די פראַגע פון אַ פּלאַץ פאַרן סטאַדיאָן. למען האמת, האָט מען פריער געטראַכט נאָר וועגן אַ שיינעם ספּאָרט־פּלאַץ פאַר רמת־גן, נאָר „מיטן עסן קומט דער אַפּעטיט”. די ישראלדיקע ספּאָרט־וועלט האָט זיך געגרייט צו דער „מכביה”, דער ערשטער אין מדינת ישראל. זעקס חדשים פאַר דער „מכביה” האָבן מיר באַשלאָסן נעמען אויף זיך דאָס צוגרייטן אַ סטאַדיאָן פאַר איר.

עס איז געווען ווייניק צייט, נאָך ווייניקער איז געווען געלט. קיין שום הילף פון דרויסן איז נישט געגעבן געוואָרן. קיין אינטערפּעלאַציעס אין דער מועצה פון דער עירייה האָבן נישט געפעלט און — דער סטאַדיאָן איז געווען גרייט צו דער דערעפענונג פון דער „מכביה”. און עס איז מער נישט געווען קיין איינער, וואָס זאָל נישט מודה זיין, אַז אַ באַדייטנדיקער טייל פון איר הצלחה דאַרף פאַרעכנט ווערן אויפן חשבון פונעם אָרט. אויף דער דערעפענונג פון דער „מכביה” האָב איך געקאָנט אין מיין באַגריסונג זאָגן צווישן אַנדערן: „איך דאַנק די אַלע, וואָס האָבן אונז געהאָלפן אין בויען און באַזונדערס די, וואָס האָבן אונז נישט געשטערט”.

די אָפּאָזיציע איז אויך געווען קעגן דער סומע, וואָס מיר האָבן אַסיגנירט פאַר אויסבויען דעם סטאַדיאָן. אָבער וואָס האָבן מיר געקאָנט זאָגן און מיט וואָס האָבן מיר זיך געקאָנט באַרעכטיקן, ווען מיר האָבן איבער־געשריטן די אַסיגנירטע סומע און די הוצאות זענען איבערגעשטיגן אַלע אונזערע השערות? ווייל אין צווישנצייט זענען געקומען איינריכטונגען און פאַרפולקאָמונגען וואָס מען האָט פריער נישט פאָרויסגעזען. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט זאָגן אַ וואָרט. גערעכטע טענות...

אָבער היינט, ווען דער סטאַדיאָן, טראָץ דעם וואָס עס איז נאָך נישט

אײנגאַנצן אויסגעטענדיקט, איז געוואָרן אַן ערשטראַנגיקער רעפּרעזענטאַ־טיווער צענטער אין לאַנד פאַר מאַסן־אימפּרעזעס און פאַרן מיליטער און ספּאָרט און נעמט אויף ביז הונדערט טויזנט מענטשן. —

הײַנט באַרעכטיקט די פּרוכט פון דער טאַט אַלץ — אַפילו די פּאָר־מעלע פּגמים פון איבערשרײַטן דעם בודזשעט. עס זענען דאָך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט: אַ סטאַדיאָן? קריניציס אַ שגעון... אפשר איז דאָס געווען אַ שגעון. אויב אָבער דער באַגער צו זען רמת־גן אַ גרויסע איז אַ שגעון, און צו דעם דאָזיקן באַגער באַהעפט זיך אויך די טאַט און עס קומט אַזוי אַזאַ פּרוכט ווי אונזער סטאַדיאָן, צי דאַרף מען נישט זאָגן: געבענטשט זאָל זײַן אַזאַ שגעון?

און אחרון אחרון, דער לעצטער שגעון קריניציס: אַ נאַציאָנאַלער פּאַרק. וואָס? אַ פּאַרק? אין רמת־גן דווקא? אין אַ שטאָט, וואָס איז געבענטשט מיט גערטנער, אַכצן גערטנער במספר ח״י?

יאָ, אין רמת־גן וועט אַנטשטיין און זײַן דער ערשטער נאַציאָנאַלער פּאַרק אונזערער.

צי דאַרף מען נאָך, נאָך דעם אַלעם וואָס איז דערציילט געוואָרן אין דעם בוך, איבערצײַגן עמיצן, אַז די רמת־גנער גערטנער זענען מיר ליב ממש ווי די קינדער מײַנע, ווײַל איך האָב דאָך זיי כמעט מיט די אייגענע הענט אויפגעהאָדעוועט און אַנטוויקלט? און פונדעסטוועגן... זעענדיק די גרויסע פּאַרקן אין די וועלט־שטעט, האָב איך זיך מתקנא געווען אין זייער רחבות און איך האָב איינגעזען, אַז בעצם האָבן מיר נישט קיין גערטנער, נאָר גערטנדלעך. און געלויבט איז גאָט און די הילף פון אונזערע קינדער, די העלדן, וואָס אַדאַנק זיי האָבן מיר אויפגעהערט מעסטן אונזער ערד מיט מעטערס און דונאַמען און נאָך די דײַטשן און ענגלענדער, וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן, אָדער זיך עוואַקואירט, איז געקומען די ריי פון אונ־זערע שונאים, די אַראַבער, וועלכע האָבן פאַרלאָזט גוטע ערד־שטחים און מיר זענען באַרײַכערט געוואָרן. און אויב אַזוי — נישט פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן חלום, וואָס איז געווען באַהאַלטן טיף־טיף אין מײַן קנאה־פול האַרץ? פאַרוואָס נישט אויפשטעלן דעם גרויסן פּאַרק פאַר טויזנטער קליינע און גרויסע שפּאַצירער? דער פּאַרק וועט זײַן ווי לונגען פאַרן פאָלק, צו אָטע־מען דורך אים רײנע און פרישע לופט.

אָבער פאַר דעם צוועק איז אונז מער נישט געבליבן קיין באָדן פון דער שרונה־דעראָבערונג, דאָס מאָל איז די „רמת־גנער אימפּעריע" גע־צוווּנגען צו דעראָבערן דעם פּאַסיקן שטח פאַר דעם צוועק פון די הענט פון... מדינת ישראל.

אַ סך מיניסטאָרן האָבן מיר, ברוך השם, און אַלע זענען זיי קלוגע

פקחים און באַזאַכטע מענטשן, פאַרשטייט זיך, ווי וועל איך קומען צו אַזעלכע מענטשן מיט מיין „שגעון״? איך וועל דאָך אַפילו נישט קאָנען אָנווייזן אויף קיין איין־און־איינציקן דאָלאַר, וואָס דאָס וועט אַרייננברענגען תיכף ומיד דעם מדינה־אוצר?

נישטאָ קיין ברירה, מען דאַרף פּרובירן רעדן צו איינעם פון זיי. איך האָב געזוכט אַ שותף און געפונען אים אינעם פּרעמיער־מיניסטער, וועלכער איז אויך פון די טרוימער און וויזיאָנערן אין דער ווייטער צוקונפט. צו זיין שבח וועל איך אונטערשטרייכן, אַז עס זענען נישט געווען גויטיק קיין גרויסע באַמיונגען, כדי צו געווינען זיין מיטאַרבעט — דער מענטש איז געווען דוד בן־גוריון, וועלכער האָט געהאָלפן מיט וואָס ער האָט גע־קאָנט און צו יעדער צייט ווען איך האָב זיך נאָר צו אים געווענדעט. ער האָט בלויז געפרעגט: ווו וועט מען נעמען דאָס געלט צו פינאַנסירן דעם פּאַרק. איך האָב געענטפערט: איך ווייס נישט; נאָר אַזוי ווי דער ציל איז אַ גוטער וועט זיך אויך געפינען דאָס געלט. געוויס וועט דאָס נישט אָנ־קומען לייכט, אָבער וועלכע גוטע זאַך רעאַליזירט זיך לייכט?

דוד בן־גוריון, דער פּרעמיער־מיניסטער, האָט אויפגעשטעלט אַ רעגי־רונגס־קאָמיסיע, צו וועלכער איך בין צוקאָאָפּטירט געוואָרן אַלס מיטגליד.

די רעגירונגס־קאָמיסיע האָט דערלאַנגט איר פאָרשלאָג דעם פּרעמיער־מיניסטער און י״ז אלול תש״י האָט די רעגירונג, אויפן פאָרשלאָג פון פּרע־מיער־מיניסטער, באַשטעטיקט דאָס אויסטיילן 1500—1300 דונאַם גוטן באָדן פון די פאַרלאָזענע באַדנס פאַר אַ „נאַציאָנאַלן פּאַרק״ פאַר די איינוווי־נער פון רמת־גן און אומגעגנט.

דער פּאַרק האָט, פאַרשטייט זיך, אַ פיל ברייטערע באַשטימונג ווי זיין אַ באַפּוצונג פאַר דער שטאָט, אָדער אַ שולע פאַר די קינדער פון דער זומער־קאָלאָניע, ווי איך האָב שוין אויבן געשילדערט. דער נאַציאָנאַלער פּאַרק דאַרף אויסטילן אַ גרויסן בלויז ביי אונז — זיין דאָס, וואָס איז פאַראַן ביי כמעט אַלע קולטור־פעלקער: אַ פאָלקס־גאָרטן, נישט בלויז פאַרן אויג, נאָר אויך אַן אָרט פאַר דערהאָלנדיקן פיזישן און גייסטיקן אָפּרו ממש; אַן אָרט, וווהין עס קאָנען קומען משפחות, גרופּעס גאַנצע, און פאַרברענגען צווישןביימער און אויפן גראָז לאַנגע שעהן און אַפילו אַ גאַנצן טאָג; אַן אָרט, ווו עס וועלן זיין איינריכטונגען פאַר קינדער־שפּילן און אַ ביב־ליאָטעק פאַר דערוואַקסענע און שיפלעך צו שיפן זיך אין אַן אָזיערע פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט דאָס ליב, און אַ פאָלקס־רעסטאָראַן מיט זעלבסט־באַדינונג, ביליק און געשמאַק. נישט מער אין ענגשאַפט שטייענדיקע בענק אין שמאָלע, פאַרשטויבטע אַלייען, איבעם געליאַרם פון אויטאָבוסן אַרום, נאָר אַ רחבות פון גראָז און בוים און וואַסער פאַר דעם מענטשנס רחבות.

אויפֿן לעצטן צונױפֿמענאָר פֿון די בירגערמײַסטער האָבן מיר געהערט פֿון ספּעציאַליסטן פֿאַר דער זאַך און אױפֿן סמך פֿון קאָנטראָלירטע װיסנ־שאַפֿטלעכע און סטאַטיסטישע פֿאַקטן אַז אין די שטעט, װו עס זענען פֿאַראַן אַ סך עפֿנטלעכע גערטנער, פֿאַרקלענערן זיך די יוגנט־פֿאַרברעכנס. דאָס איז אַ פֿאַקט, װאָס געפֿינט זײַער לײַכט זײַן סטאַטיסטישע באַשטעטיקונג אויך בײַ אונדז, אין רמת־גן, נישט געקוקט אויף דער דינאַמישקייט פֿונעם פֿונאַנדערװוקס. דער פּראָצענט פֿון יונגע פֿאַרברעכער אין רמת־גן איז כּמעט אַ נישטיקער אין פֿאַרגלײַך מיט אַנדערע ערטער אין לאַנד.

און דאָ קום איך צו מײַן... װײַנגאָרטן ממש.

מיר פּלאַנעװן אין נאַציאָנאַלן פּאַרק אַ װײַנגאָרטן אויף אַ שטח פֿון זיבעציק דונאַם. אַ דאַך־װײַנשטאָק ממש מיט קלעטערער און אָנשפּאַרן פֿון בעטאָן־סלופּעס, װאָס זענען שױן אָװעקגעשטעלט געװאָרן. אַ שטח פֿון זיבעציק דונאַם, װאָס זײַנע װענט און זײַן דאַך װעלן זײַן בלױז פּרוכט־געבנדיקע װײַנגערטנער.

און מען האָט מיך שױן געפֿרעגט, און די אײביקע סקעפּטיקער פֿרעגן װידער אַמאָל און װידער אַמאָל: צי פֿאָלט דיר אײַן, אַז די װײַנטרױבן, װאָס דו שאַצסט אָפּ אין ריזן קװאַנטומס און לײגסט אויף זײ אויך האָפֿע־נונגען, אַז זײ װעלן דעקן די הוצאות פֿון פּאַרק, װעלן רײַף װערן אין װײַנשטאָק און די יונגע שטיפֿער װעלן זײ נישט אַראָפּנעמען?

און מיט דער פֿולסטער זיכערקײט ענטפֿער איך:

ניין. זײ װעלן זײ נישט אַראָפּנעמען. מיר װעלן אײַנפּלאַנצן אין זײ דאָס געפֿיל, אַז דאָס איז זײערס. מיר װעלן אין זײ אײַנבירגערן דעם טעם און די הנאה פֿון עסן טרױבן גלײַך פֿונעם װײַנשטאָק, אָפּגעשװענקטע אין נאָענטן װאַסער, אין מויל אַרײַן, און פֿאַרן פּרײַז פֿון עטלעכע פּרוטות. די שײנקײט װעט פֿאַרפֿליכטן און אויך דאָס אײגנטום־געפֿיל װעט פֿאַרפֿליכטן. אין נאַציאָנאַלן פּאַרק פּלאַנצן מיר נישט בלױז בױמער און בלומען. מיר פּלאַנצן אין אים אויך קולטור.

און זי װעט בליִען אין פּראַכט.

אַ פּאַרק איז נישט קײן סטאַדיאָן, װאָס מען שטעלט אויף פֿון בעטאָן־שטײן און ערד. אַ פּאַרק פֿאַרפּלאַנצט מען און ער װאַקסט. אין אונדזער פּאַרק װאַקסט שױן. און איך בין אַ גרױסער אָפּטימיסט און איך װײס, אַז מיט יעדן פּלאַנץ װעלן װאַקסן די צרות, אָבער איך בין נאָך אַ גרעסערער אָפּטימיסט און איך װײס, אַז די צוקונפֿט פֿונעם פּאַרק װעט זײַן װי די צוקונפֿט פֿון די „שגעונות", קלײנע און גרױסע, װאָס איך האָב געהאַט זינט דער גרינדונג פֿון רמת־גן. עס איז פֿאַראַן אַ ברכה אײנעם טאָן, עס איז פֿאַראַן אַ טאָפּלטע ברכה אין אַ טאָן, װאָס גײט אין דער ריכטונג פֿון רחבות

און גרויסקייט. און ווי איך האָב זוכה געווען צו זען פריערדיקע אונטער־נעמונגען, אינדוסטריע, שיכון, סטאַדיאָן, וועל איך נאָך זוכה זיין צו זען דעם גרויסן און רחבות־ידיימדיקן נאַציאָנאַלן פּאַרק, וואָס מוטערס מיט זייערע קינדער, און ייִנגלעך און מיידלעך וועלן אים אויספּילן פאַר זייער געזונט און לעבנס־פרייד.

און אין שאָטן פון דער זיך אויסברייטערנדיקער רמת־גנער אימפּעריע וועלן געניסן צענדליקער טויזנטער „אונטערטאַנען" אירע און פּונקט ווי דער סטאַדיאָן האָט איבערגעשריטן די ראַמען פון אַ רמת־גנער ספּאָרט־פּלאַץ, אַזוי וועט אויך דער „נאַציאָנאַלער פּאַרק" דינען פאַרן ווילזיין און פאַרגעניגן נישט בלויז פון די איינוווינער פון דער רמת־גנער אימפּעריע, נאָר פאַר דער גאַנצער ישׂראלדיקער אימפּעריע, אַזוי זאָל זי וואַקסן און אַזוי זאָלן זיך מערן אירע קינדער־בויער.

און פאַר דעם אַלעם וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן, זאָל אויך געגעבן ווערן אַ דאַנק די אַלע, וואָס זענען געווען שותפים צו דער טאָט און שותפים צו די צרות, די מיטגלידער פון דער מועצה און די אַרבעטער פון דער עיריה און איבער אַלע — די איינוווינער פון רמת־גן, וואָס שענקען מיר זייער צוטרוי איבער דרייסיק יאָר. פון זיי האָב איך געשעפּט מוט און גלויבן און כוח אין מיין טאָט.

# אין דער שולע פאַר בירגערמייסטערס

למען האמת האָב איך זעלבסט נישט געענדיקט אַזאַ שולע און אויב מען זאָגט, טראָץ דעם, אַז איך געהער נישט צו די ערגסטע בירגערמייסטערס אונזערע, איז עס נאָר צוליב דעם כּוח פון טאַט. און פונדעסטוועגן דוכט זיך מיר, אַז עס וועט גאָרנישט שאַטן, אויב די יונגע וועלן באַקומען עטלעכע „לעקציעס" אין דער לערע. און איך בין דאָ נישט אויסן מיט דעם קיין שולע ממש, מיט אַ דיפּלאָם אָדער טיטל דאָקטאָר־בירגערמייסטער. איך בין נאָר אויסן אַביסל דערציִונג און פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אַדמיניסטראַציע פון יונגן עלטער אָן. אין אונזער צייט איז אַביסל אַנטווערטעט געוואָרן דער באַגריף בעל־הבית דערפאַר, ווייל געוויסע סאָציאַלע טעאָריעס האָבן געלערנט צו זען אין דעם באַגריף אַ צוגעהעריקייט צו אַ קלאַס פון עקספּלאָאַטאַציע, אַ ווירקלעכע אָדער אַ מכלומרשטע. דאַקעגן איז פאַרגעסן געוואָרן אַן אַנדער ביז גאָר פּאָזיטיווע זייט — אחריות. אַז דו זאָגסט אויף עמיצן: ער איז אַ בעל־הבית, מוזסטו נישט דווקא טראַכטן וועגן קאַפּיטאַליזם, נאָר וועגן דעם אַנדערן מיין פון דעם באַגריף — דעם מענטשנס אחריות פאַר אַ שטוב, פאַר זיין שטוב. און דעריבער, רעדנדיק אין דעם קאַפּיטל וועגן דערציִונג צו שטיין אין שפּיץ פון אַ שטאָט, אָדער צו אַ וועלכער ס'איז אַנדער אויפגאַבע אין שטאָט, בין איך אויסן דאָס דאָזיקע געפיל פון אייגנטום, פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

אָט, למשל, האָט מען מיר דערציילט וועגן אַ גרופּע יוגנטלעכע, וואָס איז געווען אויף אַן אויספלוג און האָט אומעטום, ווו זי האָט באַזוכט, איבערגעלאָזט נאָך זיך צעשטערונג און פאַרניכטונג. אָנקומענדיק אין דער יוגנט־אכסניה אין ירושלים האָט עמיצער געפּרוווט ראָטן דעם לייטער פון דער „אכסניה", ער זאָל פאַרשליסן די טירן פאַר דער דאָזיקער כּנופיה. אָבער דער מנהל האָט נישט אָנגענומען די דאָזיקע לייכטע עצה. ער האָט אַריינגעפירט די גרופּע יונגוואַרג און געזאָגט צו זיי בזו הלשון: גייט אַריין, כּל זמן איר זענט דאָ — איז דאָס אייערס.

זיי זענען אַריינגעגאַנגען, זיי האָבן אינעווייניק געזען די מוסטערהאַפטע אָרדענונג און ריינקייט און מיטאַמאָל, ווי מיט אַ כּישוף־שטעקעלע, האָט זיי באַהערשט גאָר אַן אַנדער גייסט. זיי האָבן איינער צום אַנדערן

געזאָגט אין דער שטיל: ריר נישט אָן, זיי פּאַרזיכטיק. און די גאַנצע צייט פון זייער ווײַלן אין דער „אכסניה", איז אַלץ איבער אין אַ מוסטערהאַפ־טער אָרדענונג. בעתן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ האָט זייער מדריך זיי גע־פרעגט: פאַרוואָס זענט איר אומעטום פריער געווען אַזוי צעשטערעריש און אויף דעם פּלאַץ נישט? און זיי האָבן געענטפערט: ווייל אויף יעדן פּלאַץ האָט מען אונז אויפגענומען מיט זיבן און זיבעציק פאַרבאָטן. דאָס נישט און דאָס נישט און נישט און נישט. דאָ האָט מען אונז פּלוצים גע־זאָגט, אַז עס איז אונזערס, מיר האָבן דערפילט אַן אחריות. דאָס האָט אונז פאַרפליכטעט.

און ווירקלעך: איך זע אין דעם אַ וויכטיקן שליסל אין דער דערציונג צו בירגערשאַפט און איך בין דאָ אויסן, פאַרשטייט זיך, צו שטאָט־ביר־גערשאַפט. כאָטש עס איז שוין במילא, אַז ווער עס איז אַ גוטער בירגער אין דעם געזעלשאַפטלעכן קעמערל, וואָס הייסט אַ דאָרף, אָדער אַ שטאָט, וועט ער שוין אויך זיין אַ גוטער בירגער אין דער מדינה. און דעריבער האָב איך געלייגט אַכט, אַז אין די עפנטלעכע גערטנער אונזערע זאָלן זיין וואָס ווייניקער וואָרענונגס־שילדן. דער דגש איז אויפן אייגנטום־געפיל. דו בירגער, דו יוגנטלעכער, דו קינד — דאָס דאָזיקע גראָז איז דאָך אייערס, איז דאָך דיינס. באַגיי זיך מיט אים אַזוי ווי דו באַגייסט זיך מיט דיין צימער, מיט דיינע חפצים.

און — דאָס האָט געווירקט.

אָבער איצט בין איך צוגעטראָטן צו אַן עקספּערימענט אין אַ פיל ברייט־טערן מאַסשטאַב. איך האָב באַשלאָסן צו קאָנצענטרירן אין איין אונטער־נעמונג דריי צילן:

א). דאָס פּראָבלעם פון די זומער־קאָלאָניעס.
ב) אָנהייבן רעאַליזירן דעם פּראָיעקט פון נאַציאָנאַלן פּאַרק.
ג). די דערציונג צו בירגערשאַפט, וואָס ווערט אויבן באַהאַנדלט.

ווי אַזוי פאַראייניקט מען די אַלע דריי אין איין אונטערנעמונג? זייער פּשוט: אָנשטאָט די צעשפּליטערטע זומער־קאָלאָניעס אין אַלע שטאָטישע גערטנער, וואָס רופט אַרויס פיל אָנקלאָגעס פון מוטערס מיט פּיצלעך קינ־דער אין זייערע וועגעלעך, האָבן מיר דעם זומער פון יאָר תשי"ז אויפגע־שטעלט איין צענטראַלע זומער־קאָלאָניע פאַר 1200 קינדער און אם ירצה השם, אַז דער עקספּערימענט וועט געלונגען, וועלן מיר די קאָלאָניע אויס־ברייטערן אין קומענדיקן יאָר אויף 2000 קינדער.

דער פּלאַץ פאַר אַזאַ זומער־קאָלאָניע איז דער נאַציאָנאַלער פּאַרק, וואָס איז נאָך, וואָס אַן אמת, נישט געעפנט געוואָרן פאַרן געברויך פון די

ברייטע מאַסן, אָבער עס האָט זיך שוין געפונען אין אים דער פּלאַץ אויפ־צונעמען די דאָזיקע זומער־קאָלאָניע.

דאָס פאַרוואַלטן מיט דער דאָזיקער קאָלאָניע און צוזאַמען מיט דעם די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אָרדענונג און ריינקייט פון די קינ־דער און פון דעם טייערן רמת־גנער גוט, וואָס הייסט „דער פּאַרק", איז איבערגעגעבן געוואָרן די קינדער גופא. עס איז פון צווישן זיי אויסגע־קליבן געוואָרן אַ בירגערמייסטער, עס זענען באַשטימט געוואָרן „שוטרים" און דאָס זעלבע אויך מיט די אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנעלע פונקציעס אין דער זומער־קאָלאָניע.

ווי אין יעדן אויפטו פון אַזאַ שטייגער, זענען, פאַרשטייט זיך, אויך דאָ געווען פיל צווייפלער און אָפּלאַכער. אָבער צו מיין גרויסער פרייד און צו דער גרויסער פאַרוווּנדערונג פון די אייביקע סקעפּטיקער איז דער עקספּערימענט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. די לערערס און די אויפזעער, וועלכע געפינען זיך, פאַרשטייט זיך, אויפן אָרט ווי פּאַסיווע אַבסערוואַטאָרן, זענען כמעט מיט גאָרנישט נישט באַלעסטיקט געוואָרן. די קינדער ווייזן אַרויס נישט בלויז פעיקייט און ענערגיע, נאָר פאַר אַלעם — און דאָס איז וויכטיקער פון אַלץ — אַן ערנסטע באַציונג צו דער זאַך. דאָס דאָזיקע געפיל, אַז זיי זענען בעלי־בתים אויפן שטח, לייגט אַרויף אויף זיי די אחריות און אויך די ליבשאַפט.

און דאָס איז דער סוד פונעם דערפאָלג פון דעם עקספּערימענט.

# איך האָב געאַקערט, געזייט און געשניטן

קורץ איז דעם מענטשנס לעבן און פול מיט מי און אַנטוישונג. דער־ריבער איז עס אַ גרויסער זכות פאַר אַ מענטש צו דערלעבן די גרויסע ענדערונג צום גוטן, צו זען ווי דער חלום, וואָס ער האָט געחלומט, באַמט אָן הויט־און־פלייש און אַ רוח־חיים.

איך בין גליקלעך, וואָס איך האָב זוכה געווען —

וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען ווי פון די קליינע פלאַנצן, וואָס איך האָב פאַרפלאַנצט, זענען אויסגעוואָקסן גרויסע בוימער, שטאַרקע און ברייט־פאַרצווייגטע, וואָס גיבן שאָטן פאַר טויזנטער מענטשן, פאַר יידישע מוטערס און וווּנדערלעכע יידישע קינדער, וואָס פלאַטערן אַרום צווישן זיי ווי די פייגעלעך;

וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען אַ יידישע געווער־אינדוסטריע: קוילן, צענדליקער טויזנטער קוילן, וואָס גייען אַרויס ציכטיקע פון יידישע געווער־פאַבריקן. יידישע בחורים און מיידלעך קאָנטראָלירן זיי מיט ליב־שאַפט און פאַרפאַקן זיי זאָרגפעליק און פריי, נישט שרעקנדיק זיך פאַר קיינעם; גיסן מאָדערן געווער, פילן אָן פאַרפולקאָמטע באָמבעס, פון גראַ־נאַטן ביז לופט־באָמבעס פאַר אַזעלכע קאַליברען, וואָס אַפילו אין חלום האָב איך זיי נישט געזען — און יידישע הענט, פון אַלע עדות און שיכטן, מאַכן דאָס אַלץ אונטער דער יידישער פאָן;

וואָס איך האָב זוכה געווען דאָס צו זען, נאָך די פינצטערע קעלערן, ווו איך פלעג אַראָפּגיין, כדי צו לערנען יידישע קינדער די מלאכה פון אָנפילן די פרימיטיווע גראַנאַטן; נאָך פייכטע געווער־מאַגאַזינען, אָן לופט און אָן ליכט, ווו עס זענען געלעגן די טייערע כלים, די זייער טייערע, ווייל פון זיי איז געווען אָפּהענגיק אונזער לעבן, אונזער פרייהייט, אונזער כבוד, די דאָזיקע טייערע כלים פלעגן דאָרט זשאַווערן אין דער פייכטקייט;

וואָס איך, איינער פון די ייִנגלעך פונעם טרוימער פון יידישן מיליטער, מיכאל האַלפּערין, איינער פונעם דור פון קינזשאַל־ראָמאַנטיק — האָב זוכה געווען צו זען יידישע בחורים מאַרשירן איבער די גאַסן און שאָסייען אונ־

טער דער פאַן פון יידישן מיליטער און מיט זיי — טראַנספּאָרט־כלים און פאַנצער־געווער און האַרמאַטן, און יידישע באָמבאַרדיר־אַעראָפּלאַנען איבער זייערע קעפּ, ווי אויסגעשפּרייטע ערן־פּענער;

וואָס איך האָב זוכה געווען און דערגאַנגען — פון יענעם טאָג, ווען מען האָט מיך געשלעפּט פון אַן אַראַביש שיפל צום רוסישן קאָנסולאַט אין יפו, און איך בין פון דאָרט אַנטלאָפן, — און צוגעזען דעם פאַנאַנדער־פאַל פון דער אָטאָמאַנישער הערשאַפט און נאָך מער — דעם פאַנאַנדערפאַל פון דער בריטישער מאַכט מיט אירע פעסטונגען, מיליטער, הויך־קאָמיסאַרן, פּאָליציאַנטן און געהיים־אַגענטן, טורמעס און אינטערנירונגס־לאַגערן, רעפּרעסיעס און רעוויזיעס; וואָס איך האָב זוכה געווען, נאָך דעם אַלעם, אַז אַ בריטישער קאָנסול זיצט אין רמת־גן, אין באַפרייטן טייל פון ארץ־ישראל;

וואָס איך האָב זוכה געווען אין דער פרייער מדינת־ישראל פאָרצוזעצן און פירן מיין געזעלשאַפטלעכן קאַמף פאַר דער פרייהייט פונעם בירגער, פון זיין איניציאַטיוו און שאַפונג לטובת דעם פאָלק;

און אחרון אחרון — וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען די ברכה אין דעם אַלעם, וואָס איך האָב געטאָן פאַר מיין גאָרטן, פאַר מיין רמת־גן.

*

צי קאָן זיין נאָך אַ גרעסערע באַלוינונג פאַר דער מי פון אַ מענטש, וועלכער האָט נאָך איבער דרייסיק יאָר, וואָס ער האָט געווידמעט פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ ווינקעלע אין זיין היימלאַנד, ווי דערלעבן און זען ווי דאָס אָרט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ שכונה מיט 750 נפשות אין אַ שטאָט מיט 85.000 נפשות, כן ירבה! פון אַן אָרט אָן וואַסער און אָן אַ וועג — אין אַ פּערל אין דעם שנירל פּערל פון אונזער לאַנד. אַ שטאָט פון אַרבעט און אינדוסטריע, אַ שטאָט, וועמענס ערשטער ערן־בירגער איז אַזאַ מענטש מיט גרויסן גייסט און וויסן ווי פּראָפעסאָר יוסף קלויזנער; אַ שטאָט, וואָס איר ערד האָט אין זיך איינגעזאַפּט דאָס בלוט פון דב גרונער, פון די הרוגי מלכות, און דאָס בלוט פון די שוץ־לייט, וואָס זענען געפאַלן באַוואַכנדיק אירע גרענעצן, אַ שטאָט וואָס האָט מקריב געווען אין באַפרייאונגס־קריג איבער הונדערט פון אירע בעסטע קינדער; אַ שטאָט, וואָס האָט נישט אירס גלייכן מיט די גערטנער און פּאַרקן, גרינס און שאָטן, און קינדער פאַרמאָגט זי, פּרעכטיקע קינדער, וואָס האָבן ליב און רעספּעקטירן יעדן בוים אירן, יעדן געוויקס, און אפשר אויך אַביסל דעם „אַלטן" אירן...

איך בין גליקלעך, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען דאָס אַלץ און דאָפּלט גליקלעך בין איך, וואָס איך זע נישט בלויז דאָס, וואָס איז פאַראַן, נאָר אויך דאָס, וואָס עס פעלט נאָך, — די דערווייל נאָך ליידיקע שטחים, וואָס דאַרפן באַדעקט ווערן, וואָס דאַרפן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מאָזאַיק פון גערטנער, פאַבריקן, שולן און גייסט־טעמפּלען, כדי עס זאָל בליען אויף זיי אַ שטאָט פון אַ פערטל מיליאָן יידישע נפשות, אַ שטאָט פון אַרבעט און קולטור, אַ שטאָט פון יידישער פראַכט און יידישער קראַפט!

אמן, כן יהי רצון!

# באמערקונגען

זייט 17 — **ישראל קאַרנגאָלד** — פון די ערשטע מיטגלידער פון „השומר", וואָס איז געפאַלן אין קאַמף אויף דער שמירה אין סעדזשערא, גליל התחתון.

**לייב יפה** — געוועזענער יושב־ראש פון „קרן־היסוד", דער פּאָעט פון נאַציאָנאַלער דערוואַכונג.

**ישראל שוחט** — פון די גרינדערס פון „השומר".

זייט 20 — **ד"ר נופך** — אַ סטודענט, וואָס האָט שטודירט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, כדי צו ווערן שופטער אַ יוריסט אין ישראל. דער ערשטער יידישער ריכטער ביי דער ענגלישער רעגירונג אין צייט פון מאַנדאַט.

**„מעסאַזשערי"** — אַ פראַנצויזישע שיפס־געזעלשאַפט.

**מעדזשידע** — בערך 4 דעמאַלטיקע פראַנצויזישע פראַנק.

צו יענער צייט זענען די קאָנסולן אין ארץ־ישראל געווען די „באַלע־באַטים" איבער די בירגער פון זייער לאַנד.

זייט 23 — **„בישליק"** — טערקישע מטבע אין ווערט פון אַן ערך היינטיקע 50 פרוטה. איין בישליק — 10 מעטאַליקס.

זייט 24 — **ח"ה און יחזקאל פאַנקין** — חברים פון „השומר" פון דער האָ־מעלער גרופּע.

זייט 25 — **דזשעדעם** — „חברה־לייט".

זייט 27 — **אַלעקסאַנדער זייד** — פון די ערשטע חברים פון „השומר".

זייט 28 — **זאַבלודאָוויטש** — אַ פּערזאָן, וואָס האָט באַשעפטיקט בלויז יידישע אַרבעטער.

**„בחור־אַרבעט"** — דאָס אויסגראָבן גריבער פון אַ האַלבן מעטער די טיף, כדי צו באַזייטיקן דאָס ווילד־גראָז.

זייט 35 — **מאיר דיזענגאָף** — גרינדער און ערשטער לאַנג־יאָריקער בירגער־מייסטער פון תל־אביב.

זייט 43 — **דזשאַמאַל פּאַשאַ** — הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער 4־טער און 7־טער אַרמיי אין טערקישן מיליטער. הערשער און טיראַן איבער אַלע שטחים פון סיריע און ארץ־ישראל. דערהרגעט געוואָרן אין שוייץ דורך אַן אַרמענער אַלס נקמה פאַר די אַרמענער־שחיטות.

